# שרייבט אויס, לייענט און פארשפרייט

# „סאוועטיש היימלאנד“

אינעם נייעם, 1964 יאר ווערט דער זשורנאל „סאוועטיש היימלאנד“ פארגרעסערט אף צוויי דרוקבויגן און וועט אנטהאלטן 160 זייטן. „סאוועטיש היימלאנד“ באקומט אזויארום א מעגלעכקייט נאך פולער צו באפרידיקן דעם אינטערעס צו דער יידישער סאוועטישער ליטעראטור.

פאר דריטהאלבן יאר פון זיין עקזיסטענץ האט אונדזער זשורנאל פארעפנטלעכט א גרויסע צאל ליטערארישע ווערק פון פארשיידענע זשאנרען. פיל פון זיי האבן צוגעצויגן די אופמערקזאמקייט פון די לייענער.

אין 1964 וועט „סאוועטיש היימלאנד“ פארזעצן צו דרוקן די בעסטע ווערק פון די יידישע סאוועטישע שרייבער, פון די אנגעזעענסטע פארשטייער פון די ברידערלעכע סאוועטישע ליטעראטורן, פון די פראגרעסיווע שרייבער פון אויסלאנד, ווי אויך ניט פארעפנטלעכטע ווערק פון דער ליטערארישער ירושע.

שוין אין ערשטן נומער פונעם קומענדיקן יאר וועט אונדזער לייענער זיך באקאנען מיט א ניט פארעפנטלעכטן ראמאן פונעם גרויסן ווארט־קינסטלער דער ניסטער, מיטן צווייטן טייל פון נאטע לוריעס ראמאן „הימל און ערד“, מיט א ציקל נייע נאוועלן פון יעכיעל שרייבמאן אא.

די אנגעזעענסטע יידישע פראזאיקער גרייטן פאר „סאוועטיש היימלאנד“ ראמאנען, דערציילונגען אף היינטצייטיקער טעמאטיק, פארצייכענונגען, פאמפלעטן, הומאָרעסקעס. פילארטיק וועט זיין פארגעשטעלט אינעם נייעם יאר די דיכטונג. אין אפטייל פון ליטעראטור און קונסט וועלן פארעפנטלעכט ווערן אפהאנדלונגען וועגן פארשיידענע ליטעראטור־פראבלעמען. ברייט וועלן אפגעמערקט ווערן אין 1964 די געבורטס־דאטעס פון די גרונטלייגער פון דער יידישער סאוועטישער ליטעראטור דאוויד בערגעלסאן, אשער שווארצמאן, דאוויד האפשטיין, דער ניסטער. עס וועלן געדרוקט ווערן ליטעראריש־פאלעמישע ארטיקלען, ליטערארישע פארטרעטן, עסייען, דערינערונגען וועגן שרייבער און קונסט־טוער, ארטיקלען איבער פראגן פון ליטעראטור־קענטעניש און שפראך, רעצענזיעס אף נייע ביכער, ביבליאגראפישע מאטעריאלן.

אין 1964 וועט דער זשורנאל פארברייטערן די אפטיילן „טריבונע פון לעבן“, „סאטירע און הומאר“, כראניק. דער לייענער וועט געניי אינפארמירט ווערן וועגן ליטערארישן לעבן בא אונדז אין לאנד און אין אויסלאנד. לויטן פארלאנג פון די לייענער וועט אופגעשטעלט ווערן דער אפטייל „לאמיר זינגען נייע לידער“ און עס וועלן איינגעפירט ווערן שטענדיקע רובריקעס: „אונדזערע פובליקאציעס“, „פון אלטע קוועלן“ אא.

די אבאנירונג ווערט אנגענומען אן באגרענעצונגען אין אלע פאטשט־אפטיילונגען און דורך די געזעלשאפטלעכע פרעסע־פארשפרייטער אין די אונטערנעמונגען און אנשטאלטן.

די אבאנעמענט־פרייז אף א יאר 3 רובל. פרייז פון אן איינצל־נומער 50 קאפ.

# סאָוועטיש היימלאַנד

צווייכוידעשדיקער
ליטעראַריש-קינסטלערישער זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון פסמר

דריטער יאָרגאַנג

סענטיאַבער 5 אָקטיאַבער

1963

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

# אינהאַלט

זייט



## ליטעראַטור און קונסט



**הויפּט־רעדאקטאָר** א. ווערגעליס.
**רעדקאָלעגיע:** ה. אָשעראָוויטש, אי. באָרוכאָוויטש, א. גאָנטאר, מ. טייף, נאָטע לוריע, מ. לעוו (**פאראנטוואָרטלעכער סעקרעטאר**), ב. מילער, י. פאליקמאן, ס. פרײַ, י. ראבין, ר. רובין.

# כאַים מעלאַמוד

# שוועסטער



## 1

— גרינע זשאַבע!

— דאַרע קישקע!

און ביידע הייבן אָן שלעפּן איינע די אַנדערע באַ די דינע צעפּלעך, גראַבלען מיט די נעגל די רויט געוואָרענע פּענעמלעך, קנײַפּן זיך די הענט מיט אָזעלכע איידעלע, „פּריצישע“ קניפּעלעך. דערבײַ פֿאַרקריצן ביידע די ציין, און מער הערט מען ניט קיין וואָרט, בלויז אַ לאַנג אויסגעצויגענעם קוויטש, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ היכצן. לויפֿט אַרײַן פֿון קיך די מאַמע און הייבט זיי אָן פֿאַנאַנדערנעמען און שילטן — פֿריִער די „מוידן“, דערנאָך זיך אַליין. נאָר ס'העלפֿט ניט. בלײַבט נאָר וואַרטן אַפֿן טאַטן. ער דאַרף זיך אויפֿהייבן פֿון זײַן בענקל, אויסגלײַכן די קריזשעס, אַ קלאַפּ טאָן מיטן שערל אין טיש און אויסקרעכצן:

— אָבער גענוג שוין!..

און דערנאָך מיט אַ טיפֿן זיפֿץ:

— אוך... טונעיאַדקעס...

ס'האָט קיינער ניט געוווסט, וואָס דאָס וואָרט באַטײַט. דער טאַטע אַליין עפּשער אויך ניט. נאָר מע האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן, וואָס ער מיינט דערמיט:

— ביזוואַנען וועט איר זיצן באַ מיר אַפֿן קאַרק, ביזוואַנען וועט איר מיר פֿאַרומערן דאָס לעבן. ווען וועל איך שוין פֿון אײַך פֿאַטער ווערן? איבער אײַך שיר דאָס שטיקל אַרבעט ניט געפּאַטערט.

אַזוי ברייט און לאַנג האָט אויסגעטײַטשט דאָס וואָרט נאָר די מאַמע. זיי, די „מוידן“, האָבן דאָס אויסגעטײַטשט פֿיל קירצער:

— נעמט שוין, פּוליאַקעס, דעם בעזעם אין די הענט, און אָן עק...

ווײַל אייגנטלעך איבער דעם האָט זיך שטענדיק אָנגעהויבן דער קריג צווישן ביידע שוועסטער. איבער דעם, וועמ זאָל הײַנט צוניפֿקלײַבן די סכוירע־אָפּשניצלעך, באַשפּריצן די ערד און אויסקערן די שטוב.

גרינע זשאַבע — דאָס איז די עלטערע, ליזע. ווי קומט עס, וואָס באַ אַוראָם שנײַדער זאָל מען רופֿן אַ קינד ניט לייע, ניט לייקע, נאָר ליזע? דאָס איז שוין איר אַרבעט, דעם ווײַבס, פּיי־געס. זי האָט געזאָגט, אַז געטראָגן, געבוירן און אויסגעהאָדעוועט האָט זיי נאָר זי, און זי קאָן זיי רופֿן ווי זי וויל.

געוועזן איז ליזע טאַקע גרין. די מאַמע האָט געזאָגט — ווי אַ גרינע אוגערקע. דאָס מאַכט נאָך ניט אויס. דער טאַטע האָט געזאָגט — ווי אַ גרינער קאַוון. דאָס איז שוין אַ ביסל ערגער. אָבער גרינע זשאַבע? דאָס האָט צוגעטראַכט די קלענערע, באַסיע.

איר נאָמען האָט די מאַמע ניט געקאָנט איבערדרייען און איז דערפֿאַר שטענדיק געווען בייז אַף איר. פֿאַרצויגן גערופֿן זי באַסקעלע, נאָר שטענדיק אַרויסגערעדט דעם נאָמען מיט עפּעס אַ שטאָך. דער טאַטע האָט זי גערופֿן — באַסקאַל, ווײַלע זי האָט געקענט וויינען שאַענוויִז, געזעוועט מיט עפּעס אַ צעלאָכעסדיקן פֿאַרגעניגן און גנייוויש, הינטן־אַרום געוואָרפֿן אַ קוק, ווי ס'נעמט אויס. האָט זי באַמערקט, אַז קיינעם גייט ניט אָן איר געוויין, האָט זי זיך אַליין אָנגע־הויבן קנײַפּן. די קאַוואַנע — דערפֿילן אָן עמעסן ווייטעק קאָנען רעוון אַ ביסל שטאַרקער. אָבער דאַרע קישקע? — דאָס האָט ליזע צוגעטראַכט, פֿאַר איר לאַנגן האַלדז.

אַ שנײַדער איז אַוראָם געווען ניט פֿון די געהויבענע. געגייט פֿויערשע בורקעס פֿון גראָבן געוואַנט, פּראָסטע הויזן פֿון היימישן לײַוונט און ציצענע העמדער. אַלץ — אַף אײַנדערוואָכן. פֿלעגט זיך אים אַמאָל טרעפֿן אַ מער איידל שטיקל אַרבעט, איז באַ אים אַליין געווען אַ גאַנצער יאָמטעוו. ער האָט געטאַנצט אַרום דעם שטיקל סכוירע און אַרום דעם קליִענט, געזשמורעט די אויגן און געצילט זיך מיטן שערל און מיטן קרײַד אַהין און אַהער, ווי מעשײַער געווען זיך: וואָס

וואָלט געווען בעסער — צושנײַדן, צופּאַסן די סכוירע לויטן באַשטעלער, אָדער פאַרקערט. און באַם מעסטן — באַם מעסטן האָט ער געאַרבעט מײַסים. און שוין ניט מיטן גענײ.

— ווי האַלט איר דעם קאָפּ, — האָט ער געטײַנעט צו דעם קליִענט. — דעם בויך, דעם בויך נעמט א ביסל אײַן. איר פאַטערט מיר אוועק דעם בעגעד! און איך האָב ליב, פאַרשטייט איר מיך, איך זאָל קווועלן אָף מײַן אַרבעט!

אָבער אַזעלכע באַשטעלער פלעגן זיך טרעפן זעלטן. מיטן גראָבן געוואַנט און מיטן היימישן לײַוונט איז בא אים געווען ווייניקער טירכע, ווייניקער זאָרג און ווייניקער יאַמטעוו. א ביסעלע לענגער, א ביסעלע קירצער — א דײַגע.

פונעם געוואַנט האָט אין שטוב שטענדיק געשמעקט מיט שאַפּענעם שווייס און א שטויב איז געווען אָף דערשטיקט צו ווערן. צוויי מאָל אין טאָג האָט מען געמוזט באַשפּריצן די ערד און צוקערן. און דערפאַר האָבן צוויי מאָל אין טאָג די שוועסטערלעך זיך געקריגט, געריסן זיך בא די צעפּלעך, געדראַפּעט די פּענעמער, געקנײַפּט די הענט און געשריִען:

— גרינע זשאַבע!

— דאַרע קישקע!

געווען דאָן א צײַט, ווען פון אן איידל שטיקל אַרבעט איז ניט געווען וואָס צו טראַכטן. גראָב געוואַנט איז אויך געווען ווייניק. און ווען מאָטל יאַיעטשניקס זון באַרעך איז אַרײַנגעקומען צו אים מיט אן עמעסדיקן שטיק שעוויאָט, האָט אַווראָם געמיינט, אַז דאָס איז מאָטלס זונדעלע געקומען זיך אויסלאַכן פון אים. דערפאַר האָט ער אַזוי לאַנג געדרייט דאָס שטיקל סכוירע, איבערגעקערט עס פון איין זײַט אָף דער אַנדערער, געריבן אין די הענט:

— ווילט איר, הייסט עס, איך זאָל אײַך זאָגן מעווינעס?

ס'הייסט, וועגן דעם, אַז מע זאָל עס אים געבן נייען, קלערט ער אפילע ניט.

— וועט איר מיר קענען אויסדרייען פון דעם א קאָסטיום?

— אויסדרייען, צושנײַדן און אופנייען! — ענטפערט ער שוין דרייסטער, כאָטש ער קאָן נאָך ניט גלייבן, אַז באַרעך מיינט עס ערנסט.

די שוועסטערלעך האָבן זיך שוין דאַן ניט געריסן בא די צעפּלעך. די עלטערע, ליזע, איז שוין געווען אן עמעסע נייטערן, די רעכטע האַנט באַם טאַטן. און באַסיע... נו, באַסיע האָט גראָד געקלערט וועגן עפּעס שענערס. און ניט אַזוי באַסיע, ווי די מאַמע אַליין. שולדיק איז געווען דאָס פּרעסל. דאָס ערשטע מאָל א נעם געטאָן אין די הענט דאָס פּרעסל און גלײַך פאַרטשאַדעט געוואָרן. די מאַמע האָט געמאַכט א גוואַלד:

— גאַזלען, ווילסט אומברענגען די מיזינקע?

צום גענײ האָט מען זי שוין ניט צוגעלאָזט. דערפאַר אָבער צוויי מאָל אין טאָג באַשפּריצן די ערד און אויסקערן די שטוב — דאָס איז געווען באַסיעס אַרבעט. אָן שום טײַנעס און אָן שום רייד.

אַווראָם שנײַדער האָט זיך ניט געקאָנט אָנטישען אינעם שטיקל שעוויאָט און אין באַרעכן, וואָס האָט געהייסן, מע זאָל אים רופן באָריס. הויך און שטאַלטנע. און א פּאָנעם...

— א פּאָנעם אָף צו שפּיגלען זיך, — האָט אַווראָם געלויבט זײַן קליִענט, געלויבט און א ביסל געשפּעט. — נאָר אַז מע האָט אַזא טאַטן, אויסגעהאָדעוועט דעם זון אָף סאַמע געלעכער.

מאָטל יאַיעטשניקן איז, ווײַזט אויס, געגאַנגען ניט שלעכט. א סימען, ווער קאָן זיך איצט פאַרגינען קויפן דעם זון אָף א קאָסטיום דעם בעסטן שעוויאָט? אײַ וואָס, געגעבן נייען אַזא פּראָסטן און וואָלוועלן שנײַדער? דעם סאָד דערפון האָט מען זיך דערוווּסט שפּעטער. געמיינט האָט באָריס ניט אַזוי דעם שנײַדער, ווי זײַנע טעכטער. ס'הייסט, געמיינט איין טאָכטער און גראָד די עלטערע — ליזען. נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך...

וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט אינעם ערשטן אָוונט, ווען באָריס האָט אײַנגעלאָדן ליזען אָף א שפּאַציר, האָט מען טאַקע ניט געקאָנט דערגיין. נאָר דעם צווייטן טאָג האָט זי געזאָגט דעם טאַטן: ער מעג אפילע אָפּנעמען דאָס צוגעשניטענע שטיקל סכוירע, מער מיט זײַן קאָסטיום אייסעקט זי זיך ניט.

— מיט וואָס האָט ער אַזוי ניט אויסגענומען בא דיר?

— א פּוסטער באָכער.

— מע קאָן מיינען, אַז ס'רעדט זיך וועגן א שידעך.

— ער קאָן וואַרטן. ער ווייסט אפילע ניט, וואָס איז אַזוינס „טעקושטשיע דיעלאַ"[1].

— דערפאַר ווייסטו א סאַך...

יאָ. ליזע האָט געוווּסט א סאַך. זי האָט אפילע געהאַלטן, אַז זייער א סאַך. זי האָט שוין

[1] — לויפנדיקע פּראַגן.

געוווּסט, וואָס הייסט זאקאלקע און בוזאָטיאַר[1], מעשטשאַנקע און דעקלאַסירטע, סמיטשקע און ביוראָקראַט און אפילו קאָמטשוואַנסטוואָ[2]. דאָס לעצטע וואָרט האָט זי אופגעכאַפּט ערשט די טעג און געהאַלטן עס פאַר א באַזונדער געווינס. געוווּסט שוין וועגן קלאַסנקאַמף, וועגן דעם, אז די ערד דרייט זיך, און וועגן אָן א שיר זאַכן, וואָס האָבן געעפנט פאַר איר א נײַע און גרויסע וועלט און וואָס האָבן צוגעגעבן א נײַעם כיין און אפילו שטאָלץ איר שנײַדערשן גראַד. פאַרזאַמלונגען מיט זייער טאַגסיידער זײַנען פאַר איר געווען א גאַנצער יאָמטעוו. און באַזונדערס איז איר געפעלן אינעם טאַגסיידער דער לעצטער פונקט — טעקושטשיע דיעלאַ. געפילט אין די ווערטער עפּעס זינגעוודיקס, עפּעס אַזוינס, נאָך וואָס עס ווילט זיך גיין טאַנצן. לאָזט זיך אויס, אז באַריס ווייסט אפילו ניט, וואָס דאָס איז. וועגן וואָס זשע קאָן זי מיט אים ריידן?

— סאַכאַקל איז ער גאָר א דעקלאַסירטער, — האָט זי זיך אָנגערופן, געבנדיק מיט דעם צו פאַרשטיין, אז צווישן איר און באַריסן איז אַלץ געענדיקט.

און באַסיע, דאַפקע באַסיע! זי האָט ערשט אָנגעהויבן אַרײַנקומען אין קלוב, ריכטיקער אַרײַנגאַנווענען זיך, אַזוי אז ליזע זאָל זי ניט זען. די עלטערע שוועסטער האָט איר פאַרווערט אַהין אַרײַנקומען און אפילו איינמאָל אָנגעזאָגט דער מאַמען:

— זאָלסט זי ניט לאָזן אין קלוב אַרײַן. מע נעמט זיך דאָרטן אַרום.

— און דו? — האָט באַסיע אופגעפלאַמט.

— איך? וואָס איך? דאָס איז עפּעס אַנדערש.

ס'האָט געהייסן, אז זי, א קאָמסאָמאָלקע, וואָס ווייסט שוין, וואָס הייסט זאקאלקע און בוזאָטיאַר, — זי מעג, פאַר איר איז דאָס ניט אַזוי געפערלעך.

— אַזוי, הייסט עס, איר פאַרמאַכט די טירן פאַר דער אומפּאַרטייִשער יוגנט?..

זי האָט שוין אויך עפּעס געוווּסט, די קלענערע. דעריקער — א פּיסקל אַף שרײַפּעלעך. געקאָנט ריידן גאַנצע טעג אָן אופהער. דער טאַטע האָט געזאָגט, אז זי איז געבוירן געוואָרן א קלאַפּעטורעכע. ניט אומזיסט איר א נאָמען געגעבן באַסקאָל. איז דאַפקע באַסיע... זי האָט פּאַשעט קיין צײַט ניט געהאַט צו באַמערקן, צי איז באַרעך א פּוסטער באָכער, צי ניין, צי איז ער קלוג, צי נאַריש. אליין געהאַלטן אין איין פּלאַפּלען די גאַנצע צײַט און אים ניט געלאָזט אַרויסריידן קיין וואָרט. און — אַרויסגעשפּרונגען די ערשטע, טאַקע פאַר באַריסן.

ווי די מערהײַט מיידלעך פון יענע שווערע און שטורמישע סאַף צוואַנציקער יאָרן, איז ליזע געווען פרײַ פון די קליינשטעטלדיקע און קליינבירגערלעכע פאָרורטיילן. און דאָס, וואָס די ייִנגערע שוועסטער האָט כאַפּנע פריִער פון איר, האָט זי ווייניק געקימערט. איר זײַנען געלעגן אין קאָפּ גאָר אַנדערע זאַכן. און דאָך — א פאַרדראָס. אַף וועמען? דאָס האָט זי ניט געוווּסט. נאָר א וואָך פאַר דער כאַסענע איז זי אוועקגעפאָרן. שטילערהייט, אָן א זײַ־געזונט. אוועקגעפאָרן אין איינער א גרויסער שטאָט, וווהין ס'האָט זי שוין לאַנג געצויגן. וואָס? — עפּעס אַן אומקלאָר געפיל. ס'האָט זי געצויגן צו יענע נײַע, ניט לאַנג צוריק אַנטדעקטע וועלט, יענע גרויסע ערד, וואָס האַלט זיך אין איין דרייען...

## 2

דערמאָנט האָט זיך ליזע אין דעם אַלעמען, גלײַך געשען איז דאָס ערשט נעכטן, כאָטש אַוועק זײַנען שוין אַזויפיל יאָרן... און א געפיל געווען בא איר, ווי זי וואָלט איצט געפאָרן ניט צו באַסיען, וואָס וווינט אין אַן אומבאַקאַנטער שטאָט, נאָר צו זיך אַהיים, אינעם קליינעם שטעטעלע. אַזוי קלאָר איז אופגעשווומען פאַר איר זייער געסל, וואָס הענגט איבער א טיפן און שמאָלן יאַר, דאָס הילצערנע בריקעלע מיט די שיטערע ברעטלעך און האַלב־איבערגעפוילטע פּאַרענטשעס, די גרינע לאָנקע הינטערן קלויסטער און דאָס שטילע ריטשקעלע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין אײַנוויגן זיך און ניט געקאָנט אײַנשלאָפן, שטענדיק עפּעס געמורמלט, שטענדיק עפּעס געשעפּטשעט, ווי אין א לאַנגן און שווערן האַלב־דרימל. וואָס אַמאָל האָבן די געדאַנקען פאַרקליבן זיך אַלץ טיפער און דערגאַנגען צו דער ווײַטער קינדהײַט, פון וועלכער ס'איז, אייגנטלעך, קיין שום זיכרוינעס ניט געבליבן, נאָר עפּעס א כאָלעם, אַן אומקלאָרער כאָלעם וועגן א לאַנגן פאַרנאַכט, צי עפּשער וועגן א באַגינען, וואָס ציט זיך אָן א סאָף. עפּעס א טונקל־גרויער בייןהאַשמאַשעס, אָן זון, אָן לעוואָנע און אָן שטערן. א פּוסטער גרויער הימל, אַף וועלכן אָט דאָס אַלץ דאַרף ערשט באַשאַפן ווערן...

---

[1] — זאקאלקע — דאָס פאַרהאַרטעווען זיך; בוזאָטיאַר — א ניט דיסציפּלינירטער מענטש.

[2] — סמיטשקע, קאָמטשוואַנסטוואָ — רוסישע ווערטער, וועלכע זײַנען אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע באַנוצט געוואָרן אין אַלע שפּראַכן.

ליזע האָט ווידער דערזען טאַטע־מאַמע, מיט ווען דער רויגעז האָט געדויערט קימאַט א גאַנצן צענדליק יאָרן. — גוואַלד געשריִען, — האָט געטײַנעט די מאַמע, ווען ליזע איז נאָך א לאַנגער צײַט ענדלעך געקומען צוגאַסט. — וווּ איז דאָס געהערט געוואָרן, אַזאַ ביזויען, אַזאַ שאַנדע. א פאַרשטערטע כאַסענע. פאַר וואָס קומט עס מיר, מיט וואָס האָב איך פאַרזינדיקט פאַר גאָט!

צוויי וואָכן איז זי דאַן אָפּגעווען אין דער היים און צוויי וואָכן האָט די מאַמע ניט אויפגעהערט וויינען און טײַנען: סטײַטש, גוואַלד געשריִען, פאַר וואָס קומט עס מיר?

נאָר עפּעס זײַנען דאַן ניט דערגאַנגען צו איר ניט דער מאַמעס טרערן און ניט דעם טאַטנס פאַרדעכטיקער הוסט. זי איז געווען פאַרנומען מיט גרויסע וועלט־זאַכן. מע האָט געבויט שטעט און זאַוואָדן און מע האָט זיך געלערנט. און לעאָן בלום האָט פאַראַטן דעם פאָלקס־פראָנט, און די פאַשיסטן האָבן פאַרכאַפּט וואַלענסיע, און היטלער רײַסט זיך קיין דאַנציג, און זי ווייסט ניט וואָס פריִער צו טאָן: לערנען זיך שפרינגען פון א פאַראַשוט, פאַרשרײַבן זיך אויף קורסן פון גיכער הילף, זעצן זיך אויסכאַזערן די דאַטעס פון די פאַרטיי־צוזאַמענפאָרן, אויפשטיין א גרויסן פאַרטאָג און פאַרנעמען א ריי אויף קריגן דעם קינד א פּאָר שיכעלעך, אָדער אוועקוואַרפן אַלץ און אוועקיאָגן קיין מאַדריד מאַכן עפּעס א טאָלק אין שפּאַניע. וואָס זשע איז איר דאַן אָנגעגאַנגען טאַטע־מאַמע, צי באַסיע מיט איר באָריסן, וועגן וועמען דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז כאָטש ער ווייסט ניט, וואָס איז אַזוינס „טעקושטשיע דיעלאָ“, מאַכט ער ניט קיין שלעכטע געשעפטן.

מער האָט זי זיי ניט געזען. און אַזעלכע זײַנען זיי אויף שטענדיק פאַרבליבן אין איר זיקאָרן. דער טאַטע, וואָס הוסט שטאַרק אונטער, און די מאַמע, וואָס האַלט אין איין טײַנען: גוואַלד געשריִען, פאַר וואָס קומט עס מיר? אַזוי, האָט זי זיך איצט פאָרגעשטעלט, זײַנען זיי ביידע געגאַנגען זייער לעצטן וועג אין יענעם שרעקלעכן ווינטערדיקן טאָג, ווען די דײַטשן האָבן זיי, אײנײ נעם מיט אַלע ייִדן פונעם שטעטל, געטריבן צו דער שכיטע. דער טאַטע גייט אָן אײַנגעהויקערטער און הערט ניט אויף צו הוסטן און די מאַמע ברעכט מיט די הענט און האַלט אין איין שרײַען: גוואַלד, פאַר וואָס?

פון די אַלע זיכרוינעס איז אויפגעקומען א בראָטנדיקער ווייטעק אין האַרצן, א פרעסנדיקע בענקעניש, וואָס מע קאָן זי שוין אײַנערגעץ ניט אהינטאָן און מיט גאָרנישט ניט שטילן, סײַדן אַרומנעמען אָט דאָס אַלץ — טאַטע־מאַמע, דאָס געסעלע באַם יאַר, דאָס בריקל, די גרינע לאָנקע הינטערן קלויסטער און יענעם לאַנגן פאַרנאַכט צי באַגינען מיטן פוסטן גרויען הימל, אויף וועלכן די זון און לעוואָנע דאַרפן ערשט באַשאַפן ווערן, — אַרומנעמען און קיינמאָל ניט אַרויסלאָזן.

דרײַ יאָר האָט זיך ליזע געקליבן צו דער שוועסטער אירער. עטלעכע מאָל באַשטימט פאָרן און עטלעכע מאָל אָפּגעלייגט. ווי נעמט מען עס און מע לאָזט איבער א שטאָט, אין וועלכער דו האָסט אָפּגעלעבט א לעבן! און ווי לאָזט מען איבער א פאַבריק, וואָס דו האָסט מיט די אייגענע הענט אויסגעבויט! און וואָס וועלן זאָגן נאַטאַשע און גאַליע? אײנײנעם די ערשטע ציגל געלייגט, אײנײנעם דעם נײַעם פאַך באַהערשט, אײנײנעם פאַרליבט געווען. טאַקע אַלע דרײַ אין איינעם א קוטשעראַוון באָכער, בא וועמען די האָר און די אויגן האָבן געהאַלטן אין איין קריגן זיך: ווער איז שוואַרצער. און דער באָכער האָט פון אַלע דרײַ אויסגעקליבן זי, ליזען, די גרינע אויגערקע. דערפאַר איז געשען, וואָס גאַליע מיט נאַטאַשען האָבן פאַרענדיקט דעם אַרבפאַק, אָנגעקומען אין אינסטיטוט, געוואָרן אינזשעניערן און זי, ליזע, קוים דעם אַרבפאַק פאַרענדיקט און דעם טרוים וועגן אינסטיטוט געמוזט אָפּלייגן אויף שפּעטער. זי האָט שוין געדאַרפט ווערן א מוטער.

גאַליע איז איצט גאַלינאַ פּעטראָוונאַ — דירעקטאָר פון פאַבריק, און נאַטאַשע איז נאַטאַליאַ אַפאַנאַסיעוונאַ — סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. זי, ליזע, איז ניט מער ווי בריגאַדיר. און אַלע דרײַ — אַלמאָנעס. האָבן גאַליע און נאַטאַשע געהאַלטן אין איין אײַנטײַנען:

— ליזעטשקע, וואַרף עס אַרויס פון קאָפּ. אָט אַזוי נעמען מיר און לאָזן דיך אָפּ? דו פאַרגעסט, אַז דו ביסט בריגאַדיר פון א קאָמוניסטישער בריגאַדע?

דאָס זאָגט גאַליע, דער דירעקטאָר.

און נאַטאַשע, אַרומנעמענדיק זי, ווי אַמאָל, מיידלווײַז:

— און וועגן דעם ווילסטו גאָר ניט קיין טראַכט טאָן? ווי וועלן מיר זײַן אָן דיר און דו אָן אונדז?

נאָר אַז מע רעדט א יאָר און צוויי, און די שוועסטער הערט ניט אויף צו שרײַבן: ביזוואַנען איז דער שיר צו זײַן אַזוי דערווײַטערט, וועמען נאָך האָבן זיי... און אַז טאָליק, וועמען זיי האָבן אַלע דרײַ געפּעסטעט, איז שוין געוואָרן א גרויסער, איז שוין א פּילאָט און זי זעט אים איין מאָל אין א יויוול, איז שוין מער ניטאָ קיין געדולד צו זיצן איינע אַליין און שאָענווײַז אַרויסקוקן אויפן הימל, עפּשער וועט טאָליק דורכפליִען, זיך א דריי טאָן אין דער הייך איבער זייער הויף און א מאַך טאָן מיט די פליגל.

— סײַווי, די ברײַרע איז בא אונדז, — זאָגט נאַטאַליאַ אַפּאַנאַסיעװנאַ, — מיר װעלן דיך ניט אַראָפּנעמען פֿונעם פּאַרטײ־דיסקאַנט, און שוין.
— און אז איך װעל שטאַרק בעטן?..
— אָ, סײַדן דו װעסט שטאַרק בעטן.
איז טאַקע געבליבן, אַז פֿאָרן פֿאָרט זי אין אָרלויב, און אויב ס'וועט האַלטן דערבײַ, אַז זי בלײַבט בא דער שװעסטער, שרײַבט זי זיי אָן און זיי שיקן איר אַרויס אַלע דאָקומענטן. ניין, דאָס איז געװען זײער װאַריאַנט. ליזעס — פֿאַרקערט. זי פֿאָרט אַװעק מיטן געדאַנק צו בלײַבן און דערפֿאַר װעט זי טאַקע שוין איצט זיך אָפּפּאַרטיקן מיט אַלע דאָקומענטן. נאָר אויב זי בלײַבט ניט, קומט זי צוריק און ס'איז אַלץ װי געװען.
— פֿאַר און געדענק, — דאָס האָט געזאָגט נאַטאַליאַ אַפּאַנאַסיעװנאַ שוין אָפֿן װאָקזאַל, באַם געזעגענען זיך, — װען דו זאָלסט ניט קומען, װעלן מיר אַרויס דיך באַגעגענען.
פֿאָרט זי און געדענקט. און דערמאָנט זיך קעסיידער אין אַן אַנדער זאַך פֿון אַמאָל. און דאָס פֿאָנעם האַלט אין איין מינען זיך. און צום סאָף — װידער אַ שמײכעלע. ס'זעט איר איצט אויס ביז גאָר לעכערלעך, װי זיי, די ביידע שװעסטערלעך, האָבן אַמאָל געריסן זיך בא די צעפּ־לעך, געדראַפּעט די פּענעמער און געקװיטשעט, און אַפֿילו די מײַסע מיט באָריסן זעט איר איצט אויך אויס װי עפּעס אַ פֿריילעכער קוריאַז, װי עפּעס אַ יוגנט־שפּאַס. אוי, װעלן זיי זיך עס אָנלאַכן, דערמאָנענדיק זיך, װי ז' האָט עס אים אַמאָל פֿאַרבראַקירט. „טעקושטשיע דיעלאַ!"

3

— גרינע זשאַבע!
— דאַרע קישקע!
ליזע איז שוין גאַרניט אַזוי גרין און באַסיעס דאַרער און לאַנגער האַלדז איז שוין ניט קיין דאַרער און ניט קיין לאַנגער. און דאָך — קיין שום װערטער אין דער װעלט קלינגען ניט אַזוי װאַרעם און אייגן, אַזוי מילד און פֿײַערלעך, װי די דאָזיקע אַמאָליקע צונעמענישן. עס שמעקט פֿון זיי מיט זײער שטיבל, מיטן בריקל, מיט דער גרינער לאָנקע, מיטן שטילן טײַכל און מיט אָן אַ שיר דערמאָנונגען, פֿון װעלכע די אויגן לויכטן, װי יאָמטעװדיקע לאַמטערנדלעך, און האַלטן אין איין פֿאַרלירן אַ טרער נאָך אַ טרער.
באַסיע כאַפּט אַרום ליזען, דריקט זי און שאָקלט זי אויף רעכטס און אויף לינקס. ליזע װיל אויך טאָן דאָס זעלבע, נאָר זי קאָן ניט. זי איז צו שװער פֿאַר איר, באַסיע. און אויף אַרומנעמען זי פֿעלט איר נאָך אַ פֿאָר הענט. און װוּ איז אַהינגעקומען איר האַלדז? אינגאַנצן אײַנגעזונקען געװאָרן צװישן די דראָטיק־פֿליישיקע, קײַלעכיקע אַקסלען.
באָריס שטייט אַ ביסל פֿון דער זײַט, אײַנגעהילט אינעם געדיכטן און ראַשיקן פּאַסאַזשירן־געװימל, שטייט און װאַרט, ביז ביידע שװעסטער װעלן זיך אָנקושן און אָנטישען און ביז זײַן באַסיע, װאָס האָט פֿאַרשטעלט ליזען די גאַנצע װעלט, װעט ענדלעך זיך אַ ביסל אַ קערעװע טאָן און אַ װינק טאָן אויף אים, און ליזע װעט אַ פּליעסקע טאָן מיט די הענט:
— אוי, באָריס!.. כ'וואָלט אין לעבן ניט דערקענט.
— אַ מאָשל... אַזויפֿיל יאָרן! כאַטש איך דיך...
זיי קושן זיך באַשיידן, צוריקגעהאַלטן, קושן זיך צום ערשטן מאָל אין זײער לעבן, און ביידע גיבן איינער דעם אַנדערן אָנצוהערן, אַז דאָס איז גאָר אַן אַנדער קוש, ניט פֿון יענע, װאָס האָט זיי געקומט אַמאָל, די ניט געװאָרענע כאַסן־קאַלע. אַ פֿאַשעטער קוש פֿון אַ שװאָגער מיט אַ שװעגערן. יאָ, נאָר װי אַ שװאָגער מיט אַ שװעגערן. דערנאָך ערשט מאַכט ער אַ טריט צוריק און לאָזט זיך אָפּסנײַ באַקוקן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, װי געבנדיק אָנצוהערן: נו, ליזע, איצט זעסטו שוין, אַז דו האָסט אַ טאָעס געהאַט?
יאָ, באָריס זעט אויס ניט שלעכט. װי אָפּגעשטעלט זיך בא די פֿערציק און זיך אײַנגעשפּאַרט: מער עלטערט ער זיך ניט. דאָס פֿאָנעם — װי אַ געראָטענע כאַלע, צו דער צײַט פֿאַרקנאָטן, גוט אויפֿגעגאַנגען און אַרויסגעכאַפּט פֿונעם אויװן װי נאָר אַ ביסל צוגעניטעט געװאָרן. דאָס בײַכל װי אָנגעמאָסטן. ס'גיט נאָר צו אַ ביסל סאָלידקײַט די פֿאַראַקשנטע פֿערציק יאָר, דעם פֿאַרניטעטן פֿאָנעם און דעם נײַעם גאַבאַרדינעװן פֿרענטש. בלויז דער פֿליך האָט אַ גלאַנץ געטאָן קעגן דער זון, װען ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל, אַ פֿיר געטאָן מיטן טיכל איבערן קאָפּ און אויף אַ װײַלע באַװיזן יענעם צענדליק יאָרן, װאָס ער סטאַרעט זיך די גאַנצע צײַט באַהאַלטן. ער איז צו דער מאָס פֿאַרטראַכט און צו דער מאָס אויפֿגעלעבט און מיט אַלעמען גיט ער אָנצוהערן, אַז דאָס אַלץ — דאָס פֿאַרניטעטע פֿאָנעם, דער גאַבאַרדינעװער פֿרענטש, דאָס װײַסע קעלנערל אַרום דעם געפֿאַלדעװעטן האַלדז און דער באַגילדעטער שפּיץ פֿונעם אויטאָמאַטישן הענטל, װאָס שטעקט אַרויס פֿון דער זײַטיקער קעשענע, — דאָס אַלץ איז בא אים בלאָטע, אַ װאָכעדיקע זאַך.

— נו, גייען מיר. א טאַקסי האָב איך שוין באַשטעלט.

די אומבאַקאַנטע שטאָט האָט בעפֿיירעש געוואָלט, אַז ליזע זאָל איר שענקען אַ ביסעלע אופֿמערקזאַמקײַט: אַ קוק טאָן אַף אירע באַרגיקע גאַסן, אַף אירע פֿײַנע סקווערן, אַף אירע מויערן מיט די שפּיציקע דעכער און פּלאַטשיקע קוימענס, אַ כאַפּ טאָן מיטן אויער דאָס געווימל פֿון אַ שטאָט, וואָס סטאַרעט זיך מיט אַלע קויכעס דערווײַזן, אַז זי איז אַ גרויסע. נאָר ליזע — אַ בלאַנדזשע געטאָן מיט אַ זײַטיקן בליק, די שטאָט ניט צו באַליידיקן, און צוגעמאַכט די אויגן. זי האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿונוואַנען אַ געפֿיל אַזאַ, אַז איינינעם מיט די אויגן האָט זיך צוגעזשמורעט דאָס האַרץ. באָריס איז געזעסן פֿון פֿאָרנט, לעבן שאָפֿער, און ביידע שוועסטער זײַנען געזעסן פֿון הינטן. ליזע האָט אַרופֿגעלייגט די האַנט אַף באַסיעס פּאַרקײַלעכיקטן אַקסל און געהאַלטן אין איין גלעטן, ווי געפּרוּווט זיך אָפּרײַבן דעם פֿלייש־אָנוווּקס און דערקלײַבן זיך צו יענער באַסיען, מיט וועלכער זיי האָבן זיך געריסן באַ די צעפּ. אַלץ געשטיקט און ניט געקאָנט דערשטיקן דאָס געפֿיל פֿון אָפּגעפֿרעמדטקײַט און געווען שטאַרק בייז אַף זיך פֿאַר דעם דאָזיקן געפֿיל. קעדיי ווי־ניט־איז אַוועקטרײַבן אים, האָט זי זיך אַ טוליע געטאָן מיטן קאָפּ אין באַסיעס הויכן בוזעם, ווי געלאַשטשעט זיך, און שטיל אַ כליפּע געטאָן.

— וואָס איז מיט דיר, ליזע?

— גאָרניט... זיך דערמאָנט...

באַסיע האָט עס אויסגעטײַטשט אַף איר אויפֿן. און ווי נאָר זיי זײַנען אַרײַנגעקומען אין שטוב, האָט זי אָנגעהויבן פֿאַרווײַלן ליזען. אַרומגעפֿירט איבער די צימערן, געעפֿנט אַלע שאַפֿעס און שופֿלאָדלעך און אַרויסגעלייגט פֿאַר איר דאָס גאַנצע וואָלנס און זײַדנס, צום סאָף — די צירונג, וואָס קיין שום זײַטיק אויג האָט נאָך ניט געזען. און דעם גאָלדענעם זייגער, וואָס זי האַלט פֿאַר זשעניעס כאַסן, און דעם בראַסלעט, וואָס זי האַלט פֿאַר זשעניען אַליין, און די רינגען, וואָס זי האַלט פֿאַר זיי ביידן. און אַז גאָט וועט העלפֿן...

— ווּ זשע איז זשעניע? — האָט ליזע געפֿרעגט אַף אַ סאָף מאַכן צו דעם אַלעם, ווײַל יענץ געפֿיל, וואָס זי האָט קוים געשטילט אין וועג, האָט אָנגעהויבן מוירעדיק זיך פֿאַנאַנדערוואַקסן.

— אָט באַלד קומט זי. אויך געוואָלט פֿאָרן אַפֿן וואָקזאַל באַגעגענען, נאָר מיר האָבן ניט געלאָזט. וואָס הייסט, דורכלאָזן אַ לעקציע?

ס'איז געווען אומזיסטע טירכע. אָפּגעענטפֿערט אַף דער פֿראַגע, האָט זיך באַסיע ווידער גענומען פֿאַר אירס. און ווער ווייסט, צו וואָס דאָס וואָלט געבראַכט, ווען אין עטלעכע מינוט אַרום לויפֿט ניט אַרײַן זשעניע.

שוין דערפֿאַר אַליין איז ליזע געווען דאַנקבאַר איר פּלעמעניצע. דערצו נאָך איז זשעניע אינגאַנצן אין דער מאַמען געראָטן. אַזאַ, ווי באַסיע איז געווען מיט יאָרן צוריק. טאַקע איר שפּיציקע נאָז, איר לאַנגער האַלדז און איר ביסל קלײַען אַפֿן מאַטעווון פּאָנעם. די גרויסע שוואַרצע אויגן האָט זי אויך געיאַרשנט באַ דער מאַמען. ליזע האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז איר שוועסטערל איז מיידלווײַז, אַפּאָנעם, געווען ניט קיין מיִעסע. און גאַנץ מעגלעך, אַז באָריס האָט פֿון אָנהייב אָן געמיינט גראָד באַסיען, און זײַן איינציקער שפּאַציר מיט איר איז געווען אַן אָנשטעל. ס'האָט זי בעפֿיירעש אַ שטאָך געטאָן. נאָר אַן עמעסדיקע וואָרצלען האָט דאָס געפֿיל זיך ניט לאַנג געהאַלטן. דערצו נאָך האָט זי באַמערקט, אַז וואָס שײַעך זשעניעס אויגן, איז אין זיי פֿאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס באַ באַסיען איז ניט געווען: עפּעס אַ פֿײַערל אַזאַ, וואָס מאַכט די פּלעמעניצע פֿיל נעענטער פֿון דער אייגענער שוועסטער. און עפּשער ווײַזט זיך איר דאָס אויס. סײַווי איז זי געווען דאַנקבאַר דער פּלעמעניצע, וואָס נאָך אַזעלכע שווערע מינוטן פֿון מוירעדיקער דערווײַטערטקײַט און אָפּגעפֿרעמדטקײַט האָט זי ענדלעך דעראָבערט יענץ לאַנג געגאַרט וואַרעם געפֿיל פֿון דערהויבענער אופֿגערעגטקײַט און דערפֿילט זיך ווי באַ זיך אין דער היים.

מעגלעך דערפֿאַר איז צווישן דער מומען מיט דער פּלעמעניצע פֿון דער ערשטער מינוט אָן אופֿגעקומען יענץ פֿאַרכאַפּנדיק געפֿיל פֿון קעגנזײַטיקער פֿאַרליבטקײַט, וואָס כאָטש נעם און גיי טאַנצן. זשעניע האָט טאַקע אַ נעם געטאָן די מומע און אַ דריי געטאָן זיך מיט איר איבער דער שטוב. איין מאָל און צוויי מאָל און אַ דריט מאָל. אירע שוואַרצע אויגן האָבן זיך צעשטראַלט און צעפֿינקלט, און ליזע האָט אַ טראַכט געטאָן: זי איז גאָר ניט פֿון די, וואָס דאַרפֿן אַ גאָלדענעם זייגער פֿאַרן כאָסן און וואָס עס פֿעלן זיי אויס בראַסלעטן מיט רינגען.

— אוי, מומע טײַערע, ווי איך האָב זיך פֿאַרבענקט נאָך אײַך!

— נאַריש מיידעלע, ווי בענקט מען עס נאָך אַ מענטשן, וועלכן מע קען ניט?

זשעניע וויל מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זי איז באַליידיקט, נאָר ס'באַקומט זיך ניט. די אויגן האַלטן אין איין שמייכלען און אַפֿן פֿאַרפֿלאַמטן פּאָנעם לייגן זיך אויס אַזעלכע לאַשטשענדיקע, כײן־גריבלעך.

— ערשטנס, בין איך שוין ניט קיין מיידעלע. צווייטער קורס! און, צווייטנס, קען איך אײַך שוין לאנג, לאנג. און ווייס וועגן אײַך אלץ. די מאמע האָט מיר דערציילט.

— וואָס די מאמע האָט דיר געקאָנט אָנדערציילן... .

באסיען פארדריסט עס בעפיירעש. מיט איר אליין איז ליזע פיל אײַנגעהאלטענער.

— וואָס האלט איר זיך אין איין סוידען?

און דאָך, איניינעם מיטן אייפער — א שטיקעלע נאכעס־געפיל, א שטיקעלע שטאָלץ:

— ווי געפעלט דיר עפּעס מײַן טעכטערל?.. ווי איך זע, האָט איר זיך שוין זניוכעט...

— מאמע!

— וואָס, ניט עמעס? נו, נו, איך מיין דאָך ניט שלעכט. איז קום, שוועסטער, וועל איך דיר ווײַזן דײַן צימער.

מיט עפּעס פרעמדס האָט באסיע טאקע זיך אָנגענומען. ליזע האָט ניט פארשטאנען, ווו און בא וועמען. הײַנטיקע צײַטן? נאָר אפּאָנעם, אז דאָס קומט פון זיך אליין, איניינעם מיט די שאפּעס קליידער, מיט דער צירונג, מיט די פארקײַלעכיקטע אקסלען און אײַנגעזונקענעם האלדז. א שטעל — פון אן עמעסער פריצע. א גראפיניע! — וואָלט די מאמע געזאָגט. אן עפן געטאָן דאָס טירל פונעם אלקערל, אָפּגעטראָטן פון דער טיר אף א שפּאן און אויסגעשטרעקט די רעכטע האנט, נאָר ניט געזאָגט „דאָברא פּאָזשאלאָוואט“.

4

מיט זשעניעס געבורטסטאָג האָט מען צוגעטראכט, וואָס בעסער קאָן ניט זײַן. געדארפט האָט ער זײַן פּאָריקן שאבעס, נאָר באסיע האָט געמאכט אזוי, אז מע האָט אָפּגעלייגט אף הײַנטיקן. די שוועסטער דארף קומען! זײַנען אוועק אזעלכע דרײַ ערעוו־יאָמטעוודיקע טעג, אז ס'איז ניט געווען ווען ארומקוקן זיך, און ליזע האָט פונעם ערשטן טאָג געמוזט פארגעסן, אז זי איז א גאסט.

אין די פיר צימערן איז מיטאמאָל געוואָרן ענג. ניט געווען ווו אהינטאָן זיך מיטן געבעקס און געקעכטס. דאָס קליינע אלקערל, וואָס באסיע האָט מיט אזא רעספּעקט פאָרגעשטעלט דער שוועסטער, איז פארוואנדלט געוואָרן אין א קאמערל, און ליזע האָט זיך דערווײַל אריבערגעקליבן אין דער „דיעטסקע“, דאָס הייסט אין דעם צימער, אין וועלכן דאָס קינד, זשעניע, הייסט עס, איז געשלאָפן, געגרייט די לימודים און מער פאר אלץ — געשפּיגלט זיך. נאָר דאָס אלץ איז געווען, אזוי צו זאָגן, די וואָכעדיקע זײַט פונעם צימער. די הויפּט־זאך איז באשטאנען אין גאָר עפּעס אנדערש. אן אויסשטעלונג פון זשעניעס נאדן: דאָס צימער אליין, אן איבערגעפארבטס לויט דער לעצטער מאָדע, אָן שום צאצקעלעך, בלויז מיט א שיטערן בראָנזע־שפּריץ, דער נײַער גארניטור מעבל, געקראָגן, ווי באסיע האָט זיך בארימט, גלײַך פון דער פאבריק, און די צוויי גרויסע טעפּעכער, וואָס ציִען זיך פון דער סטעליע איבער די ווענט און פארדעקן קימאט דעם גאנצן פארקעט. דאָס אלץ צוליב דעם, אז באסיע זאָל אלעמאָל קאָנען זאָגן:

— זשעניעס צימער.

ביידע שוועסטער און די „ארײַנקומענדיקע“ שטוב־ארבעטערן האָבן גאנצע דרײַ טעג גע־שוויצט איבער די לעקעכער און טאָרטן, איבער די שטרודלען און פלאָדנס, און באסיע האָט ניט געוווסט, אף וועלכער וועלט זי איז. וואָס קאָן מען צוטראכטן עפּעס נײַס, אז א שאָקאָלאדנעם טאָרט האָט מען געמאכט פאראיאָרן, אז די „נאפּאָלעאָנען“ זײַנען נאָך מיט דרײַ יאָר צוריק ארויס פון דער מאָדע און אז א „קאָראָלעווסקע“ איז שוין געווען מיט א כוידעש צוריק בא מערי פיליפּאָווען. צוויי אייוועלעך, דאָס נײַע, גאזעווע, וואָס האָט זיך ארײַנגעקליבן אהער מיט א פּאָר כאָדאָשים צוריק, און דאָס אלטע, פון ציגל, וואָס שטייט שוין דאָ ווער ווייסט וויפל יאָרן, האָבן געפלאַמט איינס אפן אנדערן, געווען בייז אָנגעגליט אף ניט צורירן זיך צו זיי און אף יעדן טראָפּן וואסער אָדער פעטס געענטפערט מיט א מוירעדיק צישען. דאָס ציגלנע אייוועלע האָט אלעמאָל ארויסגעוואָרפן א נײַעם בעקן מיט לעקעכער און שטרודל און ווי בארימט זיך:

— נאט און ווייסט. וועט אמאָל דאָס גאזעווע שנעקל באווײַזן אזוינס?

באסיע אליין האָט געפלאמט ניט ווייניקער פון ביידע אייוועלעך. טראָפּנס שווייס זײַנען אָפּגעשפּרונגען פונעם פּאָנעם, ווי פון אן אָנגעגליט פרעסל. ליזע האָט א טראכט געטאָן, אז באסיע, ניט געקוקט אף איר היפשער וואָג, איז גאנץ רירעוודיק, פלינק. זי האָט געקאָנט טאָן עטלעכע ארבעטן מיטאמאָל: קלאפּן אייער, האקן פיש, מישן די קרעמען, זיך שאפן מיט דער „ארײַנקו־מענדיקער“ און דערבײַ, ווי אמאָל, ניט אופהערן צו ריידן: זיך געקלאָגט אפן יאקרעס, אפן נײַעם געלט, וואָס איז קליין און גרינג, ניטאָ וואָס אין די הענט צו נעמען, באזונדערס אף די קאָפּעקעס, וואָס שלאָגן זי אלע מאָל אראָפּ פון כעזשבן.

— הײַנט די פּעטרישקע, און די נעדאָוועס?..

בא באסיען איז אויסגעקומען, אז מער פון אלעמען פארלירט זי אף דער פעטרישקע. פרי׳ער געצאָלט פאר א בינטל פינף קאָפּעקעס און איצט אויך דאָס זעלבע.

— און מיט די נעדאָוועס איז פּאַשעט א ביזויען, — ענטפערט זי שטארק פארוואונדערט דערפון, וואָס ליזע פארשטייט ניט, וועגן וועלכע נעדאָוועס עס גייט א רייד. — פרי׳ער האָב איך שטענדיק געהאלטן אין קיך, אָט אף דעם טישעלע, קערבלעך. גייט אריַין אן אָרעמאַן, גיסטו אים א קערבל, און איצט וואָס? צען קאָפּעקעס. פאר זיך אליין א ביזויען...

ליזע שמייכלט:

— איז גיט מען א קערבל.

— כאכאָמעטשקע. וויפל קערבלעך באקומט עס באָריס א כוידעש? א פופציקער!

— נו, און עס סטייעט?

— מייַנע סאָנים זאָלן לעבן נאָר אף געהאלט.

ליזע וויל איר דאפקע עפּעס זאָגן, אז אָט, זי, אלע יאָרן... און זי ווייסט גארניט וועגן עפּעס אנדערס. נאָר — עפּעס ניטאָ קיין כיישעק צו פארפירן אזעלכע שמועסן מיט דער שוועסטער. זי זעט זי שוין אף דורך און דורך. ס׳איז ניטאָ מיט וועמען צו ריידן. באסיע דערוואַרט זיך, די „אריַינקומענדיקע" זאָל ערגעץ אוועק אף א לענגערער צייַט, נעמט אויסגיסן פאר איר דאָס האַרץ, טאקע ווי פאר אן אייגענער שוועסטער.

— מיינסט, עס קומט אָן אזוי גלאַט און אזוי גרינג? צען מאָל אין טאָג פאַלט ארויס די נעשאָמע. פון יעדן קלונג אין טיר. און ער איז שוין צוויי מאָל געזעסן, באָריס. נאָר דאנקען גאָט, אינעם זכוס פון די קינדער. הער א מייַסע, שוועסטערוניע, ווי עס באקומט זיך בא מיר. אלעמאָל, ווען איך פארגיי אין טראָגן, זעצט מען אים איַין. דאָס ערשטע מאָל, נאָך פאר דער מילכאָמע, ווען איך בין פארגאנגען מיט זשעניען, און דאָס צווייטע מאָל — שוין נאָך דער מילכאָמע, ווען איך בין פארגאנגען מיט זשאנען. יענע, נעבעך, איינגאנצן עטלעכע כאדאָשים געלעבט. באָריס האָט זי אפילע ניט געקענט. אן אומזינדיק נעשאָמעלע, א קאָרבן פאר אונדז אלעמען געוועזן. אין איר זכוס... אפילע קיין יאָר ניט אָפּגעזעסן...

ליזע קוקט אף באסיען און ווייסט ניט, וואָס צו ענטפערן איר. זי גיט נאָר א טראכט:

— אוי, ווי נאריש דו ביסט, שוועסטערוניע, ווען דו זאָלסט וויסן, ווי דו ביסט נאריש...

און קעדיי א ביסל שטילן דאָס ווידערגעפיל, טוט זי א פרעג:

— נו... אָבער מערער קלייַבסטו זיך ניט?

— וואָס רעדסטו? זאָל גאָט אָפּהיטן...

זי ווערט אזש בלייך, באסיע, דאָס פארפלאָמטע פּאָנעם ווי אלעמאָל אויסגעלאָשן. ס׳האָט מיטאמאָל פארשלאָגן דעם אָטעם אף ניט אויסצוריידן קיין וואָרט, קוים אָפּגעדעכעט.

— וואָס רעדסטו, שוועסטערוניע, אין מייַנע יאָרן... און ביכלאל, מיט מייַנע נערוון.

צום סאָף פונעם דריטן טאָג זייַנען שוין ביידע שוועסטער קוים געשטאַנען אף די פיס. די קיך איבערגעלאָזט אף דער „אריַינקומענדיקער" שטוב־ארבעטערן און אליין גענומען זיך פארן טיש.

עפּעס האָט מען דאָך געדארפט אלץ אויסשטעלן, ארומשטעלן און באצייַטנס באקלערן, ווי יעדערן באזעצן. דערצו נאָך האָט באָריס דרייַ מאָל אין טאָג דערמאָנט, אז עס איז גאַנץ מעג־לעך, מאקאר וואסיליעוויטש זאָל קומען. און אלעמאָל, ווען באָריס האָט ארויסגערעדט דעם נאָמען מאקאר וואסיליעוויטש, האָט באסיע א פליעסקע געטאָן מיט די הענט, האלב דערשראָקן און האלב דערפרייט, און ארויסגעהיכצט:

— אוי!

— ווער איז עס, דער מאקאר וואסיליעוויטש? — האָט ליזע געפרעגט.

— איך זאָל אזוי וויסן פון בייז. עפּעס א גלאוונער.

די ערשטע זייַנען געקומען מערי פיליפּאָוונא מיט איר מאן סעמיאָן גאווריליאָוויטש. טאקע אזעלכע האָט ליזע זיי זיך פאָרגעשטעלט לויט דעם, וואָס באסיע האָט זיך אָנדערציילט וועגן זיי, די קומענדיקע מעכוטאָנים, זאכארטשיקס עלטערן. ס׳איז שוין בא זיי שטיל אָפּגערעדט. זאָלן זיי נאָר ביידע ענדיקן. און עפשער נאָך אפן לעצטן קורס. זיי לערנען זיך איניינעם, זשעניע מיט זאכארטשיקן...

מערי פיליפּאָוונא מיט א פּאָנעם פון איבערגעשטאַנענעם מילך, וואָס קרימט זיך און קנייטשט זיך פון אייגענער זויערקייַט. ניט אזוי הויך, ווי דאר, און עפשער דערפון נעמט זיך איר גע־מאכטע אנטוישטקייַט און ניט געמאכטע בייזקייַט. א קוק געטאָן אפן טיש, אף די מייַכאָלים און וויַינען און א דריי געטאָן מיט דער נאָז, ווי איינער רעדט:

— מיילע, שוין געזען אזוינס. עס קריכט שוין צוריק.

— אך, א שוועסטער? — איבערגעכאזערט מיט א קוויטשעלע באסיעס ווערטער, א נייג

געטאָן זיך און גענומען באַקוקן ליזען פון קאָפּ ביז די פיס. גלייך אָפּגעשאַצט איר באַשיידענעם אָנצוג און אונטערגעשטראָכן גרינגשעצנדיק א דריק געטאָן איר די האַנט:

— זייער אָנגענעם, זייער אָנגענעם.

און א קערעווע געטאָן דעם קאָפּ אין א זייט, געבנדיק אָנצוהערן, אַז מער האָט זי מיט איר ניט וועגן וואָס צו ריידן.

דער מאַן אירער, סעמיאָן גאַוורילאָוויטש, — פונקט דער הייפּעך. א מענטש, וואָס האָט קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט זיך פון קיין שום פאַרגעניגנס און איז גרייט יעדן טאָג אָנהייבן אַלץ פונדאָסניי. אַיי, דער בויך? כאַפּט אים דער רועך. באַקוקט דעם טיש מיט א צוגעלאָזט־וואַרעמען בליק, א צי געטאָן מיט דער נאָז און צוגעזשמורעט די אויגן, אַרײַנצײַענדיק אין זיך די רייצנדיק־אָנגענעמע רייכעס.

— פריי געקומען? — טוט ער א פרעג און רייַבט צופרידן די הענט, סמאַקעט מיט די ליפּן.

— פאַרקערט, — פאַרענטפערט זיך באַסיע. — שוין אַפילו פאַרשפּעטיקט אַף פינף מינוט. און ווו איז זאַכאַרטשיק?

— ער וועט באַלד קומען, — ענטפערט מערי פיליפּאָוונא, — איר ווייסט ניט די היינטיקע יוגנט? קאָן זיך קיין האַלדזטוך ניט צוקלייַבן.

איצט נעמט ליזע אָפּסנײַ זי באַקוקן און ס'קומט איר אַפן געדאַנק: ווי שווער איז איר מיר־סטאַמע אָנגעקומען די פּילגאַרנדיקע פּריזור, דאָס האַלב־מאַטעווע און האַלב־בלייכע פּאָנעם, די האַלב־פאַרשמעלערטע און פאַרלעגנגערטע ברעמען און מער פון אַלץ — איר נאָמען מערי פיליפּאָוונא. ווייל הייסן הייסט זי דאָך, מיסטאָמע, מירל, און מע האָט פריִער געדאַרפט איבער־מאַכן אַף מירא, דערנאָך אַף מערא, שפּעטער אַף מאַריא און ערשט דערקלייבן זיך צו מערי. און פיליפּאָוונא? מיסטאָמע האָט מען איר טאַטן גערופן פישל אָדער פײַוול און געווען איז ער א יאַדעשליוּוע ייִדל מיט אַן אַלטער אַסטמע, געוועקט יעדן פאַרטאָג מיט זײַן הוסטן דאָס גאַנצע געסל. ליזע האָט נאָך ניט געוווּסט, פאַשעט ניט באַוויזן א טראַכט טאָן וועגן דעם, וויִאַזוי איז באַסיע זיך באַגאַנגען מיט איר אייגענעם נאָמען. ס'האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר און א ניי קוויטשיק קעלכל האָט אויסגערופן:

— א גוטן־אָוונט, סאַבינאַ אַרקאַדיעוונאַ!

— דאָס מיינט מען מיך, — האָט באַסיע זיך אָנגערופן צו ליזען און שטאַרק פאַרויטלט זיך, א ביסעלע פאַר ביזויען, אָבער מערער פאַר שטאָלץ. פונדעסטוועגן — סאַבינאַ אַרקאַדיעוונאַ!

אַף א ווײַלע האָט ליזע זיך פאַרגעשטעלט איר אייגענעם טאַטן, אווראָם שנײַדער, שטענדיק מיט דער גרויסער שער אין דער האַנט, שטענדיק אָנגעבויגן איבערן טיש איבער א פּויערשער בורקע, שטענדיק אײַנגעטונקט אין וואָלענע הערעלעך.

— אוי, טוּנעיאַדקעס, — וואָלט ער געוויס א זאָג געטאָן, באַקוקנדיק באַסיען מיט אירע געסט.

איצט איז שוין קיין צײַט ניט געווען אײַנקוקן זיך און אָפּשאַצן יעדערן באַזונדער. געסט זײַנען אָנגעקומען איינער נאָכן אַנדערן, באַסיע האָט קוים באַוויזן זיי אופנעמען, באַקאַנען מיט דער שוועסטער און באַזעצן זיי אַרום טיש. זשעניע האָט זיך דורכגעשמוגלט דורך דער קיך צו זיך אין צימער און לאַנג זיך איבערגעטאָן, אַזוי לאַנג, ביז באַריס איז אָנגעלאָפן א פאַרסאָפּעטער מיט עטלעכע פלעשלעך ווײַן, א ווײַן, ווי ער האָט געזאָגט, אַזוינס ווי אַזעלכעס, קוים געקראָגן און טאַקע איבער דעם זיך א ביסעלע פאַרהאַלטן. נאָר די געסט וועלן מוזן מוחל זײַן. דערפאַר האָט ער פאַר זיי אַלעמען א סורפּריז — גאַנץ מעגלעך, אַז ס'וועט קומען מאַקאַר וואַסיליעוויטש.

מאַקאַר וואַסיליעוויטש איז ניט געקומען. דערפאַר איז פאַר אַלעמען געווען א סורפּריז זשעניע אַליין. אַפילו פאַר ליזען. וואָס־וואָס, נאָר זיך אַליין האָט זשעניע גוט געקענט און גע־וווּסט מיט וואָס אויסצונעמען, אַפילו זאַכאַרטשיק האָט ניט געקאָנט אײַנהאַלטן זיך:

— נו, זשעניטשקע, איך האָב גאָר ביז הײַנט ניט געוווּסט...

אינגיכן איז דער גאַנצער טיש שוין געווען שיקערלעך און ליזען האָט זיך געדוכט, אַז זי אַליין איז שיקער מער פון אַלעמען, כאָטש זי האָט אויסגעטרונקען נאָר איין האַלב גלעזעלע. עפּשער דערפאַר, וואָס פאַר די דרײַ טעג האָט זי זיך שטאַרק אָנגעהאָרעוועט און איצט האָט איר זיך געדרייט דער קאָפּ פון מידקייט. ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי זיצט ניט באַם טיש, נאָר ערגעץ אַנדערש, און דאָס אַלץ, וואָס דאָ קומט פאָר, זעט זי פונדערווייטנס. עפּעס איינער פון די געסט, אַנדריי מיראָנאָוויטש האָבן אים אַלע גערופן, שוין היפּש שיקערלעך, האָט א כאַפּ געטאָן באַסיען קושן און גענומען זיך קלאָגן אַף איר ברייטער טאַליע.

— ניט אומזיסט האָט געזאָגט קאָזמאַ פּרוטקאָוו: „נעלזיא אָביאַט ניעאָביאַטנאָיע!"...[1]

---

[1] — מען קאָן ניט אַרומכאַפּן דאָס, וואָס עס לאָזט זיך ניט אַרומכאַפּן.

סעמיאָן גאַווריליאָוויטש האָט גלײַך אונטערגעכאַפּט:
— אַף ייִדיש הייסט עס: „מע טאָר ניט אַרײַנלייגן דעם גאַנצן קעז אין איין וואַרעניק".
— נו, נו... אָן העגט. — באַסיע דרייט זיך גרינג אויס פונעם שיקערן אַנדריי מיראָנאָ־וויטשן און ענטפערט אַף סעמיאָן גאַווריליאָוויטשן:
— אײַך האָט אויך גאָט ניט באַוואָלט.
— אָט דאָס זאָג איך דאָך, — ענטפערט אַף יענער און גלעט דעם אייגענעם בויך. — וואָס ער קאָסט מיר אָפּ, וואָלט איך עס געוואָלט פאַרמאָגן. נאָר וואָס ער האָט די ווערט, זאָלן עס פאַרמאָגן מײַנע סאָנים.
— פונדעסטוועגן... — יענעמס נאָמען האָט ליזע אינגאַנצן פאַרגעסן, כאָטש זײַן זשוליקעוואַט רויטלעך פּאָנעם און זײַן כיטרע קוקעלע לאָזט זיך פאַרגעדענקען. — פון אַלע סקלאַדן איז דאָס דער סאַמע זיכערסטער. קיין שום רעוויזיע וועט זיך אַהין ניט דערקלײַבן, קיין שום אַבעכעעס...[1]
— שאַ־שאַ, איך האָב אַ פראַגע! — ווידער סעמיאָן גאַווריליאָוויטש. — באַם קאָמוניזם וועט זײַן דער אַבעכעעס?..
— כ'מיין, אַז אָפן ערשטן עטאַפּ... — אַנדריי מיראָנאָוויטש איז גאָר ניט אַזוי שיקער, ווי ער מאַכט זיך. — אָפן ערשטן עטאַפּ... ביז...
— נו, — לאָזט אים ניט ענדיקן אָט דער מיטן זשוליקעוואַט רויטלעכן פּאָנעם, — לאָמיר אויסטרינקען פאַר אונדזער אַבעכעעס!
באַריס זעט אויס ניכטערער פון אַלעמען. מײַסע באַלעבאָס! ער טוט אַ ווונק צו ליזען, ווי איינער רעדט: ווי געפעלט עס דיר? נאָר וואַרט צו, אָט באַלד וועסטו הערן, וואָס איך וועל אַ זאָג טאָן.
און ער טוט אַ זאָג:
— אַז ס'קאָן אַנדערש ניט זײַן. ווײַל פון דער עקאָנאָמיטשעסקע טאָטשקע זרעניע...[2] אָן איניציאַטיוו...
און טוט ווידער אַ ווונק צו ליזען:
— נו, געהערט? עקאָנאָמיטשעסקע טאָטשקע זרעניע!
עפּעס ווילט זיך איר זאָגן, ליזען, עפּעס ווילט זיך איר אָפּענטפערן באַריסן, זיי אַלעמען. נאָר עס קומען איר ניט אָפן געדאַנק די נייטיקע ווערטער. עפּעס גאָר ווי דאָס לאָשן אָפּגענומען. סעמיאָן גאַווריליאָוויטש, ווי באַמערקט איר פאַרלאָרנקייט, פּרוּווט זי אונטערמונטערן:
— און וואָס וועט עפּעס זאָגן דער אַרבעטער־קלאַס?
— דער אַרבעטער־קלאַס האָט שוין זײַנס געזאָגט!..
יאָ, יאָ, אַזוי האָט זי, דוכט זיך, געענטפערט. געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, געוואָלט זאָגן, אַז דער אַרבעטער־קלאַס האָט שוין לאַנג זײַנס געזאָגט, איינמאָל פאַר אַלעמאָל. טאַקע וועגן זיי אַלע־מען, וועגן די אַלע, וואָס זיצן באַם טיש. אַז סאַכאַקל זײַנען זיי אַלע שוין לאַנג טויט. מייסים!.. נאָר... צי פון מידקײַט, צי פונעם גלעזעלע ווײַן, צי פון די אַלע רייד — ס'האָט זיך איר טאַקע שטאַרק פאַרדרייט דער קאָפּ און זי האָט קוים באַוויזן אַרויסריידן:
— אוי, ס'איז מיר עפּעס ניט גוט.
געלעגן באַ זיך אין אַלקערל און געמאַכט זיך, אַז זי שלאָפט, מע זאָל זיך אופהערן דרייען אַרום איר, פאַרלייגן פאַרשיידענע טראָפּנס און אַרויסזאָגן פאַרשיידענע האַשאָרעס וועגן איר פלוצעמדיקער כאַלאַשעס, און געהריזעט זיך, פאַרוואָס האָט זי ניט באַוויזן זאָגן אַלץ, וואָס זי האָט געטראַכט, וואָס איז איר געלעגן אָף דער צונג. זיי קאָנען דאָך מיינען, אַז אויב זי איז געזעסן מיט זיי באַ איין טיש, איז זי אַזאַ, ווי זיי. מיסטאָמע האָבן זיי טאַקע געקלערט אַזוי, אַנדערש וואָלטן זיי געוועזן פאָרזיכטיקער מיט די רייד...
דאָס ערשטע מאָל זינט זי לעבט האָט זי געטראָפן צו אַזאַ אוילעם. און איר איז שווער געווען פאַרטײַטשן די אייגענע געפילן. איר איז שרעקלעך? טאַקע אַ ביסעלע יאָ. נאָר ניט אין דעם גייט עס. זי איז איבערפולט מיט עקל, מיט אופגעבראַכטקײַט, מיט האַס און מיט פּראָטעסט קעגן דעם אַלעמען, וואָס זי האָט הײַנט געזען און געהערט. סאַכאַקל זײַנען דאָס פּאָשעט פאַרשטעלטע לײַט. אַלץ, אַפילע די אייגענע נעמען פאַרשטעלט אַף אויסבאַהאַלטן זיך פון זיך אַליין!..
און נאָך אַ גאַפיל געווען באַ איר: מע האָט זי באַגאַנוועט. באַגאַנוועט און פאַרשוועכט דאָס הייליקסטע. אָט דאָס אַלץ, מיט וואָס זי איז געפאָרן אַהער, וואָס האָט זי אַזוי געוועגט אינעם וואַגאָן... דאָס שטיבעלע באַם יאַר, דאָס בריקל, דאָס טײַכל... טאַטע־מאַמע... עפּשער טאַקע גע־

[1] — אָפּטייל פאַר קאַמף מיט גנייווע און ספּעקוליאַציע.
[2] — פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט.

רעכט געווען גאלינע מיט נאטאשען. ניט געדארפט געווען פארן אהער. וואלט פארבליבן א שוועסטער און ס'וואלט פארבליבן א בענקעניש, און זעלטענע בריוו, ווי א לעבעדיקער גרוס פון לאנג פארשווונדענע צײַטן. איצט — דאס אויך פארלארן. אָט וועט זי אוועקפארן, און דאס אלץ וועט פארשווונדן ווערן אף אייביק. און אַנשטאָט בענקעניש וועט מיסטאמע אופקומען א נײַ געפיל — א געפיל פון פוסטקײַט מיט גארנישט ניט צו פארפולן. און אוועקפאָרן וועט זי טאקע נאָך הײַנט. טאקע הײַנט גאנצפרי. זי האט זיך דאָך צונויפגערעדט: באַשטימט זי בלײַבן, הייסט עס, אז זי האט זיך אראָפּגענומען פונעם דיסקאָנט; אויב ניט, הייסט עס, אז זי איז געפאָרן אין אורלויב. יאָ, אין אורלויב. איי וואָס, דער אורלויב איז אזוי קורצער? זי וועט זיי דערציילן, וועלן זיי פארשטיין, גאליע מיט נאטאשען. זיי וועלן זי געוויס פארשטיין און איר מיטפילן. און עפשער נאָך אויסלאכן זיך א ביסל דערפון, וואס זי נעמט זיך אזוי צום הארצן.

— פון אלץ מאכסטו א וועזן, — וועלן זיי זאָגן. — לעאָן בלום, מאדריד, דאנציג, מינכען, טשעמבערלען. און — „טעקושטשיע דיעלאָ!”...

איין זאך וועט ניט אופהערן זי הריזען, קיינמאָל ניט: דאס, וואס זי האט אזא טאָעס געהאט אין דער פלעמעניצע. זי האט זיך שטענדיק געהאלטן פאר א שטיקל פסיכאָלאָג. זי האט געקענט אָפּשאצן א מענטשן פונעם ערשטן קוק. איר פלעגט אמאָל אפילע ווערן שרעקלעך דערפון, וואָס זי זעט א מענטשן אף דורך און דורך. ווען יענער זאָל וויסן, ווי זי האט אים צעקײַט, האט זי ניט איין מאָל געטראכט. און דאס מאָל האט זי א טאָעס געהאט. זשעניע האט זיך איר אויסגעוויזן צו זײַן א ביסל אן אנדערע, ניט ענלעך אף אירע עלטערן. נאָר ווי קאָן עס א קלוג מיידל ניט פאר־שטיין אזעלכע פאשעטע זאכן? און איר כאסן, איר זאכארטשיק... ווי האט ער עס געזאָגט צו זשעניען:

— בא דיר איז אן אלטמאָדישע מומע.

— טשעפּע ניט מײַן מומע! — האט זי אים אָפּגעענטפערט און א בלענד געטאָן מיט אירע שיינע שווארצע אויגן.

5

זשעניע, וואס האט זיך ארײַנגעגאנוועט צו איר אין אלקערל איינייַנעם מיט די גרויע קאיאר־פאסן, האט אויסגעזען ביז גאר וואכעדיק. דאס איז גאר אן אנדער זשעניע. דאס נעזל פארשפיצט, די אויגן — ווי צאנקענדיקע ליכטלעך און דער האלדז — באַסיעס אמאַליקער לאנ־גער און דארער האלדז. דאס פאנעם — ווי איבערגעצויגן מיט א בלייכקײַט. עפשער דערפאר האבן די קלײַנדלעך אַנגעוואָרן דעם גאנצן כיין. א צעפּאטלטע, אין א כאלאט ביז די פיאטעס, מיט די שטעקשיך אף די באָרוועסע פיס, האט זי אויסגעזען פיל עלטער און... — ניין, ליזע האט ניט געוואלט זאָגן, אז זי איז מיִעס... נאָר ווי קאָן עס א מיידל אזוי פארגעסן איז זיך? זי, זשעניע?..

צוגעזעצט זיך אפן בעטל און אַנגענומען ליזען פאר דער רעכטער האנט, וואס איז געלעגן אף דער קאָלדרע, האט זי זיך אַנגערופן שטיל, ווי מוירע געהאט עמעצן אופצוּוועקן:

— מומע, איר קלײַבט זיך אוועקפארן?..

— פונוואנען נעמסטו עס?

— איך ווייס... כ'בין א גאנצע נאכט ניט געשלאָפן.

— ניט שיין, ניט שיין פון דײַן זײַט.

— וואס ניט שיין?..

— אונטערהערן פרעמדע געדאנקען...

— כ'האב גארנישט ניט אונטערגעהערט. כ'האב געזען... כ'האב נעכטן געזען, ווי איר האט געקוקט אף אלעמען. און איך אליין האב זיך געפילט, ווי איך זיץ באם טיש א נאקעטע...

— יאָ, זשעניטשקע, עפעס האב איך זיך טאקע געפילט נעכטן, גלײַך ווי כ'וואלט געטראָפן אף א פרעמדער כאסענע.

— כ'פארשטיי, מומע, כ'פארשטיי... נאָר ווי האבן זיי עס ניט פארשטאנען? ניט דערפילט, אז דאָ זײַנען זיי ניט אליין, אז ס'איז דאָ צווישן זיי א פרעמדער, אן אנדערער, גאר אן אנדערער! א מענטש, וואס זעט זיי אף דורך און דורך?..

— פארוואס דארפן זיי דערפילן? אז מע זיצט איינייַנעם בא איין טיש...

— מומע טײַערע, פארט ניט אוועק...

— וואס אזוי קאטעגאָריש?

— ווײַל איר טארט ניט אוועקפארן. איר זײַט בא מיר די איינציקע, די איינציקע מומע. און זינט איר זײַט געקומען... דאס ערשטע מאָל אין אונדזער שטוב א מענטש, נו, גאר אן אנדער מענטש. און אז איר וועט אוועקפארן...

— איז עפשער וועסטו פארן מיט מיר?

— וואָס רעדט איר, מומעניו!

— עך, זשעניטשקע... אַמאָל, אין דײַנע יאָרן... מיידלעך און ייִנגלעך האָבן געוואָרפן טאַטע־מאַמע און אוועק אין עק וועלט.

— כ'האָב אויך געוואָלט אַזוי טאָן. מיט צוויי יאָר צוריק. קיין מוט ניט געסטײַעט.

אויפגעכאַפּט זיך און דערהערט עפּעס אַ שעפּטשען בײַ ליזען אין אַלקער, איז באַסיע אַ דער־שראָקענע אַראָפּגעשפּרונגען פונעם בעט. מיסטאָמע איז איר ווידער ניט גוט, ליזען. און זשעניע גייט איר שוין עפּעס טראָפּנס. אַרײַנגעלאָפן אין אַלקער אין איין העמד, איבערצײַגט זיך, אַז בײַ קיין כאָלעשן האַלט עס ניט, ווערט זי בערויִגעזלעך־פריילעך און נעמט זיי ביידע זידלען:

— וואָס זשע איז מען אויפגעשטאַנען אַזאַ גרויסן פאַרטאָג? זיך שוין פאַרבענקט איינע נאָך דער אַנדערער? זע נאָר, זע נאָר!..

צוגעזעצט זיך לעבן זשעניען אויפן בעטל און אַ שמייכל געטאָן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. אַ שמייכל געטאָן צום נעכטיקן פריילעכן טומל, צום נעכטיקן פולן טיש, צו די שיקערלעכע געסט. דערמאָנט זיך אין עפּעס זייער אַ וויכטיקס, וואָס זי מוז שוין דערציילן ליזען.

— אוי, זאָלסט געווען זען, ווי נעכטן האָט מערי פיליפּאָוונאַ זיך צעוואָרטלט מיט אַנדריי מיראָנאָוויטשן...

און פאַרפּלאָכטן גאָר אין אַנדער מײַסע.

— זי, מערי פיליפּאָוונאַ, האַלט זיך פאַר אַ גרויסן ייִכעס. כאָסן־צאַד. זי מיינט, אַז איר זאַ־כאַרטשיק... און וואָס, אונדזער זשעניע איז עפּעס כאָלילע אַ קרומע, צי אַ האָרבאַטע, צי עפּשער אַן אָרעמע קאַלע?

— מאַמע!..

— נו, איך בין דײַן מאַמע. ווי געפעלט דיר אונדזער זשעניטשקע, ליזע? אַ סטודענטקע. נאָך אַ פּאָר יאָר ווערט זי אינזשעניער. און זאַכאַרטשיק אויך אַן אינזשעניער. סעמיאָן גאַווריִלאָ־וויטש האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך שוין באַצײַטנס צונויפגערעדט. זיי בלײַבן דאָ. וואָדען, האָדע־וועסט אויס אַזאַ טאָכטער און דערנאָך פאַרשיקט מען זי קיין אויסטרײַסעניש.

— מאַמע! נו, לאָז אויסריידן אַ וואָרט! די מומע, זי גייט אוועק פון אונדז...

ליזע האָט גאָר ניט געוווּסט, אַז איר וועט זײַן אַזוי שווער אַרויסצורײדן די עטלעכע ווער־טער. און אַפילו איצט, ווען זשעניע האָט דאָס געטאָן פאַר איר, האָט זי ניט געוווּסט, וויִאַזוי און מיט וואָס פאַרגלעטן זיי.

— דו מיין ניט, באַסיעלע... נאָר אַנדערש קאָן ניט זײַן. איך מוז זיך איבערקלײַבן.

— וואָס איבערקלײַבן, ווען איבערקלײַבן, וווּהין איבערקלײַבן?

— דערווײַל אין האָטעל. דערנאָך וועלן מיר זען.

— וואָס רעדסטו? ביסט נאָך שיקער?

נאָר באַסיע זעט, אַז ליזע איז ניט שיקער. און זי פילט, זי פילט, אַז ליזע האָט שוין צוגע־טראַכט עפּעס אַזוינס, וואָס ליזע קען צוטראַכטן! אָט האָט זי זיך אַ ריס געטאָן, אויפגעשטאַנען פון בעט און גלײַך גענומען זיך אָנטאָן.

— באָריס, ווו ביסטו דאָרטן, באָריס, קום נאָר אַהער! דו הער נאָר, וואָס זי זאָגט! איבער־קלײַבן זיך!

באָריס קומט אַרײַן אין זײַן זײַדענער פּיזשאַמע, די אויגן אַ ביסל פאַרשלאָפן און אַ ביסל נאָך שיקערלעך און אויפן פּאָנעם די ערשטע סימאָנים פון אַ געשמאַקן געניעץ. ער באַקוקט אַלעמען מיט אַ ניט אויסגעניכטערטן בליק.

— וואָס אַזוי פרי, ווײַבער? דער טאָג אײַך ווייניק אָף אָנריידן זיך?

— אַ מאָשל. דו הער נאָר, וואָס זי זאָגט. איבערקלײַבן זיך. אין האָטעל.

— וואָס, וואָס?

— זי וויל ניט זײַן בײַ אונדז!

דער געניעץ האָט ניט באַוויזן אויסציִען זיך. די מיטאַמאָל ניכטער געוואָרענע אויגן האָבן אָנגעהויבן פינטלען, גלײַך ס'איז אין זיי עפּעס אַרײַן. ער כאַפּט אָף אַ ווײַלע אַ קוק אין ליזעס ביז ווייטעק צונויפגעקלעמטע אויגן, און דוכט זיך, ערשט איצט האָט ער דערפילט דאָס זעלבע, וואָס זי, זשעניע, נעכטן בײַם טיש. דערשראָקן אַ ציטער געטאָן, האָט ער מיט אַלע קויכעס גע־פּרווּוט צוגעבן זײַן בליק מער קאַטעגאָרישקײַט.

— אויב אַזוי, האָסטו ניט וואָס צו טאָן בײַ אונדז אין שטאָט! — האָט געדאַרפט זאָגן זײַן בייזער בליק.

ליזעס שמייכעלע האָט געדאַרפט באַטײַטן:

— וואָס זשע, דו מיינסט, אַז די גאַנצע שטאָט איז דײַנע?

באַסיע פאַרשטייט ניט קיין שטומלאָשן. זי הייבט אָן ברעכן די הענט און שרײַען אָף אַ קאָל:

— ווײ איז מיר, אַזאַ ביזױען!.. אַן אײגענע שװעסטער! װאָס װעלן מענטשן זאָגן, װאָס װעט זאָגן מערי פיליפּאָװנאַ?..

— אױ, װי נאַריש דו ביסט, שװעסטער מײַנע.

טאַקע ניט אײַנגעהאַלטן זיך און זיך אַרױסגעכאַפּט. ליזען האָט זיך געדוכט, אַז אַלע זײַנען געבליבן געפּלעפט, מער װי פון דער גאַנצער געשיכטע. אַפילו זשעניע האָט דערשראָקן אַ קוק געטאָן אױף איר און אױסגעשריִען:

— אַך!..

פאַרגלאָצט די אױגן און אַ נעם געטאָן זיך מיט בײדע הענט פאַרן האַלדז, גלײַך ס'האָט זי אָנגעהױבן װאַרגן.

באַסיע האָט אַ קוק געטאָן אױף זשעניען און פאַרגעסן אין זיך.

— װאָס איז מיטן קינד, װײ איז מיר, די גלאַנדעס? באָריס!..

נאָר באָריסן האָבן איצט באַאומרויִקט אַ סך װיכטיקערע זאַכן, װי זשעניעס גלאַנדעס.

— כ'מײן, אַלץ װעט בלײַבן צװישן אונדז? — די שטים איז שױן גאָר ניט אַזױ בײז, װי אַקאָרשט דער בליק.

— װאָס?

— נו, װאָס געזען, געהערט...

— װי נאַריש איר זײַט בײדע... — נאָר דאָס האָט ליזע שױן בלױז אַ טראַכט געטאָן. אין אַלקערל, אין װעלכן ס'איז שױן אַזױ אױך געװען ענג, איז מיטאַמאָל געװאָרן נאָך ענגער. ס'האָבן זיך אַ יאָװע געטאָן גאַליע מיט נאַטאַשען.

— זעט איר דאָך, — פאַרענטפערט זי זיך פאַר זײ. — איך מוז בלײַבן. מיר האָבן דאָך אױסגענומען: אױב איך בלײַב ניט, הײסט עס אורלױב, אױב איך בלײַב איבער, הײסט עס אַראָפּגענומען זיך פונעם דיסקאָנט. דערצײלן אײַך, װעט איר דאָך אָנהײבן לאַכן: פון אַלץ, װעט איר זאָגן, מאַך איך אַ װעזן: לעאָן בלום, מאַדריד, מינכען... אָבער דאָס איז דאָך אַ פּלעמעניצע. װי זשע לאָזט מען זי איבער אַזױ־אָ, אינמיטנדערינען. װײַל אױב מיר זאָגן „אַלע פאַר אײנעם און אײנער פאַר אַלע“, האָט עס דען אַ שײַכעס נאָר צו די קאָמוניסטישע בריגאַדעס? און אַ פּלעמעניצע איז ניט דײַן דײַגע?

— איז װאָס, באַשטעלן אַ טאַקסי? — פרעגט באָריס. ער װײסט גוט, אַז מיט ליזען איז ניטאָ װאָס צו שפּאַרן זיך.

— מע דאַרף ניט. אַזױפיל זאַכן באַ מיר?

— איך װעל איר העלפן, — רופט זיך אָן זשעניע, נאָך אַלץ דערשלאָגן און אַלץ בערױגעז.

באַסיע טײַנעט זיך אײרס:

— װײ מיר, די אײגענע שװעסטער. אַזאַ פּאַטש אין פּאָנעם...

— אַ פּאַטש פאַרהײלט זיך און אַ װאָרט געדענקט זיך...

דאָס זאָגט באָריס. און ליזע פאַרשטײט ניט: װעגן װעלכן װאָרט גײט עס אַ רײד? און װאָס מײנט ער דערמיט?

## 6

מיט אַרבעט האָט ליזע זיך אײַנגעאָרדנט גיכער, װי זי האָט געקלערט. טאַקע אױפן צװײטן טאָג. אין דער היגער טריקאָטאַזש־פאַבריק, האָט זיך אַרױסגעװיזן, איז פּונקט אַזאַ פרױען־מעלוכע, װי אין דער פאַבריק, װוּ זי האָט אַ לעבן אָפּגעאַרבעט. דער דירעקטאָר, דער הױפּט־אינזשעניער, דער פּאָרזיצער פון פאַבקאָם און דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטײ־אָרגאַניזאַציע — אַלע פרױען. אין די צעכן, באַם קאָנװײער — אױך דאָס זעלבע. מיט אײן װאָרט — אומעטום גאַליעס מיט נאַטאַשעס. ליזע האָט בעפּײרעש בעדײַע געהאַט זעצן זיך צו אַ מאַשין אױפן קאָנװײער, נאָר דער דירעקטאָר, אַנאַ איװאַנאָװנאַ, װען זי האָט זיך באַקאַנט מיט אירע דאָקומענטן און כאַראַקטעריסטיקעס, האָט אַפילו הערן װעגן דעם ניט געװאָלט. װאָס זשע, עס װאַלגערן זיך עפּעס באַ זײ אַזעלכע בריגאַדירן? זי האָט פאַר איר אַ גרײטע בריגאַדע. און אױך — אַ בריגאַדע פון קאָמוניסטישער מי. אַנאַ איװאַנאָװנאַ לײענט די דאָקומענטן און כאַפּט פון דער זײַט אַ קוק אױף ליזען.

— װי זשע קומט עס, איבערלאָזן אַזאַ פאַבריק... — דאָס פרעגט זי פּאַשעט אױף צוגעבן דעם פּאָנעם אַ ביסל מער שטרענגקײַט, ליזע זאָל אױפהערן באַקוקן זי.

— אַ שװעסטער דאָ. דרײַסיק יאָר געװען צעשײדט. און מע װערט דאָך ניט ייִנגער...

דער צעך — אַן אַלטער באַקאַנטער: מיט זײַן אײביקן מאַשינען־גערױש און װײַבערשן טומל, מיט אָן אַ שיר פּאַסירונגען, עמעסע און צוגעטראַכטע, װאָס מוזן אָפּגיך איבערדערצײלט װערן יעדן גאַנצפרי, אײדער מע שטעלט זיך צו דער אַרבעט. ערגער איז געװען מיט די פאַרנאַכטן און פרײַע אָװנטן. ליזע האָט ניט געװוּסט װוּ אַהינטאָן זיך, װיִאַזױ בײַקומען דאָס געפיל

פון איינזאמקײַט. דאָס קליינינקע צימערל, וואָס זי האָט געדונגען בא איינער אן אלטיטשקער, האָט איר אויסגעזען ביז גאָר אומהיימלעך. עפּעס האָט זיך איר אלעמאָל ניט ווילנדיק א טראכט געטאָן, אז מיט עטלעכע גאסן ווײַטער וווינט אן אייגענע שוועסטער, און ווער ווייסט, ווען זיי וועלן זיך נאָכאמאָל זען. זשעניע קומט אויך זייער זעלטן. און דאָס איז שוין פאר איר פּאָשעט א סאָד. וואָס זשע וויל זי פון איר, אָט די קאפּריזע פלעמעניצע? זי איז דאָך דאָ געבליבן צוליב איר!..

פרילינג. באנאכט איז די גאנצע ערד אוף. עס סטײַעט ארבעט: מע דארף ארויסציִען די פײַכטקײַט פון די טיפענישן, אָנווייקן די זריִע און ארופּציִען ארוף די יונגע שפּראָצונגען. מע דארף צעפּיקן די קנאָספּן אף די אקאציעס און קאשטאנען־ביימער און פאנאנדערוויקלען צו באַ־גינען דעם ווײַנשל־צוויט. און מע דארף נאָך אקערן, און מע דארף נאָך באַראָנעווען און מע דארף זאָרגן, אז די טראקטאָריסטן זאָלן זײַן וואך און די בריגאדירן זאָלן ניט פארשלאָפן.

נאָר פארוואָס איז אויך די שטאָטלײַט אזוי שווער אײַנשלאָפן אין די פרילינגדיקע נעכט? פארוואָס ליגט מען אזוי לאנג מיט אָפענע אויגן און מע הערט זיך אײַן אין יעדן מינדסטן שאָרך, און עפּעס נאָגט אונטערן הארצן, און עפּעס האלט מען זיך אין איין דערמאָנען אזוינס, וואָס שמעקט מיט בעז און מיט ווײַנשל־צוויט?

ליזע ארבעט די וואָך אין דער צווייטער וואכטע, קומט אהיים אזייגער עלף אין אָוונט. א ביסל מידלעך, נאָר אײַנשלאָפן איז שווער. נעמט זי פריִער א צײַטונג, דערנאָך א ביכל, נאָר ס'העלפט ניט. שוין אויסגעלאָשן די שײַן און געמאכט זיך, אז זי שלאָפט. נאָר — נעכטיקע טעג. אז פון יענער זײַט פענצטער איז אזא לויטערע און ווארעמע נאכט. און די לעוואָנע הענגט מאמעש איבערן פענצטער און ס'הייבט זיך אָן א לאנגע סעדרע... זי הייבט זיך אָן פון איר דאָווידן, פון איר טאָליקן, פון נאטאשען און גאליען. און ווידער... — ניין, דאָס וועט זי דורכ־לאָזן, גלײַך ס'איז גאָרנישט ניט געווען. זי וועט טראכטן וועגן איר נײַער בריגאדע, זי האָט שוין וועגן וואָס צו טראכטן. זי קען זיי שוין אלעמען, גלײַך אָפּגעארבעט מיט זיי יאָרן. און זי נעמט זיך שוין אפילע דאָס רעכט צו שטאָלצירן מיט איר בריגאדע. פאראן אין איר רוסן און אוקראַי־נער, מאָלדאוואנער און יידן און איינע א טאָטערקע. דערפאר רופט מען זי — די אינטערנאציאָ־נאלע בריגאדע. עפּעס ענלעך אף יענער בריגאדע אין שפּאניע, אין וועלכער איר דאָוויד איז געווען. מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן זיי ארײַנגענומען אין בריגאדע א ציגײַנערן.

א ביסל ניט באקוועם איז דער ביז גאָר פארשיידענער עלטער. פאראן פרויען שוין בא די פופציק, און אזעלכע ווי ליודע, וואָס קאָן זיך ניט דערווארטן ווערן עלטער כאָטש אף א יאָר און העכער כאָטש אף א סאנטימעטער. מיילע, מיטן ווּקס גיט זיך ליודע אָן אייצע. זי טראָגט טופ־ליעס אף די העכסטע און דינסטע אָפּצאסלעך און צעשויבערט די האָר אזוי, אז מע קאָן מיינען... נאָר וואָלט זי געהאט נאָך אָן א שיר כעסרוינעס, וואָלט זי זיי געקאָנט דעקן מיט אירע גרויסע בלויע אויגן און מיט איר קעלעכל, ווי א גלעקעלע. זי איז קאָמסאָרג און קולטור־אָרגאניזאטאָר און שטענדיק פול מיט טײַנעס צו איר בריגאדע, וועלכער מע האָט, זאָגט זי, אומזיסט א נאָמען געגעבן קאָמוניסטישע. רעדסט מיט זיי וועגן א קאָלעקטיוון באזוך אין קינאָ אָדער טעאטער, הייבט זיך אָן א געשיכטע: בא דער א מאן, בא דער א קליין קינד, בא דער א גאָרטן. און גיי טײַנע זיך דערנאָך אויס מיטן קאָמיוגישן קאָמיטעט.

די ציגײַנערן איז טאקע ליודעס אופּטו. געבראכט זי מיט זיך אין צעך און געמאָלדן:

— זי וועט ארבעטן בא אונדז.

אפילע ליזע איז געווען א ביסל איבערראשט:

— אָט אזוי־אָ, א ציגײַנערן פון דער גאס אין א בריגאדע פון קאָמוניסטישער מי?

— א מאָשל. ווּ זאָלן מיר נעמען ציגײַנערנס, אויב ניט פון דער גאס?

ליודע שלעפּט אראָפּ דאָס טיכל פון קאָפּ, צעשויבערט נאָך א ביסל די האָר און נעמט אויס־מאָלן די ציגײַנערן מיט אלע אירע מײַלעס:

— איר ווייסט, אז זי נעכטיקט נאָך אפילע אין טאבאָר?

— נו, איז וואָס?

— איז ווער זשע וועט זי איבערדערציִען?

אן אײַזערנע לאָגיק בא אָט דער ליודען:

— ווער קאָן בעסער איבערדערציִען, ווי אן ארבעטער־קאָלעקטיוו, עמעס? און אויב אזוי, זײַנען דאָך מיסטאמע די בעסטע קאָלעקטיוון דאָס בעסטע אָרט דערצו!

געמיינט אפּאָנעם, אז די אלע ארגומענטן זײַנען ניט גענוג, האָט זי באשטימט אויסשיטן אלץ מיטאמאָל, און זאָל מען דערנאָך פּרוּוון.

— מיר וועלן זי ארײַנעמען אין קאָמסאָמאָל, מיר וועלן זי אויסלערנען לייענען און שרײַבן. און דערנאָך וועלן מיר פּראווען א קאָמיוגישע כאסענע.

— סײַדן אַזוי, — האָט ליזע אַ שמייכל געטאָן, באַמערקט ווי לידע האָט זיך פאַרויטלט. — טאַקע. מיט וועמען וואָלטן מיר אויסגעפּילט דעם פּונקט וועגן קאָמיוגישע כאַסענעס?

— און וואַראַזשען קענסטו?

דאָס האָט געפרעגט די עלטסטע צווישן די נייטערנס, יעפראַסיניאַ אינאָקענטיעוונאַ. גע־רופן האָבן זי אַלע פאַרצויגן — מומע פראַסיע.

אָפּגעבריט אַלעמען מיט איר בייזן בליק, האָט די ציגײַנערן אַ כאַפּ געטאָן ליזעס האַנט:

— דו ביסט אַ גוטע און אַ שיינע. און כאָטש באַ דיר איז אַ סאַך גראָווע האָר, ביסטו נאָך יונג און שטאַרק. און ס׳וואַרט אַף דיר אַ סאַך רײַכקײַט און גליק. דו בענקסט און וואַרטסט אַף אַ בריוו. נאָר ער איז ווײַט און אַ צײַט ווייסטו פון אים קיין בריוו ניט האָבן. נאָר באַומרויִקן זיך דאַרפסטו ניט. ער טראַכט וועגן דיר און וועט אינגיכן געבן צו וויסן וועגן זיך. און דערנאָך וועט ער אַליין קומען... ווײַל ער האָט דיך שטאַרק ליב.

ליזע האָט דערפילט, ווי זי הייבט אָן רויטלען זיך, גלײַך די ציגײַנערן האָט אַף אָן עמעס געטראָפן און אויסגעזאָגט אַלע אירע סודעס. זי האָט אַרויסגעריסן די האַנט און אַ פרעג געטאָן מיט אַ געמאַכטער שטרענגקײַט:

— נו, און עפּעס נייַען קענסטו?

— זי קען, — האָט לידע אָפּגעענטפערט פאַר איר מיט אַזאַ גאַדלעס, גלײַך דאָס וואָלט געווען איר פאַרדינסט. — פאַרוואָס דען האָב איך זי גענומען צו אונדז?

ווען מע לאָזט לידען, וואָלט זי די גאַנצע וועלט אַרײַנגעשלעפּט אין זייער בריגאַדע, און וואָלט אַלעמען אַרײַנגענומען אין קאָמסאָמאָל, און וואָלט אַלעמען געפראַוועט קאָמיוגישע כאַסע־נעס. ווײַל — אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע. ליזען איז ביז גאָר געפעלן אָט די קליי־ניטשקע לידקע אַף די הויכע אָפּצאַסלעך. אין איר, אין ליזען, אַ ביסל געראָטן — זי איז אויך געווען אַזאַ, געוואָלט פאַרזאָרגן די גאַנצע וועלט. געווען? זי איז איצט אויך אַזאַ. ווי האָט עס געזאָגט די ציגײַנערן? זי איז נאָך יונג...

ווידער די ציגײַנערן. זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטער נייטערן און אַ גוטער שילערן. לידע קאָן זיך ניט אָנריידן וועגן סילוועןן, מאַמעש פאַרליבט אין איר.

אײַנגעשלאָפן איז ליזע ערשט באַגינען מיט עפּעס אַ ניט קלאָר געמיש פון געדאַנקען און בילדער, מיט אַ גרינג שמייכעלע אַפן פּנים און אַ נאַגנדיקער בענקעניש אין האַרצן. געשפּאַסט פון זיך אַליין: די ציגײַנערן האָט טאַקע אַ ביסל געטראָפן. זי בענקט טאַקע און איז אומרויִק. עפּעס לאַנג ניטאָ קיין בריוו פון טאַליקן. און זי בענקט נאָך אירע כאַווערטעס, נאָך גאַליען און נאַטאַשען. פון זיי עפּעס אויך קיין בריוו ניטאָ. און עפּעס אַ בענקעניש גלאַט אַזוי. ווײַל אין דרויסן איז פרילינג, עס בלאָזן וואַרעמע ווינטן, עס צעפּיקן זיך די קנאָספּן און עס שמעקט אַרום מיט יונגן בעז.

אויפגעכאַפּט זיך אַזייגער צען, ווען דאָס קליינע צימערל איז געווען פאַרטרונקען מיט זון. אײַנגעשלאָסן דעם רעפּראָדוקטאָר און ווי אָן אָפּגעבריטע אַראָפּגעשפּרונגען פונעם געלעגער. לעוויטאַנס[1] שטים. זײַן אויסרופנדיקע און רעגנדיקע שטים. און זײַן אויסציִען און אונטערשטרײַכן יעדעס וואָרט. און זײַן שאַרפער פּילגאַרנדיקער רייש. נאָך ניט געקאָנט באַנעמען, וואָס איז גע־שען. בלויז דער צאַפּל, פּונקט ווי דאַן, ווען לעוויטאַן האָט געלייענט די באַפעלן פונעם אויבער־קאָמאַנדיר פון דער סאָוועטישער אַרמיי און זיי, דרײַ כאַווערטעס, איינע אָן אַלמאַנע מיט אַ סטאַזש, די איבעריקע צוויי — קאַנדידאַטקעס אַף דעם, זײַנען געשטאַנען אַרומגענומען און געטראַכט: ווער פון זיי איז הײַנט געוואָרן אָן אַלמאַנע. ערשט אין אַ פּאָר מינוט אַרום פאַרשטאַ־נען, וועגן וואָס ס׳גייט אַ רייד, און זיך צוגעזעצט. גלײַך ניט יענער, דער ערשטער מענטש אין קאָסמאָס, האָט נאַרוואָס איבערגעטראָגן אָן אויסערגעוויינלעכע איבערלאַדונג, נאָר זי אַליין. גוט, וואָס אַזאַ צושטאַנד דויערט אַפילע באַם קאָסמאָנאַווט געציילטע סעקונדן. מיטאַמאָל דערפילט זי אַזאַ גרינגקײַט, גלײַך זי וואָלט אַף אָן עמעס אייניגעם מיט גאַגאַרינען אָנגעווירן די גאַנצע וואָג אירע.

ניין, אויב זיצן איינע אַליין אין שטוב, וועט זי עס ניט אויסהאַלטן. אַפּגיך אָנגעטאָן זיך, אַפילע ניט צוגעקעמט זיך ווי געהעריק, אַ כאַפּ געטאָן דאָס שאַלעכל און אַרויסגעלאָפן אין דרויסן.

אַ זוניקער לויטערער הימל. און אַ לויטערע צעצוויטעטע ערד, און הונדערטער טויזנטער לויטערע, צעצוויטעטע פּנעמער. און אַלע שטייען פאַריסן די קעפּ אַרויף און קוקן זיך אײַן אינעם הימל, גלײַך אַף אָן עמעס מע קאָן דאָרט עפּעס זען.

עטוואָס ענלעכס האָט זי שוין איבערגעלעבט. ווען איז דאָס געווען? יאָ, אין יענעם לויטערן

[1] לעוויטאַן — אַ דיקטאָר פון מאָסקווער ראַדיאָ.

מײַ־טאָג פֿון פֿינף און פֿערציקסטן, אינעם טאָג פֿון זיג, ווען ס'איז ענדלעך געקומען דאָס אויסגעטרוימטע און אויסגעקעמפֿטע און די גאַנצע ערד האָט מיטאַמאָל באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען. דרײַ כאַוועריטעס, אין יענעם טאָג אַלע דרײַ שוין אַלמאָנעס, זײַנען געשטאַנען אַרומגענומען און גלײַך מיט אַלעמען געפֿרייט זיך און געוויינט. אוי, ווי נעמט מען איצט אָהער גאַליען מיט נאַטאַשען! הײַנטיקער טאָג איז דאָך אויך זייערער, אויך אירער א לאַנגאָניקער טרוים, נאָך פֿון דאַן אָן, זינט זי האָט זיך דערוווּסט, אַז די ערד דרייט זיך, זינט זי האָט צוזאַמען מיט די שטעטלדיקע ייִנגלעך און מיידלעך אָנגעהויבן אַרומגיין איבער די גאַסן און זינגען: מיר וועלן אַרויף אויפֿן הימל און פֿאַנאַנדערטרײַבן אַלע געטער.

די ראַדיִאָ, ווי אָנגעשטויסן זיך, ווען וואָס זי טראַכט, האָט אָנגעהויבן זינגען אַן אַלטע, אַמאָליקע ליד. אויך פֿון יענע צײַטן:

Мы рождены, чтоб сказку сделать былью,
Преодолеть пространство и простор[1].

אַליין ניט באַמערקט, ווי ס'האָט זי פֿאַרפֿירט צו דער פֿאַבריק. געכאַפּט זיך, אַז זי האָט טאַקע די גאַנצע צײַט געטראַכט וועגן דעם — זי דאַרף זײַן דאָרטן, מיט איר אוילעם. און דאָס, וואָס איר בריגאַדע איז אין דער צווייטער וואַכטע? דאָס מאַכט ניט אויס.

דערוואַרט זיך טאַקע דאָ, אַף דער פֿאַבריק, ביז דער „וואָסטאָק־1" האָט זיך בעשאָלעם אַראָפּגעזעצט, איז זי אַוועק אַהיים א באַרויִקטע און א מידע, ווי נאָך א שווערן טאָג אַרבעט. די גאַסן האָבן אויסגעזען, ווי עס וואָלט נאָרוואָס דורכגעגאַנגען אַן ערשטמײַיִקע דעמאָנסטראַציע און דער אוילעם הייבט אָן פֿאַנאַנדערגיין זיך אין פֿאַרשיידענע ריכטונגען, טראָגנדיק דעם יאָמטעוו צו זיך אין שטוב אַרײַן.

אינעם זוניקן הימל זײַנען דורכגעפֿלויגן איין אַעראָפּלאַן נאָכן צווייטן, און זי האָט ווידער פֿאַריסן דעם קאָפּ. עפּשער פֿליט דאָרטן איר טאָליק און ער וועט באַלד מאַכן א קרײַז איבער איר גאַס. און עפּשער... עפּשער איז ער גאָר פֿון יעניקע, וואָס וועלן געוויס אינגיכן איינער נאָך דעם אַנדערן שטורעמען דעם קאָסמאָס?

שוין דאַן, ווען זי איז ווידער געווען בא זיך אין צימערל, האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי האָט נאָך ניט איבערגעביסן, און נאָך זיך דערמאָנט אין באַסיען. און אין באָריסן. מע וואָלט געדאַרפֿט צולויפֿן צו זיי. אײַ וואָס, זיי זײַנען אַזעלכע? אָבער גאַגאַרין! און מענטשן מוזן ווערן בעסער, שענער, לײַטישער. און וואָס מאַכט איצט אויס באַסיע מיט איר צירונג און באָריס מיט זײַן „עקאָנאָמיטשעסקע טאָטשקע זרעניע". אָט וועט זי עפּעס איבערכאַפּן און אַוועקלויפֿן צו זיי. זי וועט נאָך באַווײַזן ביז דער אַרבעט.

גיין צו באַסיען האָט זי אָבער פֿאַרשפּאָרט, זי האָט נאָר באַוויזן אָנצינדן דאָס גאַזעווע אייוועלע און אַוועקשטעלן דעם טשײַניק, ווי צו איר אין צימער איז אַרײַנגעלאָפֿן באַסיע.

## 7

זינט יענעם אינדערפֿרי האָבן די שוועסטער זיך קיין איין מאָל ניט געזען. כאָטש געטראַכט האָבן זיי ביידע איינע וועגן דער אַנדערער א סאַך מאָל. בא ליזען האָבן די דערמאָנונגען שטענדיק געהאַט א ביטערן בײַטאַם. ווײַל געטראַכט האָט זי אָפּטמאָל, צי איז זי ריכטיק זיך באַגאַנגען מיט דער שוועסטער. עפּשער געדאַרפֿט גאָר אַנדערש. וויִאַזוי אַנדערש, האָט זי ניט געוווּסט, און דערפֿאַר געבייזערט זיך אַף זיך אַליין. און אָט ווידער — געקומען באַסיע, און זי ווייסט ניט, ווי באַגיין זיך מיט איר.

באַסיע — אָנגעטאָן האַלב־זומערדיק, האַלב־ווינטערדיק, קענטיק אין אײַלעניש אַרופּגעוואָרפֿן אַף זיך, וואָס עס איז געווען אונטער דער האַנט, און ליזען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זען זעט זי אויס, ווי אין יענעם אינדערפֿרי: אין איין העמד, מיט א צעשויבערטן קאָפּ און מיט א פֿול מויל האָרנאָדלען. באַסיע האָט טאַקע א צײַט ניט געקאָנט אַרויסריידן קיין וואָרט, גלײַך דאָס מויל איז געווען מיט עפּעס פֿאַרשטאָפּט. גיכער דערפֿאַר, ווײַל זי האָט געהאַלטן אין איין ציטערן און ניט געקאָנט טרעפֿן א צאָן אַף א צאָן. קוים אַרויסגערעדט, ווײַזנדיק אַפֿן בינטל, וואָס זי האָט אַוועקגעשטעלט אין ווינקל:

— איך וויל, ליזע, ס'זאָל זײַן דערווײַל בא דיר. דאָס איז אַלץ, וואָס בא מיר איז געבליבן.

— קיין געגאַנוועטס האָב איך קיינמאָל ניט אויסבאַהאַלטן, באַסיע!

---

1 — געבוירן זײַנען מיר פֿון טרוים א וואָר צו מאַכן,
אַף אײַנעמען די ראַכוועס און דעם רוים.

ארויסגעשריִען מיט אזא אײַלעניש, ווײַל זי האָט מוירע געהאַט: באַלד וועט באַסיע אָנהייבן דערציילן, וואָס עס האָט געטראָפן, אָנהייבן קלאָגן און וויינען, און דאַן וועט זי ניט קאָנען זײַן אַזוי אַנטשיידן.

א נעם געטאָן דאָס קלומעקל מיט די ציטערנדיקע הענט, האָט באַסיע לאַנג געקליבן זיך עפּעס זאָגן, עפּעס אויסשרײַען, אויסקוויטשען. נאָר די ציין האָבן געקאָנט אויסקלאַפּן בלויז צוויי ווערטער:

— גרינע זשאַבעו!..

און ניט אַזוי דער אויסגעשריי האָט געפּלעפּט ליזען, ווי דער בליק באַסיעס. ווי קומט צו איר אַזאַ בליק, פֿול מיט האַס, פֿול מיט אָפֿענער סינע, וואָס קנײַפּט, גראַבלט דאָס פּאָנעם... ווען באַסיע קאָן איצט, נעמט זי ליזען ווארגן באַם האַלדז.

עפּעס האָט מען נאָך גערעדט אין ראַדיאָ, עפּעס האָט מען געזונגען, נאָר ליזע האָט שוין גאָרנישט ניט געהערט. ניט באַמערקט אַפילע, ווי באַסיע איז אַרויס פונעם צימער. געזעסן און אײַנגעקוקט זיך אין באַסיעס בליק, וואָס איז ווי געבליבן הענגען אינעם מיטאַמאָל שטיל געוואָרענעם צימערל און אָפּגעסאַמט אַלץ אַרום מיט עפּעס גיפטיקס. זי וואָלט קיינמאָל ניט געגלייבט, אַז באַ באַסיען, באַ איר שוועסטער, ליגט ערגעץ פאַרבאַהאַלטן אַזאַ גיפטיקער בליק.

דאָס טשײַניקל האָט געהאַלטן אין איין זידן, דאָס דעקעלע איז אַלץ אונטערגעשפּרונגען, און זי איז געזעסן אָף איר שמאָל בעטל און געכליפּעט.

ווען זי האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען זשעניען, האָט זי געמיינט, אַז דאָס כאַלעמט זיך איר. אָנגעהויבן רײַבן די אויגן און אויסווישן די טרערן. יאָ, ס'איז זשעניע. ניט בעקויעך געוווען אײַנשטילן דאָס כליפּען און געפּרוווט אַ שמייכל טאָן. אַ ביזויען דאָך, אַז זשעניע זאָל זען, אַז זי וויינט. נאָר באַמערקט, ווי זשעניע איז געבליבן שטיין באַ דער שוועל און האָט מוירע וויי־טער אַ שפּאַן טאָן, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז זי מיט איר כאַלעם, מיט אירע טרערן און מיט איר געמאַכטן שמייכל האָבן איצט פאַר זשעניען קיין שום באַטײַט ניט.

— וואָס איז געשען, זשעניע? נו, דערצייל שוין.

— איר ווייסט דען ניט? די מאַמע איז דאָך געוווען באַ אײַך. כ'האָב זי באַגעגנט. און זי האָט מיר געזאָגט...

— זי האָט דיר געזאָגט?.. וואָס האָט זי דיר געזאָגט?

— איך זאָל זיך ניט דערוועגן אַריבערטרעטן אײַער שוועל.

ליזען האָט זיך געדוכט, אַז אין זשעניעס שטים איז פֿאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס איז געוווען אין באַסיעס בליק.

— אַט דאָס ביסטו געקומען מיר זאָגן?..

און אַ הייב געטאָן זיך פֿון בעטל. געמיינט אַ נעם טאָן זשעניען פאַר דער האַנט, ניט לאָזן זי אַוועקגיין, זאָגן איר עפּעס, דערקלערן, פאַרענטפערן זיך. פאַרענטפערן זיך?..

נאָר זשעניע האָט אַ שפּאַן געטאָן פֿון דער שוועל אין צימער אַרײַן. דאָס ערשטע, וואָס ליזע האָט באַמערקט, ווען זי איז צוגעקומען נעענטער, איז געוווען איר קאָפּטעלע. ניט דאָס קאָפּטעלע אינגאַנצן, נאָר דאָס אָרט, וווּ ס'האָט שטענדיק געגלאַנצט דער קאָמיוגישער צייכן.

— וווּ איז ער אַהינגעקומען?.. — האָט ליזע אַ פרעג געטאָן, ווײַזנדיק מיט דער האַנט אָפֿן קליינינקן לעכעלע, וואָס האָט איר איצט אויסגעזען ווי אַ שרעקנדיקע פּוסטקײַט.

— כ'האָב אים אַראָפּגענומען.

— אַליין?

— אַליין, ווער זשע דען? נו, ווי פאַרשטייט איר ניט? שווער צו קוקן אָף אים. אַ ביזויען. און ס'דוכט זיך דיר, אַז ער האַלט אין איין בראָטן...

— נו, זעץ זיך אַוועק, דערצייל, דערצייל...

— וואָס דערציילן? אַלע גייען אַרום ווי אָף אַ יאָמטעוו, באַ אַלעמען זײַנען פאַרהייבן די קעפּ, און דו גייסט אײַנגעגראָבן די אויגן אין דער ערד...

צוגעזעצט זיך לעבן דער מומען אָפֿן בעטל, האָט זי צוגעשפּאַרט זיך מיטן קאָפּ צו איר אַקסל. ליזען האָט זיך געדוכט, אַז באַלד וועט זי אַנשלאָפֿן ווערן. דאָס בלייכע פּאָנעם און די אײַנגעפאַלענע אויגן האָבן טאַקע געבעטן אַ ביסעלע שלאָף. נאָר זשעניע איז ניט אַנשלאָפֿן געוואָרן. ליזע האָט צום ערשטן מאָל געהערט די פּלעמעניצע אַזוי ריידן. דערציילט וועגן דער נאַכט, אין וועלכער ס'זײַנען מיטאַמאָל אײַנגעפאַלן אַלע אירע הימל־מויערן. אַ לאַנגע און שרעק־לעכע נאַכט מיט אַלע פּראָצעדורן פֿון דער אונטערזוכונג, ווען קיין איין בעטל, קיין איין טישל און שופלאָדל ווערט ניט דורכגעלאָזט, און דו זיצסט און קוקסט, און דיר דוכט זיך, אַז מע רײַסט דיר אַרויס אַ צאָן אָדער מע רוקט דיר אין האַלדז אַרײַן יענע גומענע קישקע, מיט וועלכער מע נעמט אַנאַליזן פֿון דער זויערקײַט אינעם מאָגן־זאַפט, אָדער מע פּראַוועט דיר אײַן אַן אויסגע־

בראָכענע האַנט. מיט איין וואָרט: מע האָט דיך צעשרויפט אַף שטיקעלעך און מע הייסט דיר אַליין זיך ווידער צונויפקלײַבן. די מאַמע דרייט זיך אַרום איבער דער שטוב, ברעכט די הענט און — שווײַגט. אַז די מאַמע מוז שוין שווײַגן! דער טאַטע האָט מיטאַמאָל אָנגעוווירן דעם גאַנצן גלאַנץ, זיצט אַף אַ בענקל באַ דער טיר אַ נעבעכדיקער, אַ נישטיקער און זעט אויס ווי עפּעס אַ מענטש, וואָס איז אַף אַ ווײַלע אַרײַן אין אַ פרעמדער שטוב. קוקסט אַפּן טאַטן, אַף דער מאַמען, און ס'ווילט זיך שרײַען, גוואַלדעווען, ס'ווילט זיך עפּעס צעברעכן, צעטראַסקען, און זאָלן קלינגען אויסגע־שלאָגענע טאַפּליעס, צעבראָכן געפּעס, אַבי מיט עפּעס פאַרשלאָגן דעם ווייטעק, ניט הערן, ווי עס קלאַפּן די אייגענע ציין. און ס'ווילט זיך גאָר צומאַכן די אויגן, אויסציִען זיך און זאָל מען מיט אַלע זאַכן אַרויסטראָגן אויך דיך, ווי אַ מעס. סײַווי ווערסטו ניט אויסהאַלטן און ווערסט מוזן עפּעס אָפּטאָן מיט זיך, סײַווי איז אַלץ אַרום אַזוי שרעקלעך און אומדערטרעגלעך, אַזוי נימעס, דערעסן. און עס נעמט דיך אַרום אַ פאַרדראָס אַף טאַטע־מאַמע: צוליב וואָס האָבן זיי דיך געבראַכט אַף דער וועלט?

ליזען וואָלט זיך וועלן עפּעס זאָגן זשעניען, זי וואָלט בעפּיירעש געדאַרפט איר דער־קלערן, אַז אַלע אירע איבערלעבונגען, געדאַנקען און אויספירן זײַנען ביז גאָר אַלטמאָדיש. אַז אַ מיידל, אַ סטודענטקע, אַ קאָמסאָמאָלקע... אַז, אַז... נאָר וואָס דאַרף גיין נאָכן „אַז"? זי גיט אַ טראַכט, אַז איר אַליין איז דאָס שווער פאַרשטעלן זיך. ווײַל איר אַליין איז ניט אויסגעקומען איבערלעבן אַזאַ נאַכט. געווען אַ סאַך שווערע, שרעקלעכע נעכט, עפּשער נאָך ערגערע, נאָר אַנדערע, ניט אַזעלכע. קאָן זי נאָר פירן מיט דער האַנט איבער זשעניעס אַקסל. ס'הייסט, זי גלעט זי, טרייסט זי און זאָגט: רייד, זשעניטשקע, רייד זיך אויס דאָס האַרץ. דערצייל, דערצייל...

און זשעניע דערציילט. זי איז אַרומגעגאַנגען פון פריִען באַגינען איבער דער שטאָט, אַרומ־געבלאָנדזשעט פון איין גאַס אין דער צווייטער און אַלץ געטראַכט. וועגן טאַטן, וועגן דער מאַמען, וועגן זיך. אין דער לעצטער מינוט, איידער מע האָט דעם טאַטן אַוועקגעפירט, האָט ער זי אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן און זיך אָנגערופן:

— טאָכטערוניע, זײַ מיר מויכל.

און אין וואָס זשע איז זײַן שולד? און וואָס דאַרף זי אים מויכל זײַן? און אין וואָס באַשטייט איר שולד? און ווער וועט עס איר מויכל זײַן? און ווער איז זי ביכלאַל? אַ שולדיקע צי אַ גאַליטענע? ווײַל סאַכאַקל האָט מען דאָך זי אָפּגענאַרט. און ווער? דער אייגענער טאַטע מיט זײַן „עקאָנאָמי־טשעסקע טאַטשקע זרעניע" און סעמיאָן גאַווריליאָוויטש מיט זײַן פילאָסאָפיע, מיט זײַנע ווערט־לעך: „אויב עסן כאַזער, זאָל רינען איבער דער באָרד" און „קיינער ווייסט ניט, וואָס מאָרגן וועט זײַן: איינעם גיט אַ כאַפּ אַ קרעפּס, אַ צווייטן אַן אינפאַרקט און אַ דריטן אַ רעוויזיע. איז וואָס, זיצן און פאַסטן? מע ווייסט דאָך קיינמאָל ניט, ווען ס'וועט טרעפן. איינעם גיט עס אַ כאַפּ באַ דרײַסיק יאָר און אַן אַנדערער לעבט זיך אויס ביז דער טיפער עלטער אין אוישער און אין קאָ־וועד". נו, האָט עס איר טאַטן אַ כאַפּ געטאָן באַ די פופציק און סעמיאָן גאַווריליאָוויטש... יענער וועט מיסטאָמע ביז דער טיפער עלטער...

די גאַנצע וועלט האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיך פאַר פרייד, און באַ איר איז גע־ווען אַזאַ צושטאַנד, גלײַך די ערד איז גאָר אַראָפּ פונעם וועג, אָפּגעריסן זיך פון איר אַרביטע און פאַלט אין אָפּגרונט. זי האָט אַלץ געטראַכט וועגן סעמיאָן גאַווריליאָוויטשן און אין איינעם אַ געסל זיך אָנגעשטויסן אַף זאַכאַרטשיקן.

— וואָס טוסטו דאָ? — איז ער ווי אָנגעפאַלן אַף איר. — פאַרוואָס ביסטו ניט געקומען אין אינסטיטוט?

זי האָט געקוקט אַף אים און ניט דערקענט, ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווער איז ער, פונוואַנען האָט ער זיך גענומען און וואָס וויל ער פון איר.

— איך וויל דיר זאָגן... דאַרפסט אַליין פאַרשטיין... אַז באַגעגענען זיך טאָרן מיר ניט. און ביכלאַל... צווישן אונדז קאָן גאָרנישט ניט זײַן.

געקוקט אַף אים און געזען פאַר זיך דעם טאַטן זײַנעם.

— פאַרשטייט זיך, פאַרשטייט זיך. איינעם גיט עס אַ כאַפּ באַ די דרײַסיק און אַנדערע עלטערן זיך אין אוישער און אין קאָוועד. סעמיאָן גאַווריליאָוויטש...

ניט געוווּסט וואָס ווײַטער זאָגן, האָט זי זיך געלאָזט גיין. זאַכאַרטשיק האָט זי אָנגעכאַפּט באַ דער האַנט:

— זשעניטשקע, דו בייזערסט זיך?

בלויז דאַן געקומען צו־זיך, אַ ריס געטאָן די האַנט:

— אָך, דאָס זײַט איר? און ווער האָט אײַך דערלויבט מיר זאָגן זשעניטשקע?

און אַרום האָבן געהילכט די רעפּראָדוקטאָרס. און מענטשן האָבן זיך געקושט און אָפּגע־געבן מאַזלטאָוו. און אַ מעכטיקער באַריטאָן האָט געזונגען:

— זשעניטשקע... — ליזע רעדט עס ארויס שטיל, ווי אומזיכער, און גיט איר א קוק אין די אויגן. — איך מעג דאָך דיך אזוי רופן, הא?

זשעניע גיט זיך א כאַפּ, ווי פונעם שלאָף.

— הא, וואָס?..

— ניין, גאָרנישט ניט... כ'זאָג עס אקעגן דעם. איך האָב אויך געהערט די זעלבע ליד. און דערמאָנט זיך אין יענער צײַט, ווען זי איז געבוירן געוואָרן. און מיר האָבן זי געזונגען אף אלע גאסן. ס'איז געווען אין יענער צײַט, ווען מיר האָבן זיך אָקאָרשט געהאט דערוווּסט, אז די ערד דרייט זיך.

אין זשעניעס אויגן א פארגליווערטער בליק. זיך אײַנגעקלאַמערט אין איין פּינטעלע אף ניט אָפּצורײַסן זיך. און ליזען דוכט זיך, אז איר פלעמעניצע איז ערגעץ ווײַט, ביז גאָר ווײַט. און געוויס הערט זי אפילו ניט, וואָס זי רעדט צו איר.

— ניין, זשעניטשקע, דאָס דארף מען באַנעמען. פארשטייסט, וואָס דאָס האָט פאר אונדז באַטײַט? פונקט, ווי פאר אים אליין, פאר גאַליליייען. מע דארף אין דעם קענען ארײַנטראַכטן זיך. א שטעטעלע... אַן אַמאָליק יידיש שטעטעלע מיט זײַנע שמאָלע געסעלעך, מיט זײַנע שטענדיקע טיפע בלאָטעס און נאָך טיפערן דאַלעס. דו קאָנסט זיך דען פאָרשטעלן דעם דאַלעס פון אַן אַמאָליק יידיש שטעטעלע? און מיטאַמאָל — די ערד דרייט זיך! דו פארשטייסט, זשעניטשקע, זי דרייט זיך! און אויב זי דרייט זיך, וועט זי צו עפּעס זיך דערדרייען. און דאָס שטעטעלע אויך. און די לעצטע יאָרן דרייט זי זיך אזוי גיך! און אָפּטמאָל וויל איך זיך פאָרשטעלן: ווי וועט זי אויסזען אין צוואַנציק יאָר ארום...

אנשוויגן געוואָרן, ווי עמעצער האָט איר צוגעלייגט די האנט צום מויל. א קוק געטאָן אף זשעניען און איבערגעלייענט אין איר בליק: וואָס דערציילט איר מיר, מומע, מײַסעלעך וועגן דער ערד, וואָס דרייט זיך, אז איך ווייס ניט, וואָס זאָל איך איצט טאָן מיט זיך אליין.

— עך, מומע טײַערע... — זי וויל ניט באַליידיקן ליזען און רעדט עס ארויס מיט אנדערע ווערטער. — מיט אײַך איז אזוי גוט. און איך האָב מוירע ארײַנצוקוקן אין דעם מאָרגן. מיר ווערט שרעקלעך. אין צוואַנציק יאָר ארום! איך, ווי מערי פיליפּאָוונא און זאַכאַרטשיק, ווי סעמיאָן גאַווריִלאָוויטש...

— נו, נו, זשעניטשקע, כ'מיין, אז מיט זאַכאַרטשיקן האָסטו זיך שוין אָפּגעפּאַרטיקט.

— יאָ, יאָ, מיט זאַכאַרטשיקן און מיט אלעמען. מיט אלעמען! דאָס קום איך פון וואָקזאַל, געוואָלט קויפן א בילעט און אוועקפאָרן. קיין אויסרײַסעניש!.. האָב איך קיין געלט אף א בילעט ניט געהאַט.

— און וואָס קאָסט א בילעט קיין אויסרײַסעניש?

זשעניע כאַפּט א קוק אף דער מומען, צי האָט זי א שמייכל געטאָן דערבײַ, צי ניין.

— אָט דאָס בין איך, אייגנטלעך, געקומען צו אײַך.

— דאָס האָט מען געדאַרפט פריִער טאָן, זשעניטשקע. און איצט וועט עס הייסן... דו ווייסט, וואָס דאָס וועט הייסן? ניין, זשעניטשקע, פון זיך אליין וועסטו ניט אנטלויפן.

— וואָס זשע דען, מומע?

— דו וועסט טאָן דאָס, וואָס איך וועל דיר הייסן. פארשטאַנען?

ליזע האָט זיך א הייב געטאָן פונעם בעטל, און זשעניע האָט זיך פּאַשעט דערשראָקן פאר איר מיטאַמאָל שטרענג געוואָרענעם פּאָנעם. זי האָט זיך גאָרניט פאָרגעשטעלט, די מומע זאָל קאָנען זײַן אזוי שטרענג.

— ערשטנס, ווו איז דײַן קאָמיוגישער צייכן?

— אָט... אין קעשענע.

— אנו, אָנגעטאָן זאָל ווערן. די מינוט. וואָס איז דאָס פאר א שטיק פון א צעקראָכענער מויד? אָט דאָס הייסט א קאָמיוגיסטקע?

זשעניע איז אינגאנצן פארלוירן. זי פארשטייט ניט: אָט דאָס איז די גרעסטע נארישקײַט, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן? זי טשעפּעט צו דעם קאָמיוגישן צייכן און קוקט דער מומען אין די אויגן אַרײַן, ווי איינער רעדט: נו, אָנגעטשעפּעט. און ווײַטער וואָס?

— און איצט וועסטו זיך אוועקזעצן, אָנשרײַבן א מעלדונג און אוועקטראָגן אין קאָמיוגישן קאָמיטעט פון אינסטיטוט.

— אף וועמען א מעלדונג, אפן טאטן?

— אוי, ביסטו נאָך נאַריש, זשעניטשקע, א מויד פון צוואַנציק יאָר, א סטודענטקע פון צווייטן קורס...

ענדלעך האָט זשעניע א שמייכל געטאָן. דאָס ערשטע מאָל נאָך דער שרעקלעכער נאַכט און נאָך מער שרעקלעכן באַגינען. זי שמייכלט לאַנג און הערט זיך אײַן אינעם אייגענעם שמייכל. גלײַך זי קאָן ניט גלייבן, אַז אַזוינס איז מעגלעך. איבערצײַגט זיך, אַז דאָס איז טאַקע איר שמייכל. און איר ווערט עפּעס מאָדנע גרינג אַפן הארצן, שמייכלט זי ווידער. איצט שמייכלט זי שוין גלאַט אַזוי, צו זיך אַליין, צום אייגענעם שמייכל.

— מיט אײַך איז גוט, מומע. עפּעס קענט איר גלײַך אַזוי אַלץ איבערדרייען... און איך בין טאַקע נאַריש. עמעס, נאַריש. עפּעס זיך ניט דערלערנט. עפּעס איז מען מיט אונדז ניט דורכגע־גאַנגען זייער וויכטיקס. אין שול, אין אינסטיטוט. אַפילו שווער צו זאָגן, וואָס. מעגלעך, אַז יעדע־רער פון אונדז דאַרף האָבן אַזאַ מומע, ווי איר. אַ מענטש, וועמען זאָלסט קאָנען גלייבן. יעדן וואָרט זײַנעם, זײַן לעבן, זײַן בײַשפּיל.

— קאַרג אַזעלכע לעבנס? קאַרג אַזעלכע בײַשפּילן? עך, זשעניטשקע...

— איך ווייס ניט. קאָן זײַן. עפּשער פּאַטערן עס אַזוֹעק די לעקטאָרס אונדזערע. איר ווייסט, סעמיאָן גאַוורילאָוויטש לייענט דאָך אויך לעקציעס. און עפּשער זשאַרא, דער קאָמיוגישער סעקרעטאַר אונדזערער. וואָס גייט אים אָן?..

— און פונדעסטוועגן וועסטו אים אָוועקטראָגן דײַן מעלדונג.

— אָף זיך אַליין אָנשרײַבן אַ מעלדונג?

— עפּשער זאָל איך אָנשרײַבן? די מומע אָף דער פּלעמעניצע?

— עך, ווען יעדע פּלעמעניצע זאָל האָבן אַזאַ מומע...

ליזע האָט זיך געכאַפּט, אַז צו דער וואַכטע איז געבליבן אינגאַנצן אַ מינוט צוואַנציק און זי האָט נאָך ניט איבערגעביסן. זי האָט אײַנגעפּאַקט עפּעס אין אַ צײַטונג, און זיי זײַנען אַוועק. זשעניע האָט זיך געבעטן: זי וויל גיין מיט דער מומען. איר איז פּאַשעט שרעקלעך בלײַבן אַליין. און זאָל די מומע ריידן וואָס זי וויל, אַבי ריידן.

— נו, זשעניטשקע, העכער דעם קאָפּ. און טו אַ קוק, ס'אַרא לויטערער הימל. און טו אַ טראַכט, וואָס הײַנט איז דאַרטן פאַרגעקומען. עפּעס ביסטו דאָך מײַן פּלעמעניצע...

און זשעניע ווידער אירס:

— עך, ווען יעדע פּלעמעניצע זאָל האָבן אַזאַ מומע...

## 8

דער גרויל, וואָס האָט מיטאַמאָל אַדורכגענומען אַלע גלידער, איז זיך צעפּאַלן אָף באַזונ־דערע שפּליטערלעך. מיט עפּעס אַ שנײַדנדיקן ווייטיק געבליבן שטעקן אין קאָפּ, אַרויסגערופן אַ מוירעדיקע קעלט אין די שפּיץ פינגער, ווי עס טרעפט, ווען עס פאַרגייען זאַשפּרעס, און דער־נאָך זיך צעשאָטן איבער די פיס מיט טויזנטער שטעכלקעס... אַזוי שפּעט אין אָוונט זאָל זיך פּלוצלינג עפענען די טיר. אויפגעהויבן דעם קאָפּ פונעם ביכל און דערזען די מאַמע... אָט אַזאַ האָט זי ליזע געזען דאָס לעצטע מאָל — אָן אײַנגעהויקערטע, מיט פאַרוויינטע אויגן. אַפילו, ווען זי האָט געשוויגן, האָט אַלץ אין איר געשריִען: „גוואַלד, פאַר וואָס קומט עס מיר!" קוים געקומען צום געדאַנק:

— אוי, באַסיע!.. וואָס שטייסטו בא דער טיר, באַסיע!..

זי וואָלט בעפּיירעש געדאַרפט אויפהייבן זיך, אַ שפּאַן טאָן קעגן דער שוועסטער און אַ נעם טאָן זי פאַר דער האַנט, נאָר די פיס האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט: זיי ווילן זיך ניט רירן פון אָרט.

— נו, באַסיע, קום אַרײַן, זעץ זיך צו.

און ווען באַסיע שפּאַנט דורך איבערן צימער אָף די שפּיצפינגער און זעצט זיך צו לעבן איר מיט פאַרבראָכענע הענט, רופט זיך ליזע אָן:

— אוי, באַסיע, ווי דו ביסט איצט ענלעך אָף דער מאַמען!

— אַז אָך און וויי!.. — קרעכצט באַסיע אַרויס און קוקט אַלץ ערגעץ אין אַ זײַט, אַבי ניט קוקן אָף דער שוועסטער.

זיצן זיי ביידע, ווי אַמאָל, צווײ בערויגעזע שוועסטערלעך, וואָס האָבן זיך אָקאָרשט געקריגט איבער דעם, ווער זאָל אויסקערן די שטוב, און ווייסן ניט, וועגן וואָס ווײַטער צו ריידן.

באַסיע באַקוקט דאָס קליינינקע צימערל מיטן ביז גאָר באַשיידענעם מעבל און מוז דאָך בא זיך פּויעלן, אַז דאָ איז פײַן, ריין, ציכטיק און עפּעס... באַסיע טראַכט לאַנג, ביז זי קלײַבט צו אַ פּאַסיק וואָרט אָף אויסדריקן דעם דאָזיקן „עפּעס" — עפּעס מיידלשס.

זיך אַליין פאַרקרימט פון דעם דאָזיקן פאַרגלײַך און נאָך מער דערפון, וואָס איר האָט אַזוינס גאָר געקאָנט קומען אַפן געדאַנק. געקוקט פון דער זײַט אָף ליזען און אויסגערעכנט אין קאָפּ, ווי אַלט זי איז. יאָ, זי דאַרף דאָך שוין האָבן אַלע פופציק און דער קאָפּ איז היפּשלעך גראָוו.

נאָר זי וואָלט ניט געזאָגט, אַז ליזע איז ענלעך אָף דער מאַמען. זי זעט אויס אַ סאַך יינגער, טאַקע פּאַשעט יונג. און זי אַליין? זאָל זי זיך טאַקע האָבן אַזוי געענדערט און געעלטערט? פאַר געציילטע כאַדאָשים?

— נו, באַסיע, רייד שוין אויס אַ וואָרט און אַן עק זאָל דאָס נעמען!

אַרויסגערעדט דעם טאַטנס ווערטל און ביידע האָבן דערפילט זיך היימישער. ליזע האָט אַפילע דערלויבט זיך אַ שפּאַס טאָן. אַרומגענומען באַסיען מיט דער האַנט אַרום דעם ווידער אַרויסגעשוווּמענעם האַלדז און זיך אָנגערופן:

— און דו האָסט זיך געקלאָגט, אַז קיין שום מיטלען העלפן ניט. זעסט דאָך, פאַר עטלעכע כאַדאָשים אַ פוד אַראָפּגעוואָרפן.

— אָף מײַנע סאָנים געזאָגט געוואָרן...

זי רעדט עס אַרויס מיט אַ טיפן ווייטעק. נאָר אָן רוגזע. ליזע פּרוּווט מיט עפּעס זי פאַריידן.

— כ׳וועל מאַכן טיי, באַסיע, האַ?

— אַ דאַנק, מע דאַרף ניט. איך וויל ניט קיין טיי.

— איז וואָס זשע...

נאָר באַסיע לאָזט זי ניט ענדיקן.

— און באַ דיר איז אַזוי ציכטיק.

— פאַרוואָס דאַרף באַ מיר זײַן אומריין? פאַרשטייט זיך, צו דײַנע ליוקסן קומט עס ניט.

— מײַנע איצטיקע ליוקסן... וואָלסט שוין געמעגט אַ קוק טאָן...

— נו, דערצייל שוין, באַסיע, ביסט דאָך נאָך עפּעס געקומען.

— געקומען פרעגן, ווו פאַרדינען אָף ברויט.

— שוין?..

ליזע ווייסט ניט, וויאַזוי ווײַטער צו פרעגן. עס ווילט זיך איר זאָגן: אַזוי גיך זיך אויסגעדאָצט?..

— עס ווײַזט זיך נאָר אויס... נאָר אַז מע האָט אים אײַנגעזעצט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן מיט די אַדוואָקאַטן... און אַלץ האָט מען דאָך איבערגעשריבן און אַרויסגעפּירט. סעמיאָן גאַוורי־לאָוויטש האָט פריִער געהאַט צוגעזאָגט...

— וואָס צוגעזאָגט?

— סעמיאָן גאַוורילאָוויטש און מערי פיליפּאָוונאַ, זיי זײַנען אַלע טאָג געלאָפן צו מיר, איך זאָל איבערגעבן באַריסן, אַז ער זאָל קיינעם ניט אַרײַנשלעפּן. און אַז ס׳וועט דורכגיין גלאַט, וועלן זיי מיר העלפן. מיר און באַריסן. איצט לאָזן זיי אַפילע אין שטוב ניט אַרײַן. און מערי פיליפּאָוונאַ... סאַכאַקל איז איר טאַטע אַ בעדער געווען. פישל דער בעדער. און איצט שטיי איך איר ניט אָן. כ׳רייד שוין ניט וועגן שידעך... און זשעניע...

— פאַר זשעניען זאָרג זיך ניט. זאַכאַרטשיק האָט ניט די ווערט איר פּיאַטע. זאָל זי נאָר ענדיקן דעם אינסטיטוט.

— ווי זשע וועט זי ענדיקן, אַז ס׳איז ניטאָ וואָס צו עסן.

— טאַקע שוין?..

— אַלץ, וואָס געבליבן, ש״ן אויספאַרקויפט.

— איז וואָס זשע קלערסטו איצט טאָן?

— אָט דאָס בין איך דאָך געקומען. ווען איך קאָן קריגן עפּעס אַן אַרבעט...

— וועסט גיין צו אונדז אין צעך. כ׳וועל מאַרגן איבעררײדן.

און זי שטעלט זיך שוין פאָר, וואָס די ווײַבער וועלן זאָגן. ליודע וועט זיך אָנכאַפּן מיט ביידע הענט. די ציגײַנערן האָט זי שוין קימאַט איבערדערצויגן און האָט שוין מער ניט וואָס צו טאָן.

— די ערשטע צײַט, פאַרשטייט זיך, פאַר אַן אופּראַמערן.

— אַן אופּראַמערן? מײַנע סאָנים וועלן ניט דערלעבן! וואָס הייסט אַן אופּראַמערן?

— נו, צוקערן מיטן בעזעם...

מיטן בעזעם... ווי אַמאָל אין דער היים באַם טאַטן דעם שנײַדער. נאָר דאַן האָט זי זיך געקאָנט קריגן מיט דער שוועסטער, גראַבלען דאָס פּאָנעם און אָנשטעלן „פּריצישע“ קניפּעלעך. און איצט וואָס?

— ניט אָף שטענדיק, באַסיע, ניט אָף שטענדיק, — פאַרכאַפּט זיך ליזע. — כ׳מיין, אַז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועט זיך באַפרײַען אַן אָרט באַם קאָנווייער. וועסט אַ כוידעש זײַן אַ שילערן. כ׳מיין, וועסט באַווײַזן פאַר אַ כוידעש. פּאָרט, דער טאַטע אַ שנײַדער געווען.

— וואָס הייסט אַ שילערן?

— וואָס הייסט, וואָס הייסט... — קרימט זי ליזע נאָך. — אוי, שוועסטערוניע, פאַראַן פאַר דיר איצט אַ סאַך „וואָס הייסטן“...

באסיע ווייסט שוין ניט וואָס צו זאָגן. זי פילט נאָר, אַז פון די אַלע „וואָס הייסטן“ איז איר ניט גוט אַף צו כאַלעשן. ניטאָ מיט וואָס צו טעטמען.

— וואָס איז אַזוי דושנע בא דיר, וואָלסט כאָטש דאָס פענצטער געעפנט.

ליזע עפנט אַפגיך דאָס פענצטער, און ביידע קוקן אַרויס אין דער נאַכט אַרײַן.

— זיך צונויפגעפלויגן אַהער פון דער גאַנצער וועלט, — זאָגט באַסיע, קוקנדיק אַפן געדיכט אויסגעשטערנטן הימל, — אָנגעטוצקעט איינער אַפן אַנדערן, ווי אַף אַ יאַריד. ניטאָ וווּ אַ שפּילקע אַ וואַרף טאָן.

9

ניט אומזיסט זאָגט מען — אַן אייגענע שוועסטער. וואָס וואָלט זי טאָקע געטאָן, ווען ניט ליזע. זי איז איר פאַרלאָפן אַלע וועגן. געווען מיט איר באַם דירעקטאָר, געגאַנגען מיט איר צום נאַטשאַלניק פון די קאַדרן און אומעטום געענטפערט פאַר איר אַף אַלע פראַגן, אַפילע ווען מע האָט זי געפרעגט, ווי מע רופט זי.

— סאַבינאַ, — אַרויסגערעדט און אַ קוק געטאָן אַף איר, קלוימערשט פאַרגעסן, ווי מע האָט דעם טאַטן גערופן.

— וואָס פאַר אַ סאַבינאַ, — באַסיע טוט זיך אַזש אַ קרים. — דאָס האָט מערי אויסגעטראַכט. — באַסיע. אַזוי איז אין פּאַספּאָרט פאַרשריבן. באַסיאַ אַבראַמאָוונאַ.

און זי גייט ניט פאַר קיין אופראַמערן, נאָר גלײַך צום קאָנווייער. פאַר אַ שילערן. נאָך וואָס אַ שילערן? מע מיינט טאַקע, אַז זי קען קיין צוויי פאָלעס ניט צונויפשטעפן? פאָרט בא אַ שנײַדער אין שטוב אויסגעוואַקסן. אײַ, טריקאָטאַזש? נו, איז וואָס, אַז טריקאָטאַזש? נאָר גיי ווייס... טאַקע גערעכט געווען ליזע. אַזויפיל „וואָס הייסטן“ אַף יעדן טריט.

איר לערערן איז יענע באַיאַרטע רוסישע פרוי מיטן גרויסן קײַלעכיקן פּאָנעם און מיטן שווערן נאָמען יעפראַסיניאַ אינאָקענטיעוונאַ, וועמען אַלע רופן פאַרצויגן „מומע פראַסיע“. אַ גוטע לערערן. ניט מער, זי אײַלט זיך צופיל. זי וויל אין באַסיען אַרײַנלייגן די גאַנצע טוירע ניט פאַר איין כוידעש, נאָר פאַר איין טאָג.

— זאָלסט וויסן, דײַן פאַרב איז גרין.

— וואָס הייסט עס?..

געוואָלט בעפיירעש אויספרעגן גענויער: וואָס הייסט איר פאַרב איז גרין, און פאַרוואָס איז גראָד איר פאַרב גרין, אַז סאַכאַקל האָט מען דאָך ליזען גערופן גרינע זשאַבע. נאָר די מומע פראָסיע האָט גלײַך אָנגעהויבן דערציילן אַ גאַנצע מײַסע. און באַקומען האָט זיך, אַז וויכטיק איז ניט אַזוי די פאָלע אַליין, ווי דאָס שטיקעלע גרינע סכוירע, וואָס זי דאַרף אַרײַנייען צווישן דער פלייצע און דער רעכטער פאָלע. יעדע אַרבעטערן האָט זיך איר סימען, איר פאַרב. און נעמט זי צונויפנייען אַ פאָלע, אַן אַרבל, אַ קעשענקעלע, נייט זי אַרײַן אַהין אַ שטיקעלע סכוירע: אַ בלויס, אַ גרינס, אַ רויטס, אַ שוואַרצס. באַסיעס פאַרב איז גרין. נייט זי עס אַרײַן און זאָגט. הייסט עס, אַלעמען: זאָלט איר וויסן, אַז די רעכטע פאָלע האָט צוגענייט איך, באַסיאַ אַבראַמאָוונאַ. און אַפילע אין אַ כוידעש אַרום צי אין אַ יאָר אַרום, אַז עמעצער וועט קויפן אַ קאַפּטל און וועט געפינען עפּעס אַ כיסאָרן אין דער רעכטער פאָלע, וועט דאָס גרינע שטיקעלע סכוירע גלײַך אויסזאָגן דעם סאָד. דאָס איז דאָך באַסיעס אַרבעט. ס'איז זי, באַסיאַ אַבראַמאָוונאַ.

ציטערן בא באַסיען די הענט. ניט פאַר דער פאָלע, נאָר פאַרן גרינעם פאַסיקל. זי האָט שוין אַרײַנגענייט צענדליקער אַזעלכע שטיקעלעך און ווער ווייסט, עפשער פאַרקרימט אַ פאָלע...

— פאַרשטאַנען, באַסיאַ אַבראַמאָוונאַ?

דאָס פרעגט אַלעמאָל די מומע פראָסיע.

— איר הערט, באַסיאַ אַבראַמאָוונאַ?

דאָס זאָגט די, וואָס זיצט בא איר פון דער רעכטער האַנט. זי איז אַ סאַך ייִנגער פון דער מומע פראָסיע, אַפילע ייִנגער פון איר, פון באַסיען, און זי איז גאָר ניט איר לערערן, נאָר אַלץ אַרום איז פול מיט אַן אַ שיר „וואָס הייסטן“, מוז באַסיע שוין פרעגן אויך בא דער ייִנגערער, און יענע גיט איר צו פאַרשטיין.

פאַרוואָס באַקוקט זי אַזוי די רעכטע פאָלע? ווײַל אויב די רעכטע פאָלע וועט זײַן שלעכט, וועט מען מוזן איבערשיקן דאָס שטיקל אַרבעט צום בריגאַדיר, טאַקע צו ליזאַ אַבראַמאָוונאַ. וועט שוין עס פאַריכטן אַן אַנדער אַרבעטערן, נאָר אַפן כעזשבן פונעם גרינעם פאַסיקל.

— פאַרשטאַנען, באַסיאַ אַבראַמאָוונאַ?..

ווידער די מומע פראָסיע. און אַ גאַנצע מײַסע וועגן רעקלאַמאַציעס, קאָנטראָל און בראַקעראַזש און וועגן דער מאַרקע פון זייער פאַבריק, צווייטע טריקאָטאַזשנע. ס'הייסט אַזוי. קיין

ספעציִעלער קאָנטראָל איז איצט בא זיי אינגאנצן ניטאָ. יעדער ארבעטער קאָנטראָלירט די פאַבריק אָפּעראַציע.

— דאַרף איך, הייסט עס, קאָנטראָלירן אַײַערע?

— נו, אוודע. הייבסט טאַקע אָן פאַרשטיין.

— יאָ. די סאָנים זאָלן אַזויפיל פאַרשטיין. איז וואָס זשע באַקומט זיך? איינער קוקט נאָך דעם אַנדערן? און די דאָזיקע פּאַסיקלעך פון פאַרשיידענע פאַרבן זײַנען פּאַשעט מאַסרים. שטומע מאַסרים! — לאַכט די מומע פראַסיע. ווי פאַרשטייט זי ניט אַזעלכע זאַכן? קאָוועד! דער קאָוועד פון דער אייגענער פאַבריק־מאַרקע! און זיי האָבן זיך טאַקע דערשלאָגן: זייער פאַבריק איז באַפרײַט פון בראַקעראַזש!

וואָס עס הייסט בראַקעראַזש? אָט קומען אָן די סקווירעס אַף די באַזעס. קאָנטראָלירט מען דאָרטן די קוואַליטעט, מע זוכט דעפעקטן און מע בראַקירט. נו, אָבער אויב אַף די קאַפּטלעך שטייט זייער מאַרקע — צווייטע טריקאָטאַזשנע, קאָנטראָלירט מען שוין ניט. און מע בראַקירט ניט. אַלץ אַף צוטרוי. נו, און אויב דער קליִענט אַליין געפינט שוין עפּעס, האָט ער רעכט אומקערן דאָס קאַפּטל דער פאַבריק.

— איר הערט, באַסיאַ אַבראַמאָוונאַ?..

ווידער די יִינגערע פון רעכטס.

— איר הערט, כ'האָב זיך אַמאָל געפּאַקט מיט אַן אַרבל...

— וואָס הייסט געפּאַקט? צוגעגאַנוועט?..

באַסיעס דערשראָקענער בליק וואַרפט זיך אַף רעכטס און אַף לינקס. זי ווייסט שוין אפילע ניט, וויאַזוי צו פרעגן? וואָס הייסט זיך געפּאַקט? און ווי דערציילט מען עס וועגן אַזעלכע זאַכן? און יענע ביידע לאַכן. זיי לאַכן פון איר, פון באַסיען.

— אַ מאָשל. וואָס דיר ליגט אין קאָפּ. אַן אַרבל ניט אַזוי אַרײַנגענייט. האָט מען עס געפּאַקט. און ווייסטו ווו? אַפן ווײַטן מיזרעך. אַזש פון דאָרטן צוגעשיקט. און וואָס דאַן האָט זיך געטאָן. מיך שיִר ניט פאַרהריזעט. נאָר דאָס איז שוין געווען לאַנג. נאָך איידער מע האָט אונדזער בריגאַדע דעם נאָמען געגעבן.

— וועלכן נאָמען?

— וואָס זשע, ווייסט ניט ווהין מע האָט דיך פאַרשלייערט? — שמייכלט די מומע פראַסיע. — בריגאַדע פון קאָמוניסטישער מי!

עס גרילצט אין די אויערן און עס שווינדלט אין די אויגן. רויטע פּאָלעס און גרינע פּאַסיקלעך. רויטע פּאָלעס און גרינע פּאַסיקלעך. און טאָמער טאַקע, כאָלילע, בראַק, איז דאָך אַ ביזיון. צווייטע טריקאָטאַזשנע! אָבער די מומע פראַסיע, ניט בלויז זי רעדט, נאָר זי לייגט אַלעמאָל אונטער די האַנט, טוט אַ גלײַך אויס די פּאָלע. און די יִינגערע פון רעכטס, אַז זי נעמט אין האַנט איר שטיקל אַרבעט, טוט זי אַלעמאָל אַ שמייכל צו באַסיען. ס'הייסט: אַ גוטע פּאָלע. ווערט באַסיען אַ ביסל גרינגער אַפן האַרצן. זי קען שוין אפילע צונויפשטעפּן אַ פּאָלע און טראַכטן וועגן זײַטיקע זאַכן. זי קאָן שוין אפילע דורכשמועסן זיך מיט מערי פיליפּאָוונאַ.

— ווי געפעלט עס אײַך, מערי פיליפּאָוונאַ? בריגאַדע פון קאָמוניסטישער מי!

און דאָך, קוים דערצויגן ביז מיטיק. פון די אַלע זאַכן, פון די פּאָלעס מיט די פּאַסיקלעך, פון דעם קאָנטראָל מיטן בראַקעראַזש, פון די רעקלאַמאַציעס און פון דער מײַסע מיטן אַרבל, האָט זיך איר אָנגעהויבן דרייען דער קאָפּ.

— זאָג מיר נאָר, — בעט זי זיך בא ליזען, — איך קאָן עפּעס ניט פאַרשטיין...

זיי זיצן בא אַ טישל אין גאַרקיך, וואָס אַפן הויף פון דער פאַבריק. פּאָנעם צו פּאָנעם און טעלער צו טעלער. פון די טישן גייט אוף אַ וואַרעמע פּאַרע, ווי פרילינג פון דער פאַרזייטער ערד, עס שמעקט מיט ווײַניקלעכע באָרשטשן און אָנגעקנאָבלטע קאָטלעטן. און אַלץ איינינעם דערמאָנט זיי ביידן דאָס לאַנגאָניקע, אַמאָליקע.

— געדענקסט, ווי דער טאַטע פלעגט זאָגן, — ענטפערט ליזע אַף איר פראַגע. — איך האָב ליב, איך זאָל קוועלן אַף מײַן אַרבעט.

10

און אינמיטנדערינען, נאַ דיר גאָר...

— ניין, דו הער נאָר, ליזע, וואָס זי זאָגט? זי פאַרט אוועק. זי וויל מיט אונדז ניט זײַן. ווי געפעלט עס דיר, האַ?

עפּעס ענלעכעס אַף יענעם אינדערפרי, ווען באַסיע האָט געטײַנעט דאָס זעלבע צו באַריסן וועגן איר, ליזען, וואָס וויל ניט וווינען מיט זיי איינינעם.

באסיע איז געקומען אין פאבריק א צעפאטלטע און אנגעפאלן אף ליזען:

— ס'איז דײַן ארבעט, דו האָסט זי, מיסטאמע, אנגערעדט!

— פונוואַנען נעמסטו עס?

— וואָס הייסט, פונוואַנען? הײַנט גאנצפרי האָט זי מיר אליין געזאָגט. זי האָט אָנגעשריבן אבראשען א בריוו, צי עטלעכע בריוו, און באקומען פון אים אן ענטפער. ער שרײַבט איר גאנצע גליקן. א שטאָט, וואָס איז אלט אינגאנצן צוויי יאָר. וואָס איז דאָס פאר א שטאָט, פרעג איך דיך. נאָרוואָס פון די וויקעלעך, האָ? און וואָס וועט זשעניע דאָרטן טאָן? און וואָס טוט זיך עס ביכלאל אף דער וועלט?

— ס'דאַרף זײַן זייער א גוטע שטאָט, ס'איז פון די יונגע און שיינע שטעט, וואָס וואקסן. ווי אף הייוון.

— א נאפקעמינע, צי אָן הייוון, צי מיט הייוון, — טײַנעט באסיע אירס. — אויסהאָדעווען אזא טאָכטער און אָפּלאָזן זי קיין אויסרײַסעניש.

— אזוי גייט עס, טײַערע, אז קינדער לאָזן איבער די עלטערן און פאָרן אוועק קיין אויס־רײַסעניש. איין זאך פארשטיי איך ניט...

— אזוי? איז פאראן זאכן, וואָס דו פארשטייסט אויך ניט?

יאָ, ליזע קאָן ניט פארשטיין, ווי קומט עס, וואָס זשעניע האָט זיך מיט איר קיין אייצע ניט געהאלטן. און פארוואָס קומט זי איצט אזוי זעלטן ארײַן, און פארוואָס איז זי אזוי שווײַגנדיק. ס'איז זי ניט צו דערקענען. נאָך יענער זיצונג פונעם קאָמיוגישן קאָמיטעט.

יאָ, נאָך יענער זיצונג פונעם קאָמיוגישן קאָמיטעט, אף וועלכן מע האָט באהאנדלט זשעניעס מעלדונג. געמיינט האָט זשעניע, אז די כאווירים וועלן זיך באגיין מיט איר א ביסל ווייכער. פּאָרט אליין א מעלדונג אף זיך אָנגעשריבן. נאָר יענע האָבן עס געהאלטן פאר א קליינער העל־דישקײַט. פארקערט, ארויסגעשטעלט אָן א שיר טײַנעס: ווו איז זי פריִער געווען, פארוואָס זיך געמאכט ניט וויסנדיק וועגן טאטנס געשעפטן, פארוואָס ניט געפּרוּווט ווירקן אף אים, אף דער מאמען. אָט, געווען דאָך אמאָל א פּאווליק מאָראָזאָוו[1]...

האָט זי טאקע געמיינט, אז די מומע האָט ניט אלץ באטראכט, ווען זי האָט איר געראטן אָנשרײַבן א מעלדונג. וואָס האָט זיך באקומען? זי האָט קיינעם גאָרנישט ניט דערוויזן, נאָר זיך אליין אָפּגעשמיסן. און וואָס וואָלט געווען, ווען זי שרײַבט ניט אָן קיין מעלדונג? סײַווי וואָלט זי ניט געקאָנט קוקן די כאווירים אין די אויגן. אזוי איז זי כאָטש א באשטראָפטע. מיט אן אויס־רייד און מיט א וואָרענונג. און אלע האלטן פאר זייער כויוו זי איבערדערציִען. דאָס איז פאר איר דאָס ערגסטע. ניין, דאָס ערגסטע איז זאכארטשיק. זיי זײַנען דאָך אף איין קורס, אין איין גרופּע און מוזן אלע טאָג זיך באגעגענען. און אלע ארום דארפן זען, ווי זיי פארבייגן זיך איינער פארן אנדערן, ווי אומבאקאנטע. און דאָס ערגסטע איז דאָס, וואָס זאכארטשיק האָט איר געזאָגט פאר דער זיצונג פונעם קאָמיטעט:

— דו ווילסט זיך אויספּײַנען, דאָס איז דײַן זאך. נאָר איך מיין, אז דו וועסט זײַן אָביעקטיוו און וועסט ניט צומישן אהער פערזענלעכס. כ'מיין, אז מײַן נאָמען וועט דערבײַ ניט דער־מאָנט ווערן.

אויספּײַנען, אָביעקטיוו, פערזענלעכס... אך, זאכארטשיק! בא וועמען האָט ער זיך אויסגע־לערנט אזוי שפּילן מיט ווערטער?

— מעגסט זײַן זיכער, — האָט זי אים אָפּגעענטפערט. — כ'וועל דײַן נאָמען ניט דערמאָ־נען. קיינמאָל ניט!..

נאָר פארגעסן קאָן זי אויך ניט. און טאקע דערפאר קאָן זי ניט זײַן אָביעקטיוו און שטעלן זיך העכער פונעם פערזענלעכן, אזוי ווי פּאווליק מאָראָזאָוו. ווײַל אויב דער טאטע איז שולדיק, איז דאָך סעמיאָן גאווריליאָוויטש אויך שולדיק. נאָר וואָס וועט מען זאָגן? זי איז אין קאס, ווײַל זאכארטשיק האָט זי אוועקגעוואָרפן. און וואָס ווייסט זי וועגן סעמיאָן גאווריליאָוויטשן? דאָס זעלבע, וואָס זי האָט געוווּסט וועגן איר טאטן. ווײַל זי מער פון זיי ניט וויסן. און ווײַל מער ניט זען פאר די אויגן זאכארטשיקן. זי וועט אָנהייבן אלץ פון אָנהייב. אפּסנײַ, אלץ אפּסנײַ... ס'איז נאָר שווער געבן דאָס אלץ צו פארשטיין דער מאמען. אָבער די מומע וועט זי פארשטיין, זי וועט טאקע הײַנט ארײַנגיין צו דער מומען.

נאָר די מומע איז הײַנט געקומען צו זיי. ס'האָט זיך באקומען קלוימערשט אומגעריכט. ביידע שוועסטער זײַנען איינינעם ארויסגעגאנגען פון דער פאבריק און, ווי ניט באמערקט, ביידע פארקערעוועט אף לינקס. באסיע האָט מוירע געהאַט ארויסריידן א וואָרט, ליזע קאָן זיך א כאפּ

[1] פּאווליק מאָראָזאָוו — א פּיאָנער, וועמען עס האָבן אין 1932 דערהארגעט די באלעגופים מיט דער הילף פון זײַן אייגענעם טאטן.

טאָן, באַמערקן, אַז זי האָט פאַרבלאָנדזשעט, און פאַרקערעוועט אַף רעכטס. און ליזע... בא איר איז געווען אַזאַ צושטאַנד, ווי אין יענע שאָען אין וואַגאָן, ווען געדוכט האָט זיך איר, אַז זי פּאַרט ניט צו דער שוועסטער אין אַ פרעמדער, אומבאַקאַנטער שטאָט, נאָר צו זיך אין אייגענעם שטעטל.

ווען זיי זיַינען אַריַינגעקומען אין דער פּוסט געוואָרענער שטוב, אַזוי ניט ענלעך אַף יענער, אין וועלכער מע האָט געפּראַוועט זשעניעס געבורטסטאָג, איז ליזע שוין געווען אַזוי וויַיט מיט אירע זיכרוינעס, אַז זי האָט קיין זאַך ניט באַמערקט. זי האָט שוין געהאַלטן בא דער טיפער קינד־הייַט, פון וועלכער ס'איז אייגנטלעך גאָרנישט ניט געבליבן, נאָר עפּעס אַ כאַלעם, אַ ניט קלאָרער כאַלעם וועגן לאַנגן פאַרנאַכט צי באַגינען, עפּעס אַ טונקל־גרויען ביין־האַשמאַשעס מיט אַ פּוסטן הימל, אָן זון, אָן לעוואָנע און אָן שטערן...

באַסיע האָט געגעבן ליזען אַ בענקל, איינס פון די צוויי בענקלעך, וואָס זיַינען געבליבן. איבערציַיגט זיך, אַז ליזע איז שוין פעסט בא איר אין שטוב, האָט זי זיך ענדלעך דערלויבט אַרויסריידן אַ וואָרט. געוואָלט אַ באַרים טאָן זיך פאַר דער שוועסטער.

— אָט דאָס ציגעלע מיט די בלויע אויגן, אָט די ליודקע. ווייסט, וואָס זי האָט מיר הייַנט געזאָגט? וועגן דער אַרביטע. אַז פריִער בין איך, הייסט עס, געווען אין אַ זיַיט, דערפאַר בין איך, הייסט עס, געשטאַנען אַף איין אָרט און ניט גערירט זיך. נאָר איצט, וויבאַלד איך בין גליַיך מיט אַלעמען אַרויס אַף דער אַרביטע, וועט עס מיך שוין מיטשלעפּן און דרייען גליַיך מיט אַלעמען. ווי געפעלט עס דיר, האַ?

אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט און אָנגעהויבן זידלען זיך אַליין.

— טאַקע פּאַרט, באַסיע די קלאָפּעטורעכע. איך דריי דיר אַ קאָפּ מיט אַרביטעס. דו לייג זיך צו, און איך וועל גיין צוגרייטן מיטיק.

טאַקע געקלערט אַ דרימל טאָן, נאָר ס'איז אָנגעלאָפן זשעניע. געטראָפן ליזען בא זיי אין שטוב, האָט זי גליַיך פאַרשטאַנען: די מאַמע האָט איר מיסטאָמע אַלץ דערציילט, און דערפאַר איז זי געקומען און באַלד וועט זיך אָנהייבן יענער לאַנגער און נודנער שמועס. און די מאַמע וועט אָנהייבן וויינען...

— איר דאַרפט מיך פאַרשטיין, מומע טיַיערע. ווער זשע דען, אויב ניט איר?..

זי האָט געמוזט אויסריידן זיך, אויסדערציילן אַלץ, וועגן וואָס זי האָט אַזוי לאַנג געטראַכט. פאַרענטפערן זיך פאַר דער מומען, פאַרוואָס אַזוי לאַנג געשוויגן.

— דאַרף דאָך אַמאָל אַ מענטש קענען אַליין אָנשריַיבן אַ מעלדונג אַף זיך אַליין. און איבער־שאַצן אַלץ אַרום. און דאָס אייגענע לעבן. ניט עמעס, מומע?..

די מומע באַקוקט די פּלעמעניצע, גליַיך זי זעט זי צום ערשטן מאָל. עפּעס האָט זיך אַ יאָווע געטאָן בא זשעניען אַזוינס... אין איר הייסן בליק, אין איר פאַרפלאַמטן פּאָנעם, אין איר ציטערנדיקער שטים. אַ ניַיע זשעניע.

און די ניַיע זשעניע האַלט אין איין ריידן און ריידן, גליַיך זי האָט מוירע, עפּעס זאָל בליַיבן ניט אַרויסגעזאָגטס, און די מומע וועט זי ניט קענען פאַרשטיין ווי געהעריק. יאָ, יאָ, דאָס גע־וויסן. דאָס אייגענע געוויסן. וואָס טוט מען, אַז עס נעמט מיטאַמאָל רודעווען אין דיר און לאָזט דיך ניט רוען און לאָזט ניט שלאָפן? און קאָנסט ניט נעמען קיין לעפל געקעכטס אין מויל אַריַין, און האַניק דוכט זיך דיר ביטערער פון ביטער־זאַלץ, און פילסט זיך די גאַנצע ציַיט, גליַיך האָסט אַ מענטשן דערהאַרגעט. קיינער מאָנט בא דיר גאָרנישט ניט, און דו גייסט אַרום און פילסט, אַז דו ביסט שולדיק, דער גאַנצער וועלט ביסטו עפּעס שולדיק, און דו האַלטסט אין איין טראַכטן: וואָס טוט מען, ווו נעמט מען, מיט וואָס זיך צערעכענען, דעקן דעם כויוו...

— נאָך וואָס, זשעניטשקע, אָט אַזוי־אַ פּיַיניקן זיך...

— מומע טיַיערע, איר ווייסט דאָך אַליין. איך וואָלט קיינעם אַזוינס ניט געזאָגט. נו, אַזעלכע הויכע רייד. נאָר איַיך וועל איך זאָגן. איך וויל... איך וויל קענען, אַזוי ווי איר, רוּיק אַריַינקוקן אין מיַינע קומענדיקע צוואַנציק יאָר. און ניט מוירע האָבן פאַר קיין עלטער, פאַר די גראָוּע האָר. און ניט שעמען זיך. און ניט קלאָגן, ווי די מאַמע, אַז כ'האָב פאַרשפּילט דאָס לעבן, פאַרשלאָפן, פאַרשלאָפן די אייגענע ציַיט...

— דאַרף מען דערצו אַזוי וויַיט פאָרן?

— און אַבראַשע?..

— וואָס אַבראַשע?..

אָך, יאָ, זי דאַרף גאָר אָנהייבן דערציילן אַ גאַנצע מיַיסע וועגן אַבראַשען. כאָטש זי האָט דאָך שוין אַמאָל, דוכט זיך, געזאָגט דער מומען, אַז זי האָט שוין אירס אָפּגעליבט, אַז אַבראַשע איז געווען אַ קורצער און נאַרישער מיידלשער כאַלעם, און דיווירקלעכקיַיט איז געווען זאַכאַר־טשיק, וואָס האָט אינגיכן געדאַרפט ווערן אַ מין סעמיאָן גאַוורילאָוויטש, און זי — אַ מין מערי פּיליפּאָוונאַ. ניט מער, וואָס מיט דיפּלאָמען. איצט ווייסט זי שוין עפּעס אַנדערס. דער כאַלעם איז

געווען זאכארטשיק. א לאנגער און א שווערער. און ס'איז גאָרנישט ניט אָפּגעליבט. אַף קיין האָר ניט.

— איך האָב אים די גאנצע צײַט ניט פארגעסן, אבראשען. און, לאָזט זיך אויס, אז ער מיך אויך. און ער שרײַבט — א נײַע שטאָט. און אלץ איז דאָרט אלט צוויי יאָר. דער זאוואָד, די גאסן, די ביימער, די שולן. אלץ, אלץ...

— נו, און די מאמע? וועגן דער מאמען טראכסטו גאָרניט?

— און איר... איר האָט געטראכט וועגן דער מאמען?..

יאָ. זי איז גערעכט, זשעניע. ליזע האָט טאקע אויך ניט געטראכט וועגן דער מאמען און פילט זיך די גאנצע צײַט שולדיק פאר איר. נאָר דערציילן וועגן דעם איצט זשעניען איז אן איבעריקע זאך, סײַווי וועט זי ניט פארשטיין. אזעלכע זאכן פארשטייט מען ערשט שפּעטער.

— און כוצדעם... — זשעניע האָט מוירע, די מומע זאָל ניט זאָגן נאָך עפּעס, און פארלויפט מיט א נײַעם טערעץ. — דער מאמען וועט ווערן א ביסל גרינגער. איך זע דען ניט, ווי זי ציט בא זיך דעם מארך פון די ביינער? און אז איך אליין וועל אָנהייבן פארדינען, וועל איך איר קאָנען מיט עפּעס העלפן... און כ'וועל דאָך אלע יאָר קומען אַף דער סעסיע. איך גיי איבער אפן הינטער־אויגיקן אָפּטייל. און סײַווי, א יאָר פריִער, א יאָר שפּעטער, מע וועט דאָך דארפן אוועקפאָרן...

יאָ, בא איר, בא דער מומען, האָט זי שוין געפּויעלט. אָבער ווי גיט מען עס באסיען צו פארשטיין?

באסיע, ארײַנגעקומען פון דער קיך מיטן פארטיקן מיטיק, האָט זי צוגעהערט באמערקט, אז ס'פעלט איר נאָך איין בענקל.

— אוי, ווו נעמט מען א דריט בענקל, ווי איז מיר. גאָר ניט געריכט זיך אַף אזא גאסט!..

נאָר דערזען, ווי ליזע מיט זשעניען זיצן ביידע, ווי פארשולדיקטע, האָט זי זיך שוין אָנגע־שטויסן, וועגן וואָס האָבן עס געקאָנט ריידן די מומע מיט דער פּלעמעניצע.

— נו, זיך שוין זניוכעט. פונעם ערשטן מאָל. איז פאָרט זי טאקע? און אלץ איבער דיר, גרינע זשאבע!

ניט א כאַפּ געטאָן פאר די צעפּלעך, ניט געגומען קנײַפּן די באקן, און ניט א קוק געטאָן מיט יענעם בליק, וואָס האָט דאן דאן אזוי איבערגעשראָקן ליזען מיט זײַן אָפּענער און גרענעצלאָזער סינע. צוגעפאלן מיטן פּאָנעם צו ליזעס האלדז און פאנאנדערגעכליפּעט זיך.

— איז וואָס זשע וועט זײַן? א פּוסטע שטוב. ניט קיין מאן און ניט קיין טאָכטער. אזוי פארשפּילן א לעבן!

אין א פּאָר טעג ארום זײַנען ביידע שוועסטער געשטאנען אפן שטענדיק פארטומלטן פּעראָן פון וואָקזאל און ארײַנגעקוקט זיך אין איינעם א פענצטער פונעם וואגאָן, ווו זשעניע איז גע־שטאנען צוגעפּלעטשט די נאָז צו דער שויב און ניט אופגעהערט וועגן עפּעס אײַנטײַנען מיט זיי. ביידע צדאָדים האָבן גערעדט אַף שטומלאָשן און געמאכט זיך, אז זיי פארשטייען גוט איינער דעם אנדערן. צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, געמאכט מיט די הענט, צוגעשמייכלט און דערבײַ געווישט א טרער נאָך א טרער. ס'איז שוין געווען א פריהארבסטיקער אָוונט און אפן הימל איז געווען אומעטיקלעך פּוסט און געררים. אלע זומערדיקע שטערן זײַנען זיך פאנאנדערגעפלויגן, איבערגע־לאָזט בלויז א שיטערע וואכטע. צי איבער דעם פּוסט־געוואָרענעם הימל, צי איבער דער פּוסט־געוואָרענער שטוב, צי עפּשער דערפאר, וואָס דער מאנטל איז איצט געווען באסיען צו גרויס, געהאנגען ווי אַף א פרעמדער, נאָר איר איז די גאנצע צײַט געווען עפּעס גרויליק און זי האָט זיך געהאלטן אין איין טוליען צו דער שוועסטער. געטראכט האָבן זיי ביידע וועגן איינס. זיי וועלן איצט ביידע בענקען און ביידע ארויסקוקן אַף בריוו: פון טאָליקן, פון זשעניען, פון דער שטאָט, וואָס איז אלט אינגאנצן צוויי יאָר. און נאָך טראכט באסיע, — באַם געזעגענען זיך האָט זשעניע א זאָג געטאָן און א ווונק געטאָן דער מומען:

— ניט געזאָרגט, די ערד דרייט זיך.

פארשטייט ניט באסיע, וואָס זי האָט געמיינט דערמיט.

— זאָג מיר נאָר, שוועסטערוניע, — בעט זי זיך בא ליזען, — וויִאזוי באקומט זיך עס?..

— וועגן וואָס רעדסטו?..

— נו, וועגן אָט דער ערד. ווי באקומט זיך עס, וואָס זי האלט זיך אין איין דרייען?



זיאמע טעלעסין

# ווען ס'פאַלט א בוים

ווען ס'פאלט א בוים אנידער אף דער ערד,
פון א שטורעמווינט ארויסגעריסן,
פארכאפט ער מיט די וואָרצלען די געפלאצטע,
וואָס זײַנען אפן ברעג פון שטאם פארבליבן, —
ווי אָפגעהאקטע פינגער פון א האנט, —
א שטיק מיט ערד און אלץ, וואָס ס'איז אף אים:
א צוויי־דרײַ פּאָזעמקעס, ווי לעבעדיקע פונקען,
אף אן אָנגעבויגן האָריק שטענגל;
א ביסל גראָז ניט זייער שטארק געדיכטע;
א הײַפל מאָך א פוכיקס, אופגעשלאָגן,
ווי א קישעלע פון פעדערן פון גרינע;
אן אויסגעטריקנט פאראיאָריק בלעטל,
וואָס צונויפגעדרייט איז אין א טרײַבל, —
עס איז אהין א מערעשקע פארקראָכן.

און אָט דאָס אלץ האָט זיך א קער געגעבן
און מיטאמאָל קאפויר געבליבן הענגען,
ווי בא אן אָפגרונט, בא דער גרוב דער פרישער,
וואָס, פאלנדיק, דער בוים האָט אויסגעגראָבן...

דער ווידערקאָל, וואָס האָט די לופט צעשפּאָלטן,
ווען ס'האָט דער בוים דער גוואר גענומען קראכן,
איז גאָר אינגיכן אײַנגעשטילט געוואָרן.
די צוויי־דרײַ פּאָזעמקעס די צונטער־רויטע,
זיי האָבן זייער שטענגעלע דאָס דינע
אין אן אנדער זײַט איצט אָנגעבויגן, —
פאר זיך א נײַעם גלײַכגעוויכט געפונען.

אויך מיט דעם גראָז איז גאָרנישט ניט געשען,
אזוי ווי מיט דעם הײַפל מאָך דעם פוכקן,
אזוי ווי מיט דעם אויסגעדארטן בלעטל,
דעם צונויפגעדרייטן אין א טרײַבל, —
ס'איז נאָר פון דאָרט די מערעשקע אנטלאָפן.

קריכט זי אום, די מערעשקע, שוין ווידער
אף די וואָרצלען, אף דער פרישער הליבע,
אינעם גראָז, אין מאָך און אפן שטענגל,
ווי גאָרנישט וואָלט פארלאָפן אף דער וועלט.

# מײַן וויעטנאמער טעפּעך

פון גײַווע און פון רײַכטום בין איך פרײַ.
איך קער די שטוב. פון מארק קארטאָפל שלעפ איך.
כ'בין ניט געוווינט ארומגיין אף א טעפעך.
איך האָב ניט קיין קרעדענץ מיט פּאָרצעלײַ.
אז כ'דארף עס ניט! נאָר ס'קומט צו רייד — כ'דערמאָן עס.
מיר לעבט זיך גוט. איך זאָג דאָס בענעמאָנעס.
האלעווײַ ניט ערגער, האלעווײַ!

---

פונעם בוך „נאָענט צום הארצן".

ערשט אָנגעהויבן כ'האָב די ליד און כ'פּיל,
איך בין אַ קאַפּל אין אַ זײַט פאַרקראָכן.
נאָר ס'מאַכט ניט אויס.
אַנומלט זאָגט מײַן ראָכל,
אַז אויב איך וויל, ניט בלאָזן זאָל פון דיל...
— ווער וויל דאָס, — פרעג איך, — אַז פון דיל זאָל בלאָזן?
— ...איז קויף, — זאָגט זי, — אַ טעפּעך. ס'מעג פון גראָז זײַן.
— גוט, — האָב איך איר אָפּגעענטפערט שטיל.

צופוס איך לאָז אוועק זיך, ניט געטראַכט,
לעגנגויס דער גאָרקי־גאַס דער שיינער און גערואַמער.
ס'האָט אין „מאָסטאָרג" אַ טעפּעך אַ וויעטנאַמער,
אַזאַ מין, ווי מיר ווילן, זיך געמאַכט.

מע האָט אים אין אַ טרויב צונויפגעוויקלט,
מע האָט אים שטײַף פאַרבונדן מיט אַ שטריקל,
כ'האָב אָפן אַקסל אים אַהיים געבראַכט.

אָט איצטער וועט ניט בלאָזן אָף געוויס.
און ווי נאָר אָפן דיל כ'האָב אויסגעשפּרייט אים,
דערזען אָף אים מיר האָבן רויטע קווייטן,
וואָס וואַקסן אָף צוויי פּוכיק־גרינע בייטן,
דערבײַ אַ קופּקע זאַנגען פון מאַיִס.
די זון האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין די זאַנגען.
אַ פויגל זינגט. מיר דוכט, איך הער די קלאַנגען...

מיר האָבן אָף דער וואַנט דעם טעפּעך אופגעהאַנגען, —
ווער טרעט עס אַזאַ שיינקײַט מיט די פיס?!

# באַ די ניקיטסקע טויערן

אונטערן זייגער באַ די ניקיטסקע טויערן
פאַרקויפט מען, — הערט אַ מײַסע, — כאַזערישע אויערן.

אין קאַסטנס בלעכענע, אין פּעטס צעלאָזענעם,
זיי זעען אויס, ווי גראָבע בלעטער ראָזעווע.

און באַ די לינדנביימער די דערנעבנדיקע
איז שוין עפּעס אַנדערס: קווייטן לעבעדיקע.

פון קרוגן ליימענע, פון עמער צינקענע
מיט קינדערישער טמימעסדיקײַט ווינקען זיי.

פון קאָנסערוואַטאָריע פאַרבײַ גייט אַ כאַליאַסטרע,
נאָטן אין דער רעכטער האַנט, אין דער לינקער — אַסטרעס.

און דאָרטן, ווו ס'צעטיילן זיך די סקווערן,
אַ קיִאָסק אַ גלעזערנער לויכט ווי אַ לאַמטערן.

אָף אָפּצאַסן נידעריקע און אָף הויכע קאָרקעס
שטייט אַ ריי צו דעם קיִאָסק — מע קויפט דאָרט די „וועטשאָרקע".

פונקט אַנטקעגניבער אָף אַ וואַנט אַ גלאַטער
אויסיִעס נעאָנאָווע האָבן זיך צעפּלאַטערט,
די אויסיִעס די גרויסע, זיי רופן אין טעאַטער.

אין רעגנמאַנטלען גלאַנציקע, ווי זײַן וואָלטן זיי נאַסע,
אויסגעפּוצטע פּאָרלעך אײַלן צו דער קאַסע.

און ס'יאָגן פון אַרבעט אַהער אָן אָן ענדע אויטאָס —
אַלערלייקאָליריקע — ברוינע, שוואַרצע, רויטע

פאַרבײַ אין שײַן פאַרגאַסענע פילגאַרנדיקע מויערן...
און דאָ אינמיטנד'רינען גאָר — כאַזערישע אויערן!

— וואָס דוכנסטו, — רופט זיך אָן א יִדענע אן עלטערע, —
פעטשאַ פון אָט די אויערן א מײַכל איז א זעלטענער,
אזא פעטשאַ, מעגסט גלייבן מיר, איז אַף דער גאַנצער וועלט ניטאָ!

אַף בראָנע־גאַס כ'פאַרקערעווע פון די ניקיטסקע טויערן
און כ'טראַג פאַרוויקלט אין א צײַטונג כאַזערישע אויערן.

# אַן אַראַבער אין מאָסקווע

טופיק טוווין געווידמעט

דאָס האָב איך, דער יִדישער מעכאַבער,
אַף מײַן מוטערשפּראַך די ליד פאַרפאַסט
פאַר אים, פון פאַלעסטינע דעם אַראַבער,
וואָס איז אהער געקומען אלס א גאַסט.

ער האָט געשפּאַנט דורך גאָרקי־גאַס אַראָפּ
מיט א ווײַסן טוך איבער די שלייפן,
עס האָט א שוואַרץ צונויפגעפלאָכטן רייפל
דעם לײַכטן טוך געהאַלטן אַף זײַן קאָפּ.

די מאָסקווער זון האָט פון דער פולער האַנט
געשאָטן הויפנס גאָלד דעם גאַסט דעם ליבן.
ניט איך האָב אים פון יענעם הייסן לאַנד,
פון יענעם שיינעם לאַנד אַרויסגעטריבן.

ער הייבט זיך באַרג־אַרוף צום אַלטן קרעמל...
און ס'האָט זיך אויסגעדוכט מיר אַף א רעגע,
אַז כ'זע אים זיצן אַף א הויכן קעמל,
וואָס וויגט זיך אַף די זאַמדן פונעם נעגעוו.

אָט שטעלט ער זיך אַנטקעגן מאַוזאָליי
מיט מוסולמאַנער־פאַרכט דעם קאָפּ געבויגן.
מיר דוכט, איך זע דאָ אַלץ מיט זײַנע אויגן,
און מיט זײַן האַרץ איך פיל זײַן פרייד, זײַן וויי...

ברודער מײַנער, טונקעלער סעמיט!
פון איין שטאַם אַן אוראַלטן מיר שטאַמען.
אַף מאָסקווער גאַסן שפּאַנען מיר צוזאַמען
און ס'פאַרברידערט ביידן אונדז מײַן ליד.

# דער דונער

אַף גרין אַן אָפּגעפאַרבטער בוים פון דיקט,
אַן אָנגעמאָלטער וואָלקן, ווי פון וואַטע.
דער אוילעם ווערט פון ענגשאַפט אזש דערשטיקט, —
דאָס שפּילן מיר אין אונדזער קלוב טעאַטער.

די ווײַבער מיט די קינדער אַף די הענט
פאַרנומען האָבן אַלע בענק די ערשטע.
לענגויס די ניט־געטינקעוועטע ווענט
צונויפגעפרעסטע סאָפּען הויך די בערשטער.

די טומלדיקע שנײַדערלעך — פאַרכאַפּט
זיי האָבן זיך די ערטער נאָך פון פריִער
און הילכיקער פון אַלעמען געקלאַפּט,
ווען ס'פלעגן די אַנטראַקטן זיך פאַרציִען.

מיט באַלעגאָלעס איז געוואָרן פול
דער גאַנצער שמאָלער דורכגאַנג בא דעם וואַנט־פּאַס,
ווי ראַשעשאַנע אין דער אַלטער שול
באַם סאַמע טיר, ווו ס'הענגט דער שווערער האַנטפּאַס.

א גאַנצע וועלט מיט יִדן איז דאָ הי,
ניט צו געפינען דאָ א פּלאַץ א פרײַען,
דער בלעכער אַרטשע האַלט אַף זײַנע קני
דעם מאָגערן טאַנדעטניק כאַים־שײַע.

א מאַמע האָט דאָס מײַלכל מיט דער ברוסט
פאַרשטאָפּט א קינד, וואָס האָט פאַרוואָלט א שרײַ טאָן.
טוט כאַסוועשאָלעם עמעצער א הוסט,
איז נעמט מען שרײַען „שאַ״ פון אַלע זײַטן.

דער בוים דער פלאַטשיקער איז צופיל גרין,
זײַן קרוין אין אָנגעמאָלטן וואָלקן טוקט זיך.
די בליקן זײַנען צוגעשמידט אהין,
ווּ ס'האָבן די צוויי לײַלעכער צערוקט זיך.

ניט אַלץ האָט דורך די יאָרן זיך פאַרהיט,
נאָר דאָס איז אין זיקאָרן מיר פאַרבליבן:
א מיידל גייט ארויס מיט שטילע טריט.
וואָס טוט זי דאָ? דאָס וואַרט זי אַף איר ליבן.

אָט קומט ער אָן. ער קוקט אַף איר פאַרגאַפט.
זיי קושן זיך אונטער דעם בוים דעם גרינעם...
נאָר מיטאַמאָל האָט מיט דער גאַנצער קראַפט
א זעץ געטאָן א דונער אַף דער בינע.

אין בליצלאָמפּ אַפן קײַלעכדיקן קנויט
האָט אָנגעהויבן טוקן זיך דאָס פײַער.
דער עולם האָט דערשראָקן זיך אַף טויט,
די קינדער האָבן אָנגעהויבן שרײַען...

די צײַט — זי לויפט, זי ציט זיך ניט, ווי פעך,
און וויפל וואַסער איז שוין אָפּגערונען...
איך בין עס דער, וואָס האָט דאַן אַף א בלעך
געשפּילט הינטערן בוים אליין דעם דונער.

## יאַקעקע־יאַבעבע

ווען ס'פלעגט מיך דער רעבע
די סעדרע פאַרהערן
און ס'פלעגט זיך מײַן צונג,
ווי א בערוועגע קערן, —
איז פלעגט ער דערלאַנגען
א פראַסק מיר א שווערן:
לעמײַ ווי דער שטאָט־באָק
איך עקע און בעקע
און ראַק איך פאַרפאָר
מיט דער צונג קיין יאַקעקע.

אין מינסק כ'בין געווען,
אין פּינסק כ'בין געווען,
אין שקלאָוו, ראָהאַטשאָוו
כ'בין געווען אַמאָל צען,
נאָר אין יאַקעקע
בין איך ניט געווען.

דערנאָך אַפן צימבל
פלעגט נעמען דער טאַטע, —
פאַרוואָס כ'האָב געמאַכט
פון מײַן היטל א שמאַטע,
פאַרוואָס טו איך קוקן
אַף אים טאַמעוואַטע...
— ווײַזט אויס, אַז די כאָכמע,
וואָס גיט דיר דײַן רעבע,
איז פונקט אַף דערפאָרן
נאָר ביז צו יאַבעבע.

אין סלוצק כ'בין געווען,
אין לוצק כ'בין געווען,

אין קריטשעוו, בערדיטשעוו
געווען אַמאָל צען,
און נאָר אין יאַבעבע
בין איך ניט געווען.

און נאָכדעם פלעגט מוסערן
נעמען די מאַמע,
זיך קאַסן אַף מיר
מיטן טאַטן צוזאַמען:
— דער זון איז געראָטן
אין טאַטן מיסטאַמע.
די כאָכמע פון טאַטן
איז, ווי בא דעם רעבע,
די גרייס פון יאַקעקע
אַזש ביז צו יאַבעבע.

אין קאָצק כ'בין געווען,
אין פּלאָצק כ'בין געווען,
אין בריאַנסק און בערדיאַנסק
כ'בין געווען אַמאָל צען,
יאַקעקע, יאַבעבע
האָב איך ניט געזען.

איך ווייס, ווּ איז מעקע,
אַדיס־אַבעבע, —
נאָר ווּ איז יאַקעקע
און ווּ איז יאַבעבע?
אין וועלכער מעלוכע,
אין וועלכער מעדינע
באַדאַרף מען זיי זוכן
אַף ניט צו געפינען?..

נאָטע לוריע




## קאַפּיטל נײַן

נאָכדעם, ווי עלקע האָט זיך געזעגנט מיט שעפּטלען, איז זי אײַליק אַדורך די בריק און, ניט אומקוקנדיק זיך, פֿאַרקערעוועט מיט דער שמאָלער גוט־אויסגעטראָטענער סטעזשקע, וואָס האָט געפֿירט אַראָפּ צו דעם נײַעם, נאָך ווייניק באַלעבטן געסל. זי איז געגאַנגען מיט לײַכטע טריט עטוואָס אָן אופֿגערודערטע און געפֿילט מיט אַלע אירע קושים, אַז שעפּטל שטייט נאָך אַלץ דאָרט, אויף דעם זעלבן אָרט, וווּ זי האָט אים אָקאָרשט איבערגעלאָזט. מיט יעדן טראָט, וואָס זי האָט געמאַכט, האָט זיך איר אַלץ מער געוואָלט אומקוקן, נאָר זי איז זיך בײַגע־קומען און אַוועק גיכער.

אַרום איז געווען זייער שטיל. קיין שום קלאַנג — ניט פֿון קיין פֿאַרשפּעטיקטער פֿור, ניט פֿון קיין אַווטאָמאַשין, ניט פֿון קיין מענטשלעכן טראָט — האָט ניט געשטערט די האַלבנאַכטיקע רויִקײַט. די שײַן אין די פֿענצטער פֿון די מיט טשערעפּיצע און בלעך געדעקטע שטיבער, וואָס זײַנען געשטאַנען טיף־באַהאַלטן צווישן די יונגע פּאַליסאַדניקעס, איז שוין געווען פֿון לאַנג אויס־געלאָשן. דער ראַיצענטער איז ערעוו דעם אָפּרו־טאָג רויִק געשלאָפֿן. עלקע האָט מיט עפּעס אַן אומקלאָר געפֿיל זיך אײַנגעהערט אין אָט דער רויִקײַט.

„עפּשער געדאַרפֿט אים זאָגן, ער זאָל בלײַבן נעכטיקן... פֿאַרוואָס האָט זי אים טאַקע ניט פֿאַרגעלייגט?.. זיי וואָלטן נאָך געקאָנט זיצן און ריידן. ער האָט איר דאָך קימאַט ווי גאָרנישט ניט דערציילט וועגן זיך"... אויף איין רעגע האָט זי אַפֿילו אַ טראַכט געטאָן: עפּשער זיך אומקערן און זאָגן אים, צוליב וואָס זאָל ער איצט — ס'איז דאָך שוין שפּעט — גיין אין קאָלווירטישן אײַנפֿאָר־הויז... נאָר אין דער זעלבער מינוט האָט זי דערהערט ווײַטע טריט איבערן בריק, דאָס האַרץ האָט בײַ איר אופֿגעצאַפּלט. זאָל זײַן, אַז ער גייט אַהער, צו איר?.. ניין. די טריט האָבן זיך דערווײַטערט. ס'האָט זי אי פֿאַרדראָסן, אי זי איז צופֿרידן געווען. „אַזוי איז גלײַכער", — האָט זי אַ קלער געטאָן און עטוואָס פֿאַרוואָרפֿן די האָר אַהינטער.

זי האָט אַליין ניט געוווּסט, וואָס עס קומט מיט איר פֿאָר. שעפּטלס אומגעריכט קומען האָט זי אינגאַנצן אופֿגערודערט און דערמאָנט איר אָן די שענסטע טעג פֿון איר זײַן אויפֿן כוטאָר.

ס'אַרא טײַערע צײַט עס איז דעמלט געווען, — האָט עלקע מיט בענקשאַפֿט געטראַכט. — קיין שום זאַך איז איר דעמלט ניט שווער געווען... זי האָט גאָרנישט ניט געהאַט, און דאָס האָט זי לאַכלוטן ניט געקימערט. זי האָט געקאָנט איבערשלאָפֿן אַזוי ווי זי שטייט און גייט אין סטעפּ אויף אַ ביסל היי אָדער אין קאָענעס[1] אויף דער באַנק. זי האָט פֿאַרמאָגט אַרום און אַרום איין קליידל. זי איז אָפּט אָפּגעקומען דעם טאָג מיט אַ פּאָר געבאַקטע קאַרטאָפֿל, און אַז זי האָט געדאַרפֿט קיין הולײַפּאָליע, איז זי פֿון בוריאַנאָווקע געגאַנגען אַהין צופֿוס אַ באָרוועסע. און געווען גליק־לעך... אַלץ איז פֿאַר איר דעמלט געווען ביז גאָר פּאָשעט און קלאָר — אי די שטורמישע כוטאָ־רישע פֿאַרזאַמלונגען, אי דאָס אַנטבאַלעגופּעווען, אי דאָס אָרגאַניזירן דעם קאָלווירט... ניט קלאָר זײַנען נאָר פֿאַר איר דעמלט געווען אירע באַגעגענישן מיט שעפּטלען. וואָס האָט זי דעמלט גע־וואָלט?.. זי ווייסט אַליין ניט. און ער? זי האָט דעמלט אינגאַנצן ניט געטראַכט וועגן זיך. זי איז פֿולשטענדיק פֿאַרכאַפּט געווען מיט דער ברויזנדיקער פּאַרטיי־אַרבעט, וועלכע מע האָט איר, נאָך גאָר אַ יונגער קאָמוניסטקע, פֿאַרטרויט, און דאָס איז געווען פֿאַר איר דאָס גאַנצע לעבן.

---

סאָף פֿונעם ערשטן טייל. אָנהייב — „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 4 ד. י.

[1] — פֿונעם נאָמען ק.נ.ס. (Комитет незаможных селян — קאָמיטעט פֿון אָרעמפּויערים).

ס'האָבן קאָנטיק געדאַרפט אַדורך אָט די שווערע יאָרן, וועלכע זי האָט איבערגעלעבט, אַז זי זאָל ערשט איצט אַזוי בוילעט דערזען און אַזוי שאַרף דורכפילן יענע שטורמישע צײַט. זי האָט אַליין זיך געוווּנדערט און אַפילע ווי ניט געגלייבט זיך: צי דען איז עס טאַקע אַזוי געווען?.. צי דען האָט זי עס טאַקע דעמלט — ס'איז איר דאָך געווען אינגאַנצן נײַנצן יאָר — געשאַפן אין דעם סאַמע פאַרוואָרפענעם און אָפּגעשטאַנענעם כוטאָר דעם קאָלווירט?.. צי דען האָט מען טאַקע אין דער קאַוואַלעווסקער באַלקע געשאָסן אין איר און שעפּטל האָט עס געפונען זי דאָרט ליגן אַ פאַרווּנדעטע און גענומען צו זיך אַפן וואָגן?..

דערמאָנענדיק זיך אין דעם, האָט עלקע קוים אַ שמייכל געטאָן. דאָס אַלץ האָט איר איצט אויסגעזען ווי זייער אַ ווײַטער און שיינער כאָלעם... „ווי ער האָט זיך פאַר דער צײַט געביטן!.. אָך, ווי ער איז דעמלט אײַנגעשפּאַרט געווען. זיך געהאַלטן מיט ביידע הענט אין זײַן מעזשע... נאָך וואָס איז ער איצט געקומען?.. פּאַשעט אַרײַן זיך זען?.. פאַרוואָס זשע האָט ער זיך אַזוי פאַר־לוירן?.. וואָס האָט ער איר אַזוינס געזאָגט, ווען זיי זײַנען געשטאַנען אויף דער הילצערנער בריק?.. צי דען וועלן זיי זיך טאַקע באַגעגענען איבעראַכטאָג זונטיק?..“

עלקען ווערט פרייליכער פון דעם. זי שטעלט זיך פאָר, ווי זי פאָרט שוין אויף דער בריטשקע אַראָפּ מיטן שלענגלדיקן הולײַפּאָליער שליאַך. אָן זעען זיך שוין די באַקאַנטע מאָהילקעס, די הויך־אָנגעשאָטענע און אַרומגעשוואָנקטע הרעבליע, דער גרינער מיט אָטשערעט אַרומגעוואַקסענער סטאַוואָק, און שעפּטל שטייט דאָרט. ער באַגעגנט זי... און ס'כאַפּט זי אַרום אַן אומרויִק־נאָגנדיקע בענקעניש נאָכן כוטאָר, נאָך דער איין־אײנציקער ברייטער און עטוואָס קרומלעכער גאַס, נאָך די נידעריקע ווײַנשל־פּאַליסאַדניקעס, נאָך די געדיכטע אַלטע אַקאַציעס, וואָס ציִען זיך לענגאויס דער סטעזשקע, נאָך די קאָלערליי קאַנאַוועקעס און בערגלעך באַוואַקסן מיט קאַלאַטשיקלעך און גרויען פּאָלין, און נאָך שעפּטלס כוטאָרישן הויף מיט דעם הויכן טאָפּאָל... וויאַזוי איז זי דאָס טאַקע ביז איצט ניט צוגעפאָרן אין די ליבע היימישע ערטער, אַ קוק טאָן, ווי זעט אויס דער כו־טאָר, דער קאָלווירט, וועלכן זי האָט אָרגאַניזירט, זיך זען מיט די בוריאַנאַוועקער — מיט כאַנציען, מיט כאַמע טראַסקונען, — אָ, וויפל זיי האָבן צוזאַמען וואָס צו דערמאָנען, — מיט קאַלמען זאַהאַטן, — צי געדענקט ער, ווי זיי זײַנען שיר ניט פאַרפרוירן געוואָרן באַנאַכט אין סטעפּ בעשאַס דער זאַווערוכע, — זיך באַגעגענען מיט אירע געוועזענע פּיאָנערן — מיט וואַווע זאַהאַטן, מיט נעכאַמקען, מיט יאָסקע פּיסקונען, — צי וועט זי זיי דערקענען? און דער איקער — איר האָט זיך זייער געוואָלט זײַן באַ שעפּטלען אין שטוב, זען ווי ער לעבט איצט...

אַ פאַרטראַגענע מיט די געדאַנקען האָט עלקע פאַרקערעוועט אַפן טראָטואַר. זי איז גע־גאַנגען טראָט באַ טראָט, ניט געײַלט, האַבנדיק פאַרגעניגן פון דער וווּנדערלעך־שיינער יונ־נאַכט. אין דרויסן איז געווען זייער שטיל. די לופט איז געווען פריש און דורכזיכטיק בלוי. דער הימל ריין, אָן איין וואָלקנדל. די דעכער פון די דערבײַיִקע שטיבער, די ביימער־שפּיצן און די פּאַרקנס זײַנען באַזילבערט געווען מיט דער בלאַסער לעוואָנע־שײַן. פון די שיטערע פּאַליסאַד־ניקעס האָט נאָך אַלץ און אַפילע שאַרפער געטראָגן מיט דעם דינעם גערוך פון דער בליִענדיקער מאַטיאָלע, און פון דעם אַלעמען איז עלקען איצט געווען לײַכט און גוט אויף דער נעשאָמע. זי האָט עטוואָס פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און, פאַרזשמורענדיק די אויגן, טיף אײַנגעאָטעמט אין זיך די בלויִלעכע פרישקײַט. זי וואָלט אַזוי געגאַנגען און געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט.

זײַענדיק שוין לעבן דער קאַליטקע, האָט עלקע מיטאַמאָל באַמערקט אויף דער מיט גאַס, אַנטקעגן זייער צווייעטאָקיקן הויז, אַ טונקעלן „גאַזיק“. „צו וועמען האָט מען עס געקאָנט קומען אַזוי שפּעט?“ — האָט זי אַ טראַכט געטאָן און זיך גענומען מיט דער האַנט פאַרן טירל. אין דער זעלבער מינוט האָט די שײַן פון אַן עלעקטרישן האַנט־לאַמטערן אַ שפּרונג געטאָן איר איבערן פּנים און אַ בלענד געטאָן אין די אויגן.

פון אומגעריכטקײַט האָט עלקע אופגעציטערט, איז אָפּגעטראָטן אין אַ זײַט, זיך פאַרזשמור־רעט און, אָנכאַפּנדיק זיך מיט איין האַנט אינעם פּאַרקן, אָנגעשטרענגט זיך אײַנגעקוקט. באַ דער אָפענער קאַליטקע האָט זי דערזען פאַר זיך אַ הויכן און דאַרן אומבאַקאַנטן מענטשן.

— אָרעשינאַ? — האָט ער מיט אַ הייזעריקלעכער שטים געפרעגט.

— יאָ... אָרעשינאַ... — האָט זי געענטפערט.

— שפּעט... שפּעט שפּאַצירט איר... — האָט ער ניט גוט אַ שמייכל געטאָן, — שוין באַלד אַ שאָ, ווי איך וואַרט אויף אײַך... איך וועל אײַך, זײַט אַזוי גוט, בעטן זיך זעצן אין מאַשין און צופאָרן מיט מיר אין דער ראַיאָנער פאַרוואַלטונג פון נקווד. — ער האָט שאַרף אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט און געוויזן אַפן „גאַזיק“.

— וואָס? — האָט עלקע צעשטרייט געפרעגט. — וואָסי דען?..

— דאָס וועט מען אײַך זאָגן דאָרטן. ביטע, — האָט ער ווידער אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט.

עלקע איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענע און זיך ניט גערירט פון אָרט.

— נו, איך וואַרט...

— ווי?.. אָט איצט?.. ס'קינד איז דאָך אַליין, — האָט עלקע פאַרזאָרגט־צעטראָגן זיך אומ־געקוקט אַף דעם פענצטער פון איר צימער. — ווי קאָן איך לאָזן דאָס קינד אַליין?..

— איר האָט דאָך איבערגעלאָזט און אַוועק שפּאַצירן, — האָט ער אַ שמייכל געטאָן.

— איך בין אַרויס באַגלייטן אַ מענטשן... אַף אַ ווײַל...

— נו, וועט געדויערן נאָך אַ ווײַל... ביטע, זעצט זיך. לאַנג וועט מען אײַך דאָרט ניט פאַרהאַלטן, — האָט ער געזאָגט מיט אַ באַזונדערער זיכערקייט, כאָטש ער האָט ניט אָנגעהויבן אַפילע צו וויסן, צוליב וואָס דער מאַיאָר פון נקווד, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון געגנט, רופט זי אַרויס. אים איז איצט אָנגעגאַנגען נאָר איינס — וואָס גיכער ברענגען זי אין פאַרוואַלטונג און מעלדן דעם נאַטשאַלניק, אַז ער האָט זײַן אויפגאַבע אויסגעפּילט.

ער האָט געעפנט דאָס הינטערשטע טירל פון דער מאַשין, דורכגעלאָזט עלקען, נאָכדעם זיך אַליין געזעצט און געהייסן דעם פאַרשלאָפענעם און אָנגעכמורעטן שאָפער, ער זאָל פאָרן.

עס האָבן זיך גלײַך אָנגעצונדן די פאַרעס און צוויי בלאַסע ליכט־פּאַסן זײַנען געפאַלן אַפן זאַמדיק־גרוילעכן וועג. מיט אַ הודעריַי האָט דער „גאַזיק" זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, זיך אַרויס־געטראָגן פון געסל און, שטיל־שורשענדיק מיט די היפש־אויסגעריבענע שינעס, דורכגעשניטן די הילצערנע בריק, זיך פאַרנומען מיט דער לאַנגער געדיכט־באַגרינטער גאַס, וואָס האָט גע־פירט צום צענטער.

דער אָפּערבאַפּולמעכטיקטער איז געזעסן ווי אַ פאַרגליווערטער און געשוויגן. עלקען האָט זיך זייער געוואָלט אַ פרעג טאָן, עפשער וועט ער איר פאָרט זאָגן, צוליב וואָס מע רופט זי אַרויס, נאָר ער האָט אַפילע ניט געקוקט אין איר זײַט. זי האָט באַשטימט צוואַרטן. זאָל געדויערן נאָך עטלעכע מינוט.

ווו ס'געפינט זיך די געבײַדע פון דער ראַיאָנער פאַרוואַלטונג פון נקווד, האָט זי ניט גע־ווּוסט. איר איז דאָרט קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זײַן. נאָר מיט דעם נאַטשאַלניק, דעם ייִנגערן לייטענאַנט ניקאָלײַענקאָ, איז זי געווען באַקאַנט.

אַפן מײַ־אָוונט, ווען זי איז צום ערשטן מאָל געווען אין דעם נײַ־אויסגעבויטן קולטור־הויז, איז ער צוגעגאַנגען צו איר, זיך באַקאַנט, און ווען די מוזיק האָט אָנגעהויבן שפּילן, פאַרגעלייגט טאַנצן מיט אים אַ וואַלס. סײַ מיט זײַן אויסערלעכקײַט, סײַ מיט זײַן האַלטן זיך, האָט ער געמאַכט אַף איר ניט קיין שלעכטן אײַנדרוק, נאָר טאַנצן האָט זי זיך אָפּגעזאָגט, פאַרופנדיק זיך אַף דעם, אַז ס'טוט איר ווי דער קאָפּ. דער קאָפּ האָט איר ניט ווי געטאָן. דעם טערעץ האָט זי צוגעטראַכט. זינט מע האָט צוגענומען אַלעקסייען, האָט זי ניט געטאַנצט. אַף קיין שום יאָמטעוו, אַף קיין שום סימכע.

דער ייִנגערער לייטענאַנט, זייער אַ שטאַלטנער, מיט געדיכטע גלאַט־פאַרקעמטע האָר אַף אַרוף, איז שפּעטער אַ ווײַל נאָכאַמאָל צו איר צוגעגאַנגען, קאָנטיק שוין אַ ביסל אויסגעטרונקען, און ווידער זי אײַנגעלאַדן. זי האָט זיך ווידער אָפּגעזאָגט. ער האָט אַ בערויגעזער זיך אויסגעדרייט און איז אַרויס פון זאַל.

מער האָט זי אים ניט געזען.

און אָט רופט ער זי אַרויס... צוליב וואָס? איצט? באַנאַכט?.. עפשער עפּעס אַ גוטע ידיע וועגן אַלעקסייען... ווײַל ער וואָס פריִער אָנזאָגן... זייער מעגלעך... מע האָט שוין געקאָנט איבערקוקן דעם איניען... עפשער איז שוין אַלעקסיי אַף דער פרײַ... — דאָס האַרץ האָט בײַ איר אָנגעהויבן קלאַפּן שטאַרקער.

די מאַשין האָט זיך גיך געטראָגן, איז אונטערגעשפרונגען אַף דעם ניט גלײַכן שטיינערנעם ברוק, געזשומעט, צעשטערנדיק די נאַכט־שטילקײַט. שוין ניט ווײַט פון קאַלווירטישן אײַנפאָר־הויז האָט עלקע, ווי זי וואָלט דערפילט עפּעס, זיך אומגעקוקט און דורך דעם דורכזיכטיקן גלאָז דערזען פונדערווײַטן שעפטלען. ער איז איינער אַליין שטיל געגאַנגען איבערן טראָטואַר, קאָנטיק שטאַרק פאַרטראַכט. די מאַשין האָט זיך האַסטיק דורכגעטראָגן פאַרבײַ אים און איז אַפן צווייטן ראָג, דאָרט, ווו ס'איז אַמאָל געווען די מיליציע, געבליבן שטיין אַנטקעגן אַ טונקל־געפאַרבטן אײַזערנעם טויער. דער שאָפער האָט עטלעכע מאָל צעצויגן אַ הודע געטאָן. ס'האָט דאָרט אַ קלונג געטאָן אַ קייט. דער טויער האָט מיט אַ סקריפּ זיך ברייט צעעפנט, די מאַשין איז אַרײַנ־געפאָרן אין אַ טיפן הויף און זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן אַ געמויערט איינשטאָקיק לענגלעך הויז, וואָס איז קאָנטיק ערשט ניט לאַנג אויסגעבויט געוואָרן.

דאָס הויז האָט געמאַכט אַף עלקען אַ טרויעריקן אײַנדרוק מיט זײַנע שמאָלע און הויכע פענצטערלעך. זי האָט געהערט, ווי דער טויער האָט זיך פאַרמאַכט, ס'האָט פון דאָרט ווידער זיך דערטראָגן אַ סקריפּען, אַ טעמפּ געקלאַנג און ס'איז בײַ איר פאַרשטאַרבן געוואָרן דאָס האַרץ.

דער אָפּערבאַפּולמעכטיקטער איז פלינק ארויסגעשפּרונגען פון מאַשין, געעפנט דאָס הינ־טערשטע טירל און געוויזן עלקען, זי זאָל גיין מיט אים. זיי האָבן זיך אופגעהויבן אַף עטלעכע צעמענטירטע טרעפּלעך און אַרײַן אין א שוואך־באַלויכטענעם קאָרידאָר. באַם סאַמע אַרײַנגאַנג איז בא א קליין טישל געזעסן א סערזשאַנט מיט זייער שמאָלע אויגן. דערזעענדיק דעם אָפּער־באַפּולמעכטיקטן, האָט ער גיך זיך אופגעהויבן און צוגעלייגט די האַנט צום דאַשעק.

דער אָפּערבאַפּולמעכטיקטער האָט שוויַיגנדיק געוויזן עלקען, אז זי זאָל זיך זעצן אַף דער באַנק, וואָס איז געשטאַנען לעבן וואַנט צווישן צוויי טירן, און אליין איז ער אוועק איבער דעם לאַנגן און שמאָלן קאָרידאָר. אין סאַמע סאָף קאָרידאָר האָט ער אַנגעקלאַפּט רעכטס אין א טיר און איז אַרײַן, קאַנטיק, צום נאַטשאַלניק אין קאַבינעט. עלקע האָט מיט אומרויִקע פינגער צורעכט געמאַכט אַפּגיך די האָר און מיט אָנשטרענגונג געוואַרט, אז אָט באַלד וועט מען זי א רוף טאָן. אין א ווײַל אַרום איז דער אָפּערבאַפּולמעכטיקטער ארויס פון קאַבינעט, דורכגעגאַנגען פאַרבײַ עלקען און גאָרנישט ניט געזאָגט, ווי ער וואָלט זי ניט געזען. דער סערזשאַנט איז גלײַך נאָך אים אויך ארויס.

אינעם לאַנגן שוואַך־באַלויכטענעם קאָרידאָר איז געווען זייער שטיל און די ניט געוויינלעכע שפּעטנאַכטיקע שטילקײַט האָט אָנגעהויבן דריקן אַף איר. זי האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָט מען זי געלאָזט איינע אליין אין קאָרידאָר, פאַרוואָס רופט מען זי ניט ארויס. זי האָט דאָך איבערגעלאָזט דאָס קינד אליין. עלקע האָט זיך אופגעהויבן און צוריק זיך געזעצט. זי האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. וויפל קאָן זײַן דער זייגער?.. זי האָט אפילו ניט באַמערקט, צי האָט ער פאַרשפּאַרט די טיר, צי געלאָזט אָפן?.. גוט, וואָס זי האָט ניט געבעטן שעפטלען בלײַבן נעכ־טיקן... זאָל טאַקע זײַן, אז מע האָט פאַנאַנדערגעקליבן אירע אָנקלאַגעס?..

קיינמאָל האָט זיך בא איר אזוי ניט געצויגן די צײַט, ווי איצט.

„מיסטאַמע איז ער פאַרנומען", — האָט זי זיך געוואָלט באַרויִקן, — „זי וועט צוּוואַרטן נאָך א ווײַל... און עפּשער רופט מען זי ארויס גאָר ניט וועגן אַלעקסייען... עפּשער האָט עס גאָר א שײַכעס צו איר אַרבעט... קאָן זײַן, אז ער האָט פּאַשעט פאַרגעסן אין איר... וואָס זשע טוט מען?.. אַנטלאָפן אָדער נאָך צוּוואַרטן א ווײַל?.." — זי האָט זיך געסטאַרעט ווי ווײַט מעגלעך זײַן רויִק, נאָר ס'האָט זיך איר ניט אײַנגעגעבן. אַן אָנגעשטרענגטע איז זי געזעסן אַף דער באַנק, פון וועלכער ס'האָט געשמעקט מיט קאַרבאָלקע, געקוקט אַף די גרויע ווענט און יעדע מינוט, יעדע רעגע האָט איר אויסגעזען, ווי אַן אייביקײַט.

מיטאַמאָל האָט עלקע זיך אופגעהויבן, אַנטשיידן מיט גיכע טריט אוועקגעשפּאַנט איבער דעם שמאָלן און לאַנגן קאָרידאָר און אָנגעקלאַפּט אין טיר פונעם נאַטשאַלניקס קאַבינעט.

— אַרײַן... — האָט זיך דערטראָגן פון דאָרטן א שטים.

עלקע האָט געעפנט די טיר.

ניקאָלײַענקאָ, וואָס איז געשטאַנען באַם טיש אויסגעצויגן פאַר א מיטליאָריקן פליכעוואַטן מאַיאָר מיט א גאָל־קרענקלעך געזיכט, האָט זיך האַסטיק אומגעקוקט.

— אַנטשולדיקט, — האָט ער, דערזעענדיק זי, העפלעך זיך אָנגערופן, — איר וועט מוזן נאָך א ווײַל צוּוואַרטן.

עלקע האָט זיך פאַרלוירן, איז אוועק צוריק מיט מידע ניט זיכערע טריט און זיך ווידער אוועקגעזעצט אַף דער נימעס געוואָרענער באַנק. זי איז איצט ביז ווייטעק מעקאַנע געווען אַלע די, וואָס געפינען זיך אויסער די ווענט פון אָט דעם איינשטאָקיקן מויערל, וואָס שלאָפן זיך רויִק יעדערער בא זיך אין זײַן היימישן געלעגער.

זי האָט דערהערט, ווי אין סאָף קאָרידאָר האָט זיך געעפנט די טיר.

— ביטע, קומט אַרײַן, — האָט ניקאָלײַענקאָ פונדערווײַטן זי א רוף געטאָן.

זי האָט מיט דער האַנט אַפּגיך פאַררעכט די האָר, און, סטאַרענדיק זיך זײַן רויִק, ניט געײַלט אַרײַן אין קאַבינעט.

— זעצט זיך, — האָט ניקאָלײַענקאָ געזאָגט און געוויזן אַפּן בענקל לעבן וואַנט.

עלקע האָט זיך אוועקגעזעצט און באַטראַכט דעם אומהיימלעכן קאַבינעט.

אין קאַבינעט האָט געשמעקט מיט פײַכטקײַט און ס'האָט אַף איר געמאַכט אַן אײַנדרוק, ווי ס'וואָלט אהער קיינמאָל ניט אַרײַנגעקוקט די זון. ס'איז געווען שטאַרק אָנגערויכערט.

אויסער דעם טיש, בא וועלכן ס'איז געזעסן פאַרטאָן אין פאַפּירן דער מאַיאָר מיט דעם געלבלעכן קרענקלעכן פּאָנעם, זײַנען בא דער זײַט געשטאַנען עטלעכע בענקלעך און אין א ווינקל א פּײַערקאַסע. אַף די ווענט זײַנען געהאַנגען איינער אַנטקעגן אַנדערן צוויי פּאָרטרעטן: סטאַלינס און בעריאַס. סטאַלינס פּאָרטרעט, וואָס איז געווען א סאַך גרעסער, איז געווען אײַנגעפאַסט אין א שווערער באַגילדעטער ראַם. ער איז געשטאַנען אין זײַן גאַנצער וווּקס, אין גלאַנציקע שטיוול, מיט דער ליולקע אין האַנט.

— קלאָר? — האָט דער מאיאָר, ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ פון די פּאַפּירן, אופגערעגט זיך געווענדט צו ניקאָלײַענקאָ. — אַט אַזוי ווי איך האָב פאַראָרדנט, אַט אַזוי טוט... מיטן ראַיקאָם איז ניטאָ וואָס צו קאָנטאַקטירן... אַליין... פאַרשטאַנען? — ער האָט אַרויסגענומען פון דער ווײַסער פרענטש-קעשענע אַ פּעקל טײַערע פּאַפּיראָסן, פאַררייכערט און, ניט פאַרלייגנדיק ניקאָלײַענקאָן, צוריק פאַרבאַהאַלטן דאָס פּעקל אין קעשענע.

— שוין האַלב דרײַ, — האָט ער אַ גענעץ געטאָן, אַ קוק געבנדיק אָפן זייגער, — פּינקטלעך פינף פאָרן מיר אַרויס איבערן ראַיאָן... — ער האָט אַ בלעטער געטאָן די פּאַפּירן, וואָס זײַנען געלעגן אָפן טיש, אייניקע ערטער אונטערגעשטראָכן מיט אַ רויטן בלײַפעדער, נאָכדעם אויסגעדרייט דעם פליכעוואַטן קאָפּ מיט די גרויסע שפּיציקע אויערן און, ווי ער וואָלט ערשט איצט דערזען עלקען, עטלעכע רעגעס זייער אופמערקזאַם שווײַגנדיק זי באַטראַכט.

— אָרעשינאַ? — האָט ער מיט אַ טרוקענער שטים אַ פרעג געטאָן. — איר וועט אונדז מוזן אַנטשולדיקן, וואָס מיר האָבן אײַך עטוואָס פאַרהאַלטן... כ'מיין, אַז די צײַט איז בא אײַך אומזיסט ניט פאַרלוירן געגאַנגען, — האָט ער זי דורכגענומען מיט זײַנע קליינע שטעכיקע אויגן. — אָרעשינאַ איז אײַער מיידלשע פאַמיליע?..

— ניין... לויטן מאַן, — האָט עלקע מיט אַ געפאַלענער שטים געענטפערט. לויטן טאָן פון זײַן ריידן האָט זי פאַרשטאַנען, אַז אָפּ עפּעס גוטס איז ניטאָ צו האָפן.

— המ... און די מיידלשע? — האָט ער סאַרקאַסטיש אַ פרעג געטאָן, און מיט דער האַנט געוויזן ניקאָלײַענקאָן, אַז ער זאָל זיך זעצן נעענטער צום טיש.

— מײַן מיידלשע פאַמיליע איז רודנער.

— רודנער... רודנער... — האָט ער, קנייטשנדיק דעם שטערן, עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט, ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אין עפּעס. — בא אונדז אין וואָלאָסט איז אַמאָל נאָך פאַר דער רעוואָליוציע געווען אַ מיל-אַרענדאַטאָר רודנער... ס'זײַנען צופעליק ניט געווען אײַערע עלטערן?

— מײַנע עלטערן זײַנען געווען אָרעמפּויערים... באַטראַקעס... דער טאַטע איז געווען אַ פּאַרטיזאַנער און ווי אַ פּאַרטיזאַנער אומגעקומען, — האָט עלקע אופגערעגט אַרויסגערעדט אין איין אָטעם.

— אַט ווי!.. און מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך?

— איך אַרבעט. אין ראַיאָנעם פונקט פון „זאַגאָטזערנאָ“.

— אַן אומפּאַרטייישע?

— אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי פון 29־טן יאָר, — האָט זי מיט ווירדע געענטפערט.

דאָס, וואָס זי האָט זיך געהאַלטן אומאָפּהענגיק, האָט אים אָנגעהויבן פאַרדריסן. ער האָט זיך אַ קנייטש געטאָן, אַראָפּגעלאָזט דעם פליכעוואַטן קאָפּ, אַ בלעטער געטאָן די פּאַפּירן און ווידער פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס.

— מײַן פאַמיליע איז דעריוגין, — האָט ער אָנגעכמורעט געזאָגט, — עלטסטער אויספאָרשער פון דער געגנטלעכער פאַרוואַלטונג... אָנקלאָגעס האָט איר געשריבן? — ער האָט פון אונטערן שטערן שטרענג אַ קוק געטאָן אָף איר.

— געשריבן...

— וועמען האָט איר געשריבן? — האָט ער ניט געײַלט געפרעגט, קוקנדיק נאָך אַלץ פון אונטערן שטערן אָף איר.

— בעריאַן... מאַלענקאָוון... און דאָ ניט לאַנג מאָלאָטאָוון...

זי האָט מיט האָפענונג אַ קוק געטאָן אָף סטאַלינס פּאָרטרעט. זי איז אַבסאָליוט זיכער געווען, אַז מע האָט אַרײַנגעזעצט אומשולדיקע, ערלעכע קאָמוניסטן.

— אָף וועמען האָט איר זיך געקלאָגט? — באַם מאַיאָר האָבן זיך פאַרקרימט די דינע און בלייכע ליפּן. — מיט וועמען זײַט איר ניט צופרידן? מיט דער סאָוועטנמאַכט?..

בא עלקען איז אַרויסגעטראָטן אַ שווייס אָפן שטערן. זי האָט געוואָלט אים אויסווישן מיט דעם טיכעלע, נאָר דעריוגין האָט געקוקט גלײַך אָף איר, און קעדיי ער זאָל עס ניט באַמערקן, האָט זי באַהאַלטן דאָס טיכעלע צוריק אין קעשענע.

— איך האָב געבעטן איין זאַך, — האָט זי זיך געסטאַרעט רויק ענטפערן, — אַז מע זאָל איבערקוקן מײַן מאַנס איניען.

— ווער זאָל איבערקוקן? בעריאַ? מאַלענקאָוו? אָדער עפּשער מאָלאָטאָוו?..

— איך האָב געבעטן אויספאָרשן, אַרויסרופן איידעס, אופשטעלן די גערעכטיקײַט...

— וואָס, בא אונדז אין לאַנד איז פאַראַן אומגערעכטיקײַט?.. — ער האָט גענומען דעם בלײַפעדער און עפּעס פאָרצייכנט.

— איך בין זיכער, אַז מײַן מאַן איז געווען און געבליבן אַן ערלעכער קאָמוניסט...

— קיין ערלעכע סאָוועטישע מענטשן נעמען מיר ניט, — האָט ער מיט בייזקייט זי איבערגעשלאָגן.

— פאַרוואָס זשע האָט מען אים גענומען?

— דערפֿאַר, — האָט ער שטיל געזאָגט, ווי ער וואָלט פאַרטרויען א סאָד, — ווײַל ער איז א סוינע פון פֿאָלק...

— פאַרוואָס זאָל ער זײַן א סוינע? — האָט זי מיט הארץ אויסגערופן. — זײַנע עלטערן זײַנען געווען רעוואָליוציאָנערן... דער טאַטע אומגעקומען אף קאַטאָרגע. די מאַמע האָבן די ווײַסע דערשאָסן... און ער אליין... צו זיבעצן יאָר איז ער שוין פרײַוויליק אוועק אין דער רויטער ארמיי, זיך געשלאָגן פאַר דער סאָוועטנמאַכט...

— דאָס אינטערעסירט אונדז ניט...

— פאַרוואָס? — איז זי געוואָרן נאָך מער אופגערעגט. — אויב איר קלײַבט פאַנאַנדער די אָנקלאָגע, דאַרף עס אײַך אינטערעסירן... דרײַ מאָל פאַרוואונדעט געווען... אָן אָרדען באַקומען...

— דעם אָרדען האָט אים בליוכער געגעבן. כיטרעוועט ניט. אײַך איז דען ניט באַוווּסט, אַז ער פלעגט זײַן בא בליוכערן אין דער היים?!..

— נו, דעריבער איז וואָס?.. בליוכער איז דאָך געווען קאָמאַנדאַרם... מאַרשאַל פון סאָוועטנ־פאַרבאַנד... פאַרוואָס האָט ער דעמלט ניט געטאָרט זײַן בא בליוכערן?!.. נאָר ווען בליוכערן וויים איך ניט... כ'ווייס ניט... אָבער אַלעקסיי... קיינמאָל אין דער וועלט... ס'איז א שרעקלעכע פּראָוואָקאַציע... פאַרוואָס זאָל ער זײַן א סוינע?

— פאַרוואָס? — ער האָט ארויסגענומען די פּאַפּיראָסן, ניט געײַלט פאַרייכערט און אוועק־געלייגט דאָס פּעקל צוריק אין קעשענע. — וואָס מער מיר דערנעענטערן זיך צום קאָמוניזם, האָט כאַווער סטאַלין געזאָגט, איז אַלץ שאַרפער דער קלאַסנקאַמף... — ער האָט ארויסגעבראַכט יעדעס וואָרט באַזונדער. — אָט פאַרוואָס!.. קלאָר?.. און אײַער מאַנס איניען, קאָן איך אײַך זאָגן, האָב איך פּערזענלעך געפירט... אזוי, אז אײַך וועט זיך ניט אײַנגעבן מיך אָפּנאַרן.

— איר האָט געפירט זײַן איניען? — האָט זי דערשראָקן אים אָנגעקוקט.

— געהאַט דאָס פאַרגעניגן...

בא עלקען האָט זיך פאַרדרייט דער קאָפּ. ס'איז איר געוואָרן ניט־גוט. ווען זי איז געקומען צו־זיך, האָט זי זייער מיד, קוים ארויסברענגענדיק די ווערטער, געפרעגט:

— ווו איז ער, קאָנט איר מיר זאָגן?.. — מער איז איר איצט שוין גאָרנישט ניט אָנגעגאַנגען.

— און איר ווייסט ניט?.. איר באַקומט דאָך בריוו...

„פונוואַנען נעמט זיך בא אים אַזויפיל שלעכטס?“ — האָט עלקע מיט צאָרן א טראַכט געטאָן.

פאַר דער גאַנצער צײַט האָט זי געהאַט איין צופעליק בריוועלע. ס'איז געווען אין א יאָר אַרום, ווי מע האָט אַלעקסייען גענומען. דאָס בריוועלע איז באַשטאַנען פון צוויי שורעס: „ווייס. גלייב מיר. איך בין ניט שולדיק. לעבן זאָל סטאַלין!“. דאָס דאָזיקע בריוועלע האָט ער ארויסגע־וואָרפן אף דער אײַזנבאַן־ליניע, בעשאַס מע האָט אים געפירט מיטן עטאַפּ. א פויערטע אַרום כאַבאַראָווסק האָט עס געפונען און אָפּגעשיקט לויטן אָנגעוויזענעם אדרעס עלקען קיין בירָאָקאַן.

— איך בעט אײַך, זאָגט מיר, ווו איז ער, — האָט זי ווידער געפרעגט, איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם.

—ביטע. איך קאָן אײַך זאָגן פּינקטלעך. איר ווילט פאַרשרײַבן, צי איר וועט אזוי פאַרגע־דענקען?.. — דער מאַיאָר האָט זיך טיף פאַרצויגן און מיט פאַרגעניגן ארויסגעלאָזט דעם רויך איבער דער פאַרהויבענער אונטערשטער ליפּ, — ער איז דאָרט, ווו די ווײַסע בערן...

ער האָט זיך ווידער טיף פאַרצויגן, געקנייטשט דעם שטערן, ווי ער וואָלט עפּעס באַטראַכט.

— איר ווילט אויסבעטן אײַער מאַן ווייך, נאָר זעט, אז אײַך זאָל ניט זײַן הארט צו שלאָפן... פאַרגעדענקט, די טויערן זײַנען בא אונדז ברייט אף אַרײַן, נאָר אף ארויס זײַנען זיי זייער שמאָל... פון דאָרט, ווו ער איז, האָט זיך נאָך קיינער ניט אומגעקערט...

ער האָט עס געזאָגט מיט א באַזונדער האַנאָע און פון אונטערן שטערן געקוקט אף עלקען, וועלנדיק זען, וואָס פאַר אן אײַנדרוק זײַנע ווערטער האָבן געמאַכט אף איר.

„און אָט דער נעפּעש לעבט עס צווישן אונדז... האָט א פרוי... א קינד...“ האָט עלקע אופ־געהויבן די אויגן אפן מאַיאָר דעריוגין.

— בא מיר איז פאַרבליבן אין צימער דאָס קינד אליין, — האָט זי שטיל געזאָגט, — דערלויבט מיר גיין...

— האָט צײַט... מיר דאַרפן פּראָטאָקאָלירן דאָס, וואָס איר האָט דאָ געזאָגט.

— ס'איז אף לאַנג נאָך? — האָט עלקע צעטומלט־דערשראָקן געפרעגט.

— דאָס וועט שוין זײַן אָפּהענגיק פֿון איַך, — האָט ער צווייִדײַטיק געזאָגט און א ווונק געטאָן ניקאָליַיענקאָן, ער זאָל זיך נעמען שרײַבן דעם פּראָטאָקאָל.

ניקאָליַיענקאָ, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן, האָט אוועקגעלייגט פֿאַר זיך עטלעכע בויגנס פּאַפּיר און גענומען די פּען. ער האָט זיך געפֿילט ניט באַקוועם, נאָר ער האָט גאָרנישט ניט געקאָנט טאָן אין דער אָנוועזנהײַט פֿון מאַיאָר.

„וואָס וועט ער שרײַבן?" — האָט עלקע ניט פֿאַרשטאַנען. זי האָט געוואָלט שוין וואָס גיכער דאָס איבערקומען און זיך אומגעקוקט אַף דעם פֿענצטער. די שויבן זײַנען שוין געווען וואַסערדיק־בלוי. ס'איז איר פֿון דעם מיטאַמאָל עפּעס גרינגער געוואָרן אַפֿן האַרצן. „אָט באַלד וועלן זיך אויפֿכאַפּן די מענטשן אין די שטיבער, מע וועט אַרויס אין דרויסן, עס וועט אויפֿלעבן ווי געוויינלעך די גאַס, און ס'וועט זיך ענדיקן די שווידערלעכע נאַכט..."

דער מאַיאָר האָט זיך אויפֿגעהויבן, איז דורכגעגאַנגען דאָס צימער אַף די קורצע און קרום־לעכע פֿיס, זיך צוריק געזעצט און מיט א נידעריקער שטים, פֿאַרשלאָפֿן אָנגעהויבן דיקטירן.

— פּראָטאָקאָל נומ... פֿאַרן 21־טן... וואַרט אויס... ס'איז שוין אייגנטלעך דער 22־טער... שרײַבט פֿאַרן 22־טן יון 1941 יאָר...

ער האָט ניט געײַלט, געצויגן, אַרויסבאַרעדנדיק יעדעס וואָרט באַזונדער, אָפּגעדיקטירט דעם אַרײַנפֿיר צום פּראָטאָקאָל. נאָכדעם האָט ער זיך אָפּגעוואָרפֿן אַפֿן וועגטל פֿון בענקל און צוגעוואַרט א ווײַל, קעדיי געבן ניקאָליַיענקאָן די מעגלעכקײַט אַלץ צו פֿאַרשרײַבן.

— פּאַרטיק? — האָט ער אָנגעכמורעט א פֿרעג געטאָן. — שרײַבט ווײַטער. פּראַגע. צוויי־פּונקט. איַך איז איצט באַוווּסט וועגן דער פֿאַרברעכערישער קאָנטררעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט פֿון איַיער מאַן דעם סוינע פֿון פֿאָלק אַלעקסיי איוואַנאָוויטש אָרעשין?

אין צימער איז געווען זייער שטיל. עלקע האָט נאָר געהערט, ווי עס האָט געסקריפּעט די פּען. ניקאָליַיענקאָ האָט קאָנטיק געשריבן זייער פּאַמעלעך. ס'איז געווען דושנע. שטאַרק אָנגע־רויכערט. דער מאַיאָר איז געזעסן מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט געדרעמלט, נאָכ־דעם פֿאַרשלאָפֿן געפֿרעגט:

— פֿאַרשריבן?

ניקאָליַיענקאָ האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

עלקע האָט זיך עטוואָס אויפֿגעהויבן, גרייט ענטפֿערן אַף דער פֿראַגע, נאָר דעריוגין האָט שטרענג א ווײַז געטאָן מיט דער האַנט, אַז זי זאָל זיצן און שווײַגן. דאָס קרענקלעך געקנייטשטע געזיכט איז בא אים געוואָרן זייער בייז.

— שרײַבט, — האָט ער כמורנע זיך אָנגערופֿן, — ענטפֿער. צווייפּונקט... יאָ. איצט איז מיר באַוווּסט, אַז מײַן מאַן האָט זיךווירקלעך פֿאַרנומען מיט פֿאַרברעכערישער קאָנטררעוואָ־ליוציאָנערער טעטיקײַט.

— וואָס שרײַבט איר?! — האָט עלקע, זײַענדיק אויסער־זיך, אויסגעשריגן.

— רויִק! היצט זיך ניט!.. — האָט דעריוגין זי דורכגעשטאָכן מיט די אויגן. — היצן זיך וועט איר אין אַן אַנדער אָרט. — פֿאַרשריבן? — האָט ער אויפֿגערעגט־בייז א פֿרעג געטאָן ניקאָליַיענקאָן. — שרײַבט ווײַטער. פּראַגע. צווייפּונקט. פֿאַרוואָס האָט איר, אויב אַזוי, געשריבן אָנקלאָגעס אַף מאָלאָטאָוס, מאַלענקאָווס און בעריאַס נאָמען? וואָס זײַט איר אויסן געווען מיט דעם?

עלקע האָט צעטומלט־פֿאַרכידעשט געקוקט אָט אַף אים, אָט אַף ניקאָליַיענקאָן, ניט אָנ־הייבנדיק צו פֿאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פֿאָר. „האָט נאָר קיין מוירע ניט?.. איך וועל וועגן דעם אומבאַדינגט שרײַבן סטאַלינען"...

דעריוגין האָט דערווײַל פֿאַרזיכטיק אַראָפּגעקלאַפּט דעם אַש פֿון פּאַפּיראָס און, ניט אומ־קוקנדיק זיך אַפֿילע אַף עלקען, באַפֿוילן צו שרײַבן ווײַטער.

— ענטפֿער. צווייפּונקט. בעשאַס איך האָב געשריבן די אָנקלאָגעס, — האָט ער געצויגן מאָנאָטאָן דיקטירט, — זײַנען מיר ניט באַוווּסט געווען א ריי וועזנטלעכע פֿאַקטן פֿון זײַן קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער פֿאַרברעכערישער טעטיקײַט, וועלכע ער האָט פֿון מיר אויסבאַהאַלטן...

— פֿאַרשריבן? — האָט דער מאַיאָר געפֿרעגט ניקאָליַיענקאָן. — שרײַבט ווײַטער. פּראַגע. צווייפּונקט. און איצט זײַנען איַך אַזעלכע פֿאַקטן באַוווּסט?

ער האָט זיך ווידער אויפֿגעהויבן, זיך ווידער דורכגעגאַנגען איבערן צימער, געבליבן שטיין אונטער דער ליוסטרע און פֿאַרגעזעצט דיקטירן:

— ענטפֿער. צווייפּונקט. יאָ, איצט זײַנען מיר די פֿאַקטן באַוווּסט.

דעריוגין האָט מיט א שוועבעלע זיך א פֿאַרקע געטאָן דעם באַקצאָן און באַשמעקט עס.

— פֿאַרשריבן? שרײַבט ווײַטער. די באַווײַזן זײַנען פֿאַרשריבן פּינקטלעך פֿון מײַנע רייד. וועלכע איך באַשטעטיק מיט מײַן אונטערשריפֿט.

ווען ניקאָלײַענקאָ האָט פאַרענדיקט שרײַבן, האָט דער מאַיאָר דעריוגין געמומען בא אים דעם פּראָטאָקאָל, איבערגעקוקט אים און זיך אונטערגעשריבן. נאָכדעם האָט ער דערלאַנגט דעם פּראָטאָקאָל עלקען.

— לייענט איבער און שרײַבט זיך אונטער, — האָט ער זייער העפלעך פאָרגעלייגט.

עלקע איז בלייך געוואָרן. מיט ציטערנדיקע הענט האָט זי גענומען דעם פּראָטאָקאָל, גע־פּרוווט לייענען, נאָר מיטאמאָל פאַרמאַכט די אויגן.

ניקאָלײַענקאָ האָט באַמערקט, אז ס׳איז איר ניט גוט געוואָרן, ער האָט פון גראַפין אָנגע־גאָסן וואַסער אין גלאָז און דערלאַנגט איר.

אין דער זעלבער רעגע האָט אפן טיש אָנגעהויבן קלינגען דער טעלעפאָן. דעריוגין האָט גענומען דאָס טרײַבל.

— אַלאָ... יאָ... יאָ... זאַפּאָראָזשיע?.. זאַפּאָראָזשיע?.. יאָ, איך הער... איך הער... — האָט ער אַרײַנגעשריִען אין טרײַבל. — יאָ... יאָ... מאַיאָר דעריוגין הערט... וואָס? וואָס?.. — ער איז געוואָרן מיטאמאָל זייער בלייך און דאָס טרײַבל האָט א ציטער געטאָן בא אים אין האַנט. — וואָס?.. הײַנט?.. פיר אזייגער פאַרטאָג... קיִעוו?.. וואָס רעדט איר?.. סעוואַסטאָפּאָל?.. אוי־אוי... שוין אַרויספאָרן?.. שוין?.. באַלד?.. וואָסי? אָ?.. נו, גוט... גוט... איך פאָר שוין אַרויס, — האָט ער צעטראָגן איבערגעכאַזוערט און אָנמעכטיק אַראָפּגעלאָזט זיך אפן בענקל.

„צי דען וועט מען מאָבילידירן און אוועקשיקן אפן פראָנט?“ — ס׳איז אים זייער הייס געוואָרן. ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע א צעקנייטשט טיכעלע און אָנגעהויבן זיך ווישן דעם שווייס פונעם פּאָנעם.

„עפּעס אַן אומגליק געשען בא אים“ — האָט עלקע א טראַכט געטאָן.

— איך וועל גאָרנישט ניט אונטערשרײַבן, — האָט עלקע א זאָג געטאָן און אָנטשיידן אוועקגעלייגט דעם פּראָטאָקאָל אפן טיש.

דעריוגין איז עטלעכע מינוט געזעסן א צערודערטער, מיט אַן אָפּוואַזנדיקן בליק, נאָכדעם, ווי ס׳וואָלט אים ווידער באַפאַלן עפּעס זייער א ביטערע מאַכשאָווע, זיך פאַרקרימט, אופגעהויבן די צעטראָגענע אויגן און באַמערקט דעם ניט אונטערגעשריבענעם פּראָטאָקאָל.

— גייט פונדאַנען... אַרויס!.. אַרויס!.. — האָט ער, רויט ווערנדיק, זיך צעשריִען אף עלקען און א קנאַק געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש.

ווען עלקע איז אַרויס אין דרויסן, האָט זי דורשטיק אַרײַנגעאָטעמט אין זיך די פרישע קילב־לעכע לופט און זיך געלאָזט לויפן מיט דער פּאַרטאָגיקער גאַס אהיים. דער ראַיצענטער האָט ערשט אופגעוואַכט. אפן עק גאַס האָט א קרייע געטאָן א האָן, ערגעץ האָט געסקריפּעט א קאָלאָ־וואָראָט פון א ברונעם, עס האָט א קלונג געטאָן א קליאַמקע פון א טיר.

פון די הויפן האָבן זיך דאָ און דאָרט באַוויזן איינצלנע נאָך האַלב־פאַרשלאָפענע מענטשן, זיי האָבן מיט כידעש נאָכגעקוקט עלקען, וואָס איז א פאַרטראָגענע געלאָפן אַראָפּ גאַס, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס איז אין אזא פריִיקער שאָ געשען מיט איר...

## קאַפּיטל צען

די זון האָט זיך שוין געהאַט אַראָפּגעלאָזט גאָר־גאָר נידעריק און איז פאַרשווונדן ערגעץ ווײַט אינעם פאַרנאַכטיקן סטעפּ הינטער די הויכע טוווּס. באַלד האָבן זיך גענומען לעשן די זון־פלאַמען אף די שויבן פון די ווײַס אויסגעקאַלכטע שטיבער, ס׳איז פאַרשווונדן די קופּערנע רויטקײַט אף די שפּיצן פון די ביימער און צוביסלעך האָבן זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערגיין, ווי אין בלויען יאַם־וואַסער, די צונטער־רויטע און קאָלערליי ראָזלעכע פאַרבן אף די ביז גאָר לײַכטע און פוכיקע וואָלקנדלעך.

דער ראַנד הימל איז געוואָרן אָראַנזשעווע און אין א קורצער ווײַלע אַרום דורכויס בלוי.

איבער דעם אַרומיקן שטיל־שורשענדיקן סטעפּ, איבער די אויסגעפּאַרענע, מיט שטויב באַדעקטע ווײַסלעכע וועגן, איבער די בערגלעך און באַלקעס, איבער דעם גרינעם סטאַוואָק און איבער דעם כוטאָר, וואָס האָט מיט דער איין־איינציקער ברייטער גאַס זיך צוגעטוליעט, ווי פאַר־באַהאַלטן זיך אין דער קרומלעכער באַלקע, איז אומבאַמערקט צוגעפאַלן דער אָוונט, און צוזאַמען מיט אים — א נאָגנדיקער אומעט. קיין שײַן פון די פענצטער האָט אינערגעץ ניט אַרויסגעלויכטן.

אין די פּאַליסאַדניקעס, אין די אַרומגעצוימטע הויפן און אף דער מיט גראָז באַוואַקסענער גאַס איז געוועזן פינצטער. אינערגעץ האָט ניט געשפּילט קיין מוזיק. און ניט באַם קלוב, ניט אינעם יונגן גערטנדל און ניט באַם סטאַוואָק האָבן ניט געזונגען די מיידלעך. נאָר ווי שטענדיק, און עפּשער נאָך מער צעצויגן, האָבן צווישן דעם אָטשערעט, ווי ס׳וואָלט גאָרניט געשען אף דער וועלט, גע־

קוואַקעט די פּרעש און ס'האָבן אין דער געדיכטעניש פון די דופּטיקע גראָזן דין געגרילצט די צירקונען.

די קאַלווירטעניקעס און קאַלווירטעניצעס האָבן טיף־צערודערטע, טיף־פאַרצאַרנטע זיך געקליבן רעדלעכווייז אין קאַלווירט־הויף, בא די הילצערנע טרעפּלעך פון סעלפּאָ און לעבן די טונקעלע פּאַליסאַדניקעס. קיינער האָט ניט געקאָנט איצט זיצן בא זיך אין דער ניט היימלעך־געוואָרענער שטוב מיט די פאַרהאַנגענע פענצטער. ס'האָט יעדן איינעם געצויגן איצט, ווי נאָך קיינמאָל ניט, צו זײַן צווישן מענטשן.

די מאַנצבלען — אמערסטן שוין עלטערע בערדיקע קאַלווירטניקעס, האָבן אַ סאַך גערייכערט, גערעדט וועגן דער גרויזאַמער אומגעריכטקייט פון דער מילכאָמע, וועגן דעם דײַטש, וועגן היטלערס אכזאַריעס אין פּוילן, וועגן זײַן שרעקלעכער סינע צו ייִדן, וועלכע — ווי מע דערציילט — ער וויל אומברענגען ביז איינעם, און די ווײַבער האָבן געקרעכצט, געשעפּטשעט צווישן זיך און געווישט די פאַרוויינטע אויגן.

זעלדען האָט זיך אויך געוואָלט כאָטש אַף אַ ווײַלע ארויס אין גאַס אַ הער טאָן, וואָס מענטשן ריידן, און זען, ווו איז דאָרט ערגעץ שעפּטל. קומענדיק פון הולײַפּאָליע, האָט ער זיך ארײַנגע־כאַפּט אין שטוב אַף אַ רעגע און איז אַ צעטראָגענער, קימאַט ווי ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, באַלד אוועק. ס'האָט איר אזש גענאַיעט דאָס האַרץ, אזוי האָט זיך איר געוואָלט ארויסגיין און זײַן אַ ווײַלע צווישן מענטשן. נאָר זי האָט ניט געקאָנט איבערלאָזן די שוויגער, וועלכע האָט זיך געפילט שלעכט. פאַרנאַכט, נאָך דעם, ווי די שוויגער האָט מיטן גאַנצן אוילעם ארויסבאַגלייט אַף דער מילכאָמע די בוריאַנאַוועקער, און, דערמאָנענדיק זיך אין אירע צוויי ברידער, וואָס זײַנען נאָך אַף דער פאַריקער מילכאָמע דערהאַרגעט געוואָרן, זיך גוט אויסגעוויינט, איז זי געקומען אהיים אײַנגאַנצן אַ צעבראָכענע. זי האָט זיך פאַרקליבן צו זיך הינטערן ציצענעם פאַרהענגל אַפן אײַזערנעם בעטל און ניט אופגעהערט קרעכצן.

זעלדע, אַ מידע און דערשלאָגענע פון דעם אלעמען, וואָס איז געשען פאַרן טאָג, האָט זיך געייסעקט ארום איר, געלייגט איר קאַלטע טיכלעך צו די שליפן.

— נו, וואָס, שוויגער... וואָס געבן אײַך... עפּשער וועט איר עפּעס עסן?

זעלדע האָט אָפּגעקאָכט אין אַ קליין פענדעלע אַ ביסל יויך, אופגעזאָדן מילך, נאָר די שוויגער האָט גאָרנישט גיט געוואָלט נעמען אין מויל, סײַדן עפּשער אַ ביסעלע ווישניק.

שטעלנדיק זיך אַף דער טאַבורעטקע, האָט זעלדע אראָפּגענומען פון דער שאַפע דעם גרויסן בוטל מיטן פאַרבליבענעם נאָך פאַראַיאָריקן ווישניק, וועלכן מע האָט געהיט מיט דעם מיין, אז „מע זאָל עס ניט באַדאַרפן", אָנגעגאָסן אַ קעלישעקל און אוועקגעשטעלט דערווײַל דעם בוטל אַפן קאָמאָד. מיטן פולינקן קעלישעקל איז זי ארײַן הינטערן פאַרהענגל. די אלטע איז אנשלאָפן געוואָרן. זעלדע האָט פאָרזיכטיק אוועקגעשטעלט דאָס קעלישעקל אַף דער לעזשאַנקע, זיך איבערגעבויגן איבער דער אלטער און פאַריכט די בײַקאָווע קאָלדרע. „זי שלאָפט. זייער גוט. זי זאָל כאָטש שלאָפן אַ ביסל". שאָלעמקע, וועלכער האָט ביז ניט לאַנג זיך געשפּילט אין וויגעלע, איז שוין אויך געשלאָפן. די איבעריקע קינדער זײַנען ארומגעלאָפן אין הויף פאַרבײַ די פענצטער.

אהער צו זעלדען האָט זיך דערטראָגן קורטס שטיפעריש געלעכטער, און זי האָט אַ טראַכט געטאָן, אז ס'איז פונדעסטוועגן ניט גוט, וואָס די מאַמע זײַנע, עלזע, האָט זי אזוי אונטערגעפירט. נאָך מיט צוויי וואָכן צוריק איז עלזע, וועלכע האָט די לעצטע צײַט עפּעס אונטערגעקרענקט, געקומען גאַנצפרי אַ צעטראָגענע מיטן זעקסיאָריקן קורטן. זי האָט זיך שטאַרק געײַלט און גע־בעטן איבערלאָזן אים אַף אַ פּאָר טעג. עס גייט פונקט אַ פור קיין סוויאַטאָדוכאָווקע. עס ברענט איר אונטער האַרצן, זי וועט צופאָרן אין שפּיטאָל, צום דאָקטער. די שוויגער האָט געוויזן מיט די אויגן אַף „ניין". נאָר וויאַזוי האָט זעלדע געקאָנט אָפּזאָגן? ס'איז דאָך אַ שכיינע און מע אַרבעט צוזאמען אַף דער פערמע. דערצו איז זי נאָך, עלזע, אזא עלנטע. שוין העכער אַ יאָר, ווי דער מאַן דער שיקורניק האָט זי געוואָרפן און מיט אלע אירע זאַכן פאַרשוווּנדן פון כוטאָר. ווען זי זאָל דאָ עמעצן האָבן, וואָלט געווען גרינגער, נאָר זי האָט דאָך קיינעם ניט. זעלדע האָט אפילע ניט געפרעגט בא שעפּטלען, צי זי זאָל נעמען צו זיך דאָס קינד, צי ניט.

— מעגסט זײַן רויק, — האָט זי געזאָגט עלזען, ארויסבאַגלייטנדיק די שכיינע צו דער פור, — איך וועל אַף אים אכטונג געבן. מיט די פּאָר טעג, וואָס ער וועט בא מיר זײַן, וועט ער מיר ניט שווער מאַכן...

און אָט גייט שוין די דריטע וואָך. עלזען, לאָזט זיך אויס, האָט מען גאָר אוועקגעלייגט אין שפּיטאָל, און ווער ווייסט, וויפל זי וועט נאָך ליגן דאָרט. די שוויגער וואָרטשעט, זי קאָן ניט פאַרלײַדן קורטן, — ער קערט איבער די שטוב, אַן אומרויִק קינד, — און זעלדען דוכט זיך, אז שעפּטל איז שוין אויך ניט צופרידן... „זאָל ער שוין גיכער קומען, — האָט זעלדע פאַרזאָרגט אַ טראַכט געטאָן, — אז מע ווייסט אליין ניט, אַף וועלכער וועלט מען איז איצט"... זי האָט אַ קוק

געטאָן, צי עס זײַנען גוט פאַרהאַנגען די פענצטער, אַז קיין שײַן זאָל ניט אַרויסלײַכטן אין דרויסן. אַף יעדן פאַל האָט זי אויפֿגעהאַנגען אַף דעם פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום גאַס, נאָך שעפּטלס אַלטע בורקע און, פֿרײַער אָפּטעמענדיק, אַרויס אינעם זייער וואַרעמען און שטילן אָוונטיקן דרויסן.

לעבן דער סאַמע פּריזבע האָט פאַרבײַ איר זיך דורכגעטראָגן אין דעם פֿאַנאַנדערגעשפּי־ליעטן ווײַסן העמדעלע אַ פֿאַרפאַליעטער, אַ פֿאַרסאָפּעטער קורט און, צופֿאַלנדיק מיטן פּאָנעם צו דער שטאַל־טיר, מיטביידע הענטלעך אָנגעקלאַפּט:

— דיר־דיר־דאַ, איך בין דאַ... איך בין דאַ!... — האָט ער, אַזש פֿאַרכלינענדיק זיך, אַ גליקלעכער אויסגעשריִען.

גלײַך נאָך אים איז פון הינטערן ברונעם, ווי אַ האָז, אַרויסגעשפּרונגען שמועלקע, און איידער זוזיק, דער שכיינעס יינגל, וועלכער האָט איצט געזוכט, האָט זיך באַוויזן אומקוקן, איז שמועלקע שוין אויך געווען לעבן דער שטאַל־טיר.

זוזיק, לייע־דוואָסיעס יינגל, האָט אַף די לאַנגע דאַרע פֿיסלעך, ווי אַ צאַפּליע, זיך אַרום־געיאָגט אַ צעפּודזשעטער אַהין און אַהער און קיינעם ניט געקאָנט „פֿאַרקלאַפּן". אַלע האָבן אים אַריבערגעיאָגט, אַפילו טײַבעלע, און דערצו נאָך זיך געריצט מיט אים, וואָס ער קאָן ניט גע־פֿינען עסטערקען. זוזיק האָט זי געזוכט איבער גאָר דעם הויף, אי פֿון יענער זײַט שטאַל, אי הינ־טערן ברונעם, צווישן די ווײַנשלבביימער, הינטער דער פרישער קופּע היי... נאָר עסטערקע איז געשטאַנען פֿאַרבאַהאַלטן הינטער דער פירהויז־טיר, און די קינדער האָבן פֿאַר פרייד, וואָס זוזיק זעט זי ניט, אַזש אונטערגעטאַנצט.

„קינדער בלײַבן קינדער", — האָט זעלדע אַ טראַכט געטאָן, אַרויסגייענדיק צו דער קאַ־ליטקע. — „זײַן טאַטע, זוזיקס, איז ערשט הײַנט אַוועק אַף דער מילכאָמע... יענעמס מאַמע ליגט אין שפּיטאָל... און זיי ווילן פון גאָרנישט ניט וויסן... שפּילן אין באַהעלטעניש..."

ווען זעלדע איז אָפּגעגאַנגען פון דער פּריזבע, האָט זוזיק עפּעס באַמערקט, זיך פאַרגאַנ־גען אַף די שפּיצפֿינגער און ארײַנגעקוקט אינעם טונקעלן פירהויז. עסטערקע איז פלינק אַרויס־געשפּרונגען פון הינטער דער טיר, אַרײַנגעלאָפן אין צימער און זיך באַהאַלטן הינטערן קאַמאָד.

— דיר־דיר... כ'האָב דיך געזען... דײַנע פֿיסלעך האָב איך געזען, — האָט זוזיק אויסגע־שריִען, — גיי אַרויס... כ'האָב דיך שוין סײַוויסײַ פאַרקלאַפּט...

נאָר עסטערקע איז געזעסן פאַרטײַעט הינטערן קאַמאָד און אַפילו ניט געקליבן זיך אַרויס־גיין. אַ בערויגעזער האָט זוזיק זיך געלאָזט צו איר. ער האָט מיט קאַס אָנגעכאַפּט עסטערקען פֿאַר די צעפּלעך און מיט ביידע הענט גענומען שלעפּן. זי האָט אויפגעהויבן אַ קוויטשערײַ. קורט האָט דערהערט און אַ צעהיצטער אַרײַנגעפלויגן אין שטוב.

— לאָז אָפּ... איר טוט דאָך וויי... אַזוי שפּילט מען ניט... לאָז אָפּ... — האָט ער גענומען מיט די נעגל דראַפּען זוזיקן די הענט.

זוזיק האָט פאַר ווייטעק זיך פאַרקרימט, אָפּגעלאָזט עסטערקעס צעפּלעך און זיך אַ וואָרף געטאָן אַף קורטן. ער איז געווען עלטער און אַף אַ קאָפּ העכער פון אים. זוזיק האָט מיט ביידע הענט אים אַ שטופּ געטאָן אין סאַמע האַרצן און דערבײַ זיך אויסגעגליטשט און אַליין אומגע־פאַלן אַפן קאַמאָד. דער קאַמאָד האָט זיך אַ שאָקל געטאָן און דער בוטל מיט ווישניק איז מיט אַ טראַסק אַראָפּגעפאַלן אַף דער ערד. זוזיק און עסטערקע זײַנען אין דער זעלבער מינוט איבער־געשראָקענע אַרויסגעשפּרונגען פון שטוב, און קורט איז איינער אַליין, אַ פאַרלוירענער, גע־בליבן שטיין לעבן קאַמאָד אַ באַשפּריצטער מיט טונקל־רויטן קלעפּיקן ווישניק.

ווען זעלדע איז שוין געשטאַנען באַ דער קאַליטקע, האָט זי דערהערט אַ קלאַפּ, ווי מע וואָלט אויסגעזעצט אַ שויב, און ניט טויט ניט לעבעדיק האָט זי זיך געלאָזט לויפן צוריק.

אַף דער שוועל פון דעם שוואַך באַלויכטענעם צימער איז זעלדע געבליבן שטיין אַ צע־טומלטע, ניט פאַרשטייענדיק נאָך, וואָס איז געשען. די שוויגער אין דעם אונטערקלייד איז שוין געווען לעבן קאַמאָד און, טרייסלענדיק זיך מיטן אויסגעטריקנטן קערפּער, געשריִען אַזוי, ווי מע וואָלט זי אָפּגעבריט מיט אַ טאָפּ אָקרעפּ.

— אײַ, אַן אומגליק... אײַ, וואָס ער האָט צעבראָכן, צעבראָכן זאָל ער ווערן, ריבוינע־שעלוילעם...

קורט איז געשטאַנען אַ בלייכער, אַ שווײַגנדיקער. דאָס בלאָנד־באַגילדעטע קעפּל אַראָפּ־געלאָזט און דערשראָקן געקוקט אַף דער קאַליוזשע, וואָס איז זיך פאַנאַנדערגערונען איבער דעם ליימיקן דיל.

— אַזאַ שלאַק... — האָט די אַלטע זיך נאָך העכער צעשריִען, ווען זי האָט דערזען זעל־

דען. — וואָס שטייסטו, א בראָך צו מיר... זע, וואָס ער האָט צעמאַכט, דער גיוזעניק, געגעזיקט זאָל ער ווערן...

זעלדע איז א מעוולבעלע צוגעלאָפן צום קאָמאָד און זיך געכאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ.

קורט איז געשטאַנען א באַשפּריצטער מיט ווישניק און לעבן אים איז אין דער טונקל־רויטער קאַליוזשע געלעגן צעבראָכן דער בוטל, וועלכן זי האָט ערשט געהאַט אראָפּגענומען אַף א ווײַל פון דער שאַפע.

— וואָסי דאָ געשען? — האָט זעלדע ניט מיט איר שטים פאַרצווייפלט אויסגערופן. — אָט ערשט בין איך דאָך... אָט ערשט... די מינוט ארויס פון שטוב... וואָס פאַר א דונער האָט דאָ געטראָפן...

זי האָט צעטומלט זיך ארומגעקוקט, ניט ווּיסנדיק וואָס פריִער צו טאָן, און זיך געלאָזט צום וויגל, ווו שאָלעמקע איז פון דערשרעק זיך פאַרגאַנגען אין א געוויין. זעלדע האָט געכאַפּט דאָס קינד אַף די הענט און, אונטערהייבנדיק עס, אוועק איבערן צימער. זי האָט זיך אויסגעגעסן דאָס הארץ און זיך ניט געקאָנט מויכל זײַן, וואָס זי איז פונקט ארויס פון שטוב.

וועלכער ניט־גוטער האָט דאָס זי געשלעפּט אין דרויסן. ווען זי גייט ניט ארויס, וואָלט קורט ניט געקראָכן צום ווישניק און ניט אָנגעטאָן דעם שאָדן... וואָס האָט זי עס איבערגעלאָזט אפן קאָמאָד, געדארפט גלײַך אוועקשטעלן צוריק אַף דער שאַפע... נאָר גיי ווייס... גיי ריכט זיך... און פונקט הײַנט, אין אזא טאָג, האָט עס באַדארפט טרעפן... זי האָט אלע ווײַלע זיך אומגעקוקט אַף דער טיר, ווי זי וואָלט מוירע האָבן, אז באַלד וועט שעפּטל ארײַן.

— אוי, וויי איז מיר און ווינד איז מיר, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן... — די אלטע האָט, אײַנ־בייגנדיק זיך אין צווייען, קימאַט ווי זיך אויסגעצויגן אַף דער ערד און קרעכצנדיק גענומען מיט א לעפל צונויפקלײַבן אין שיסל דעם פאַנאַנדערגעגאָסענעם ווישניק. — אזא אָנשיקעניש... אזא קעסטקינד אפן קאָפּ... ווישניק האָט זיך אים פאַרוואָלט... אזא טרייפענע קישקע... עס וואָלט נאָר געזויפט און געפרעסן, פרעסן זאָל מען אים... נעכטן ערשט אָנגעשאָטן א פולינקע סאַכאַר־ניצע מיט צוקער...

די אלטע האָט פאַרגעסן אין אלע אירע ווייטעקן, אַף וועלכע זי האָט אָקאַרשט זיך געקלאָגט, זי האָט געפויזעט אַף די געל־אויסגעדארטע ביינערדיקע קני און מיטן לעפל צונויפגעשאַרט, צונויפגעקליבן דאָס ביסל נאָך ניט אײַנגעזאַפּטן אין דער ליימיקער ערד טונקעלן ווישניק.

— איך האָב זיך דאָך געבעטן בא דיר... נעם אים ניט צו זיך אפילע אַף איין טאָג... וואָס דארפסטו זיך זאָרגן וועגן דאָווראַכער... איך האָב קיין קויעך ניט פון די אייגענע, — האָט די אלטע פאַרביטערט געטײַנעט, — ניין, פאָלגט מען מיך ניט... אז אַף אלעמען האָט זי ראַכמאָנעס, נאָר ניט אַף מיר... מיך לאָזט מען ניט אפילע שטארבן רויִק...

זעלדע איז נאָך אלץ מיט שאָלעמקען אַף די הענט ארומגעגאַנגען הין און צוריק איבערן צימער, זיך אומגעקוקט אַף קורטן, וועלכער איז געשטאַנען אַן איבערגעשראָקענער, ניט רירנדיק זיך פון אָרט. דאָס יִינגל האָט מיט א פאַרטײַעט הארץ געוואַרט, אז זעלדע וועט זיך אײַנשטעלן פאַר אים. זי האָט דאָך הײַנט באַטאָג, ווען קיינער האָט ניט געוואָלט און ער האָט אײַנגעוויגט שאָלעמקען, געזאָגט, אז זי האָט אים ליב דערפאַר, וואָס ער פאָלגט שטענדיק. פאַרוואָס זשע שווײַגט זי איצט? פאַרוואָס שטעלט זי זיך ניט אײַן פאַר אים?

נאָר זעלדע איז געווען אזוי צעמישט פון אלץ מיטאַנאַנדער, אז זי האָט אפילע ניט באַ־מערקט, מיט וואָס פאַר א אומשולדיק־רירנדיקע שטיל־בעטנדיקע אויגן ער קוקט אַף איר.

זי האָט אין א ווײַלע ארום אוועקגעלייגט שאָלעמקען, וועלכער איז אײַנגעשלאָפן בא איר אַף די הענט, אין וויגל, און א פאַרזאָרגט־צעטראָגענע זיך גענומען צוראַמען די שטיקלעך גלאָז פון דער ערד.

— זעסט כאָטש, וואָס דו האָסט אָנגעטאָן, — האָט זי אויסגעדרייט זיך צו קורטן, — האָסט געוואָלט א ביסל ווישניק, האָסטו ניט געקאָנט בעטן? וואָס הייסט, דו קריכסט אליין צום בוטל?

קורט האָט פאַרוואונדערט אופגעהויבן אַף זעלדען זײַנע ברייט־פאַנאַנדערגעעפנטע דער־שראָקענע אויגן. זי... זי שרײַט אויך אַף אים?.. ער האָט פאַרשטשימעט די ליפּן, קעדיי זיך ניט פאַנאַנדערוויינען. זי פרעגט אפילע ניט, צי דאָס האָט ער צעבראָכן. ער האָט זיך דאָך אפילע צום קאָמאָד ניט צוגערירט. ער האָט אפילע ניט געזען, אז אפן קאָמאָד שטייט ווישניק... איז פאַר־וואָס שרײַט זי אַף אים?.. דערפאַר, וואָס זוזיק מיט עסטערקען זײַנען אנטלאָפן און ער איז פאַר־בליבן... דערפאַר איז ער שולדיק?.. זאָל זײַן... ער וועט סײַווי אַף זוזיקן ניט זאָגן. זײַן טאַטע איז הײַנט אוועק אַף דער מילכאָמע... אָבער עסטערקע... פאַרוואָס איז זי אנטלאָפן? ער האָט זיך דאָך פאַר איר אײַנגעשטעלט. אויב אזוי, איז זאָל זי זיך שפּילן מיט זוזיקן און ער וועט דאָ מער ניט זײַן, ער וועט אוועק בעסער צו דער מאַמען אין שפּיטאָל און זאָל עסטערקע וויסן...

קורט האָט מיטאמאָל זיך א ריס געטאָן פון אָרט און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— וווּהין איז?.. — האָט זעלדע שוין לעבן סאמע שוועל אים פאַרהאַלטן.

ער האָט אײַנגעשפּאַרט מיט אן אראָפּגעלאָזט קעפּל זיך געפּרוּווט ארויסרײַסן פון אירע הענט.

— דו ביסט נאָך אין קאַס?.. א?.. וואָס שווײַגסטו? קענסט שוין ניט ריידן?..

קורט האָט געשטופּט זיך צו דער טיר און אײַנגעשפּאַרט געשוויגן. דאָס העמדעלע איז אים געהאנגען איבער די הייזלעך. ווען ער זאָגט כאָטש איין וואָרט, וואָלט ער זיך צעוויינט, און ער האָט ניט געוואָלט, אז עסטערקע, וועלכע האָט געקאָנט שטיין הינטערן פענצטער, זאָל הערן, ווי ער וויינט.

זעלדע האָט אים מיט גוואַלד ארויסגעטאָן, ארומגעווישט מיט א פײַכט טיכלקע די הענט, די פיס און קוים באַלייגט אים שלאָפן אָף דער קאַנאַפּקע.

— ליג. וואַרף זיך ניט. אַנגעטאָן א העזעק און וואַרפט זיך נאָך... — זי האָט די קאַנאַפּקע ארומגעשטעלט מיט בענקלעך, ווי זי וואָלט מוירע האָבן, אז ער זאָל ניט אַנטלויפן.

די אַלטע האָט שוין געהאַט צונויפגעקליבן דאָס לעצטע ביסל פאַרבליבענעם ווישניק פון דער ערד און קרעכצנדיק אָוועקגעשלעפּט זיך מיט דער שיסל אין קיך.

— זאָל אפילע דונערן און בליצן פירסטו אים אָפּ מאָרגן אינדערפרי צו דער מאַמען זײַנער אין באַלניצע... איך וויל ניט מער לײַדן פון אים...

— נו, גוט, גוט, — האָט זעלדע זיך געסטאַרעט זי באַרויִקן, זי זאָל ניט וואָרטשען, — לייגט זיך שוין...

— פּרוּוו אים נאָר ניט אָפּפירן... איך קען דאָך דיך... ווּעסטו שוין דאַפּקע זען, וואָס עס וועט זײַן... איך בין דאָ נאָך דערווײַל אויך א שטיקל באַלעבאָסטע...

— נו, גוט... גוט... ווער זאָגט כאַלילע... — זעלדע האָט אינדערגיך גענומען אופראַמען. זי האָט מיט א שמאַטע גוט אויסגעווישט די ערד, קעדיי שעפּטל זאָל גאָרנישט ניט באַמערקן. ער איז אַזוי אויך הײַנט גענוג צערודערט. אזא מילכאָמע... א האַלבן כוטאָר צוגענומען... און ווער ווייסט, וואָס עס וועט נאָך זײַן. און זעלדע האָט זיך אַליין פאַרוווּנדערט, וואָס די זאָרג וועגן דעם צעבראָכענעם בוטל מיט ווישניק האָט פאַרשטעלט פון איר און געמאַכט פאַרגעסן וועגן דעם שרעקלעכן אומגליק, וואָס טוט זיך איצט אָף דער וועלט, און וואָס האָט זיך אַנגערוקט אויך איבער איר שטוּב.

שעפּטל איז געקומען שפּעט. די קינדער, וועלכע האָבן אײנציקווײַז אין דער שטיל זיך געהאַט ארײַנגעשאַרט אין שטוב, זײַנען שוין געשלאָפן. די אַלטע איז געווען בא זיך הינטערן פאַר־הענגל. זעלדע האָט, וואַרטנדיק אָף שעפּטלען, זיך נאָך געפּאַרעט אין קיך.

— דאַנקען גאָט! — האָט זעלדע זיך שטיל אָנגערופן, דערזעענדיק אים. — אין אזא צײַט... און דו ביסט ניטאָ... ווו גייסטו דאָס ארום... ביסט דאָך מיד... האָסט דאָך גאָרנישט ניט געגעסן...

— כ׳וויל ניט עסן... — האָט שעפּטל פאַרזאָרגט זיך אראָפּגעלאָזט אָף דער ברייטער באַנק.

— מע דאַרף אָפּעסן, — האָט זעלדע אים געבעטן, און צוגעמאַכט די טיר, קעדיי ניט אופ־וועקן די קינדער.

— כ׳וויל ניט. כ׳קאָן ניט... — ער האָט פון דער זײַט, ווי מיט אן אָפּגעפרעמדטן בליק א קוק געטאָן אָף איר און באַמערקט, אז דאָס קלייד הענגט אָף איר, די האָר זײַנען ניט פאַרקעמט און דער שטערן איז אין קנייטשן. „ווי זי האָט זיך געענדערט... פאַר איין מעסלעס... און אָף אַזוי־פיל עלטער געוואָרן...״ — האָט ער אומצופרידן א טראַכט געטאָן און שווער אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— ס׳איז ניט גוט, — האָט ער געזאָגט, ווי צו זיך אַליין, — ניט גוט און האָדיע!..

— וואָס, א? — האָט די אַלטע זיך ארויסגערוקט פון הינטערן פאָרהענגל, — וואָס?.. וואָס דערציילסטו?..

— וואָסי דאָ צו דערציילן?.. ס׳איז ניט פריילעך, — שעפּטל האָט פאַרדײַגעט באַטראַכט די קיך, ווי ער וואָלט זיך געקליבן געזעגענען מיט דעם אַלעמען, — די דײַטשן האָבן שוין הײַנט פאַרטאָג... שוין הײַנט געוואָרפן באָמבעס אָף קיִעוו... אָף אָדעס... מאָרגן קאָנען זיי אראָפּ־וואַרפן א באָמבע אָט דאָ, איבער אונדזער שטוב...

— וואָס רעדסטו?! — האָט זעלדע אויסגערופן, כאַפּנדיק זיך מיט ביידע הענט פאַרן האַרצן.

— אָף זיי איז אַלץ צו גלייבן...

— וואָסי, זיי זײַנען קיין מענטשן ניט?

— די דײַטשן?.. די היטלעראָווצעס?.. — שעפּטל האָט אופגעבראַכט, מיט ביײַקײַט א קוק געטאָן אָף זעלדען. — מענטשן?.. צעשיסן אומשולדיקע נאָר דערפאַר, ווײַל זיי זײַנען ייִדן... פּיצ־לעך קינדער אומברענגען... נאָר דער דײַטש קאָן אזוינס טאָן...

— מאלע וואָס מע שרײַבט אין די בלעטער, — האָט זעלדע געזאָגט, — איך גלייב ניט... ס'קאָן ניט זײַן...

— זי גלייבט ניט!.. — בא דער אלטער האָט ביטערלעך זיך פארקרימט דאָס פּאָנעם, — אלע אומגליקן, אלע פּוראָניעסן גייען דאָך נאָר פון זיי, נאָר פון די דײַטשן... צוויי ברידער מײַנע האָבן פון יענער מילכאָמע זיך ניט אומגעקערט און דעם מאן האָבן זיי צעקאַליעטשעט, געקומען אינגאנצן א קראנקער און איבערגעלאָזט מיך א וויסטע אלמאָנע...

— נו, שאַ... גענוג... — שעפּטל האָט זיך שווער אופגעהויבן, געמאכט א פּאָר טריט, געעפנט עטוואָס די טיר פונעם טונקעלן צימער און צוריק פארמאכט.

— וואָס שמעקט עס מיט בראנפן? — האָט ער א צי געטאָן מיט דער נאָז.

— דאָס קעסטקינד האָט זיך ספּראַוועט... דעם בוטל מיט ווישניק צעבראָכן, — האָט די אלטע געזאָגט אזוי, ווי זי וואָלט איצט, סאָפּקאָלסאָף, זיך אָפּגערעכנט מיט זעלדען פאר דעם, וואָס זי האָט זי דעמלט ניט געפאָלגט.

— דעם בוטל מיט ווישניק?

זעלדע האָט באמערקט, אז שעפּטל איז רויט געוואָרן, און זי האָט, ווי שטענדיק, ווען ער ווערט אין קאַס, זיך געהיט אפילע קיין איין וואָרט ניט זאָגן.

— אליין זיך ניט פארגונען... געהיט פארן שעד, — האָט די אלטע זיך ניט געקאָנט באַרויִקן, — זאָל די מאמע זײַנע באַצאָלן...

— וואָס טוט זיך דאָ בא מיר אין שטוב? — איז שעפּטל געוואָרן אופגעבראכט. — און ווו ביסטו געווען? — האָט ער זיך אויסגעדרייט צו זעלדען. — האָסט ניט געקאָנט אכטונג געבן?..

— איך בין פונקט ארויס אף א מינוט, געוואָלט א קוק טאָן, זען, ווו דו ביסט, — האָט זעלדע זיך פארענטפערט, — גיי ווייס, אז ער וועט קריכן צום ווישניק...

שעפּטל איז א דערצאָרנטער זיך דורכגעגאנגען איבער דער קיך, ווידער באטראכטנדיק אלץ מיט אזוינע אויגן, ווי ער וואָלט געפילט, אז ער וועט דארפן גאָר אינגיכן זיך זעגענען מיט דעם. אין סאמע ווינקל לעבן אויוון איז ער געבליבן שטיין און, קוקנדיק אין א זײַט ערגעץ, זיך אָנגערופן:

— א שרעקלעכע געשיכטע האָט כאָמע אָקאָרשט דערציילט... א שרעקלעכע... אין א פּויליש שטאָט איז עס געווען... א יִידיש מיידל, א זינגערן, האָט כאסענע געהאט פאר א דאָרטיקן דײַטש. זי איז געווען זייער א שיינע. דאָס שענסטע מיידל אין שטאָט. זיי האָבן זיך זייער ליב געהאט און זי האָט געהאט פון אים א קינד... ווען די היטלעראָווצעס זײַנען ארײַן, האָט מען אים גענומען אף גראָבן אָקאָפּעס, נאָר ער האָט זיך באנאכט אומגעקערט און האָט דאָס ווײַב און קינד בא זיך אין שטוב דערשאָסן...

— וואָס רעדסטו, גאָט מײַנער, — האָט זעלדע אויסגערופן.

— מע דערציילט זיך אָן אזוינס... — שעפּטל האָט געמאכט עטלעכע טריט און איז מיטאמאָל געבליבן שטיין.

— און וואָס איז מיט איר... מיט עלזען?.. — האָט ער אָנגעכמורעט געפרעגט.

— כ'רעכן, זי דארף... זי האָט דאָך געזאָגט... מיסטאמע, מיין איך, וועט זי שוין עפּשער מאָרגן קומען, — האָט זעלדע זיך פארלוירן.

די אלטע האָט ווידער געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר שעפּטל האָט אומצופרידן א מאך געטאָן מיט דער האנט.

— נו, גענוג, אָן עק... צײַט שלאָפן...

ער האָט אויסגעטאָן די פארשטויבטע געלע ברעזענטענע טופליעס און געוואָלט ארײַן אין צווייטן צימער, נאָר הינטערן פענצטער האָבן זיך דערהערט טריט און באלד האָט עמעץ אָנגעקלאפּט אין דער דרויסן־טיר.

— ווער איז? — האָט ער א פרעג געטאָן.

— ס'איז איך, גאַווריִלאָווּנאַ... פון שפּיטאָל...

בא זעלדען האָט זיך אָפּגעריסן דאָס הארץ. און זי איז, אזוי ווי זי איז געשטאנען, ארויסגעלאָפן אין דרויסן.

אין א ווײַלע ארום האָט זי זיך אומגעקערט א בלייכע און געבליבן שטיין לעבן שוועל, ווי זי וואָלט מוירע האָבן מאכן א טראָט ווײַטער.

— וואָסי דאָרט? — שעפּטל האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אף איר.

זעלדע האָט צוגעדריקט די ציטערנדיקע הענט צו דער פולבלעכער ברוסט און געשוויגן.

— רייד שוין. וואָסי געשען? — האָט ער געהעכערט די שטים.

— עלזע... עלזע איז געשטאָרבן... — האָט זי ארויסגעשטאמלט.

— געשטאָרבן?.. — שעפּטל האָט זי אָנגעקוקט מיט אַזעלכע אויגן, ווי ער וואָלט ניט גע־גלייבט, וואָס זי רעדט. — ווען געשטאָרבן?..

— שוין דרײַ טעג...

— אוי, א דונער האָט מיך געטראָפן, — האָט די אַלטע זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ, — ווי און ווינד איז מיר... און דאָס קינד?.. וווּ וועסטו איצט אהינטאָן דאָס דײַטשישע קינד?

שעפּטל האָט מיט פאָרוווּרף א קוק געטאָן אף זעלדען, נאָכדעם אף דער מאַמען, און, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, אַן אָנגעכמורעטער אוועק אין טונקעלן צימער, וווּ עס זײַנען שוין פון לאַנג געשלאָפן די קינדער.

— נעמען אליין און זיך אָנבינדן א שטיין אפן האַלדז, — האָט די אַלטע, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, ביטער א זיפץ געטאָן, — וואָס וועלן מיר איצט טאָן מיט אים, אַ?..

— כ'ווייס? — האָט זעלדע פאַרלוירן געענטפערט. — וווּהין... וווּהין זאָל איך אים אָפּפירן?

— וווּהין דו ווילסט...

— נו, ווי רעדט איר אַזוי, שוויגער... ס'איז דאָך א קינד... איר הערט דאָך — די מאַמע איז געשטאָרבן... איר האָט גאָר קיין ראַכמאָנעס ניט?..

— ראַכמאָנעס? — האָט די אַלטע זיך אָנגעצונדן. — אף א דײַטש נאָך ראַכמאָנעס האָבן... און זיי האָבן ראַכמאָנעס?.. האָסט דאָך געהערט וואָס עס טוט זיך... ניין, אף א דײַטש איז איצט ניטאָ וואָס ראַכמאָנעס צו האָבן!..

— וואָס פאַר א דײַטש איז ער? א קינד... וואָס ווייסט ער?.. וואָס איז ער שולדיק?.. ווּעמען האָט ער שלעכטס געטאָן?..

— ער וועט טאָן. ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער קוילען דיך מיט דײַנע קינדער... זײַן דוך זאָל דאָ ניט זײַן...

— אפן גאַס וועל איך א קינד ניט אַרויסטרײַבן, — האָט זעלדע מיטאַמאָל זיך געענדערט אין פּאָנעם, — און אויב איר ווילט וויסן, זײַנען פאַר מיר אַלע קינדער גלײַך... קינדער ווייסן גאָרניט. קינדער זײַנען אין גאָרנישט ניט שולדיק. און מישט זיך ניט... ס'איז ניט אײַער אייסעק... אָט דאָ בא אונדז וועט ער לעבן... אָט אַזוי פונקט ווי מײַנע קינדער, אָט אַזוי וועט ער לעבן... און איך זאָג אײַך נאָכאַמאָל, מישט זיך בעסער ניט!..

בא זעלדען האָט פון אויפרעגונג אַזש פאַרכאַפּט דער אָטעם און זי איז האַסטיק אַרויס אין קילן דרויסן.

ווען זי האָט, עטוואָס א באַרויִקטע, זיך אומגעקערט, איז די אַלטע שוין געווען בא זיך הינטערן פאָרהענגל. זעלדע איז עטלעכע מינוט געשטאַנען איינע אליין אין קיך און נאָכדעם מיט שטילע טריט אַרײַן אין צימער. קיין פײַער האָט זי ניט אָנגעצונדן, נאָר אַראָפּגענומען פון די פענצטער די קאָלדרעס און די בורקע, און פון דער לעוואָנע־שײַן איז גלײַך ליכטיקער געוואָרן.

שעפּטל איז געלעגן אין בעט און קאָנטיק נאָך ניט געשלאָפן. זעלדע איז אף די שפּיצפינגער צוגעגאַנגען צו קורטן, אים בעסער צוגעדעקט, געשטאַנען א ווײַל, געקוקט אף אים און שטיל א זיפץ געטאָן. נאָכדעם איז זי ווידער אף די שפּיצפינגער צוגעגאַנגען צום בעט, זיך אויסגעטאָן און געלייגט זיך לעבן שעפּטלען. זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אים, ווי זי וואָלט לעבן אים זיך וועלן באַרויִקן. זי איז אים דאַנקבאַר געווען, וואָס ער האָט זיך ניט געבייזערט אף איר צוליב קורטן, און אפן האַרצן איז איר געוואָרן וואַרעם פון דעם, וואָס ער איז דאָ מיט איר, מיט די קינדער. ווי וואָלט געווען, ווען מע נעמט אים הײַנט צו אף דער מילכאָמע... ווען ער איז יִינגער אף איין יאָר, ווען אים איז ניט זעקס און דרײַסיק, נאָר פינף און דרײַסיק, וואָלט ער שוין איצט געווען ווער ווייסט וווּ און זי וואָלט דאָ פאַרבליבן אליין מיט די קינדער און מיט דער קראַנקער שוויגער. פונעם געדאַנק איז איר גרוואָרן שרעקלעך. „ווער האָט עס צוגעטראַכט מילכאָמעס? צוליב וואָס? פאַרוואָס זאָלן מענטשן גיין הארגענען איינע די אַנדערע?" — האָט זי מיט פאַר־ביטערונג געטראַכט. פון דעם אַלעמען, וואָס זי האָט פאַרן טאָג איבערגעלעבט, האָט איר ווי געטאָן דאָס האַרץ, און זי האָט זיך געטוליעט צו שעפּטלען, געוואָרט, ער זאָל איר עפּעס זאָגן. נאָר ער איז געלעגן ווי אײַנגאַנצן א פרעמדער. זי האָט גענומען זײַן האַנט און אוועקגעלייגט צו זיך אפן האַרצן, די האַנט האָט זיך אַראָפּגעגליטשט, ווי א פאַרכאַלעשטע, און געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך.

— שעפּטל? — גיט זי שטיל א פרעג.

ער שווײַגט.

— שעפּטל, — כאַזוערט זי איבער.

— נו, וואָסי?.. — ענטפערט ער אומצופרידן, ווי זי וואָלט אים שטערן שלאָפן.

— וועגן וואָס טראַכטסטו?

— אַ? — ענטפערט ער פאַרשטיקט.

— די קישן איז דיר ניט נידעריק?
— ניין... — גיט ער זיך עטוואָס א דריי אָפּ.
— עפּשער געבן דיר נאָך א קליין קישעלע?..
— מע דאַרף ניט.
— ווילסט שלאָפן?
— ממהם...
— וואָלסט עפּשער עפּעס געגעסן...
— כ'וויל ניט, — האָט ער געענטפערט, אויסדרייענדיק זיך צו איר מיט דער פּלייצע.
— ביסט אין קאַס?.. ווי האָב איך געקאָנט אנדערש... מען איז דאָך מענטשן, ניט קיין כּײַעס...
— שלאָף. אָן עק.
— ווילסט ניט רײדן?..

שעפּטל האָט א קרעכץ געטאָן. ער האָט עס ניט געקאָנט איבערטראָגן. זי איז נאָך קיינמאָל צו אים אזוי ניט צוגעשטאַנען, ווי איצט. ס'איז אים שווער און דערווידער צו הערן. ער ווייסט אליין ניט פאַרוואָס. און נאָך שווערער איז אים געווען מיט איר צו רײדן. ס'איז אוודע ניט גוט אזוי, ביפראַט איצט, נאָר ער האָט מיט זיך גאָרנישט ניט געקאָנט טאָן.

עס האָט זיך אים געוואָלט איצט איין זאַך: אז עס זאָל זײַן שטיל.

ער האָט געטראַכט: אָט ערשט נעכטן, נעכטן באַנאַכט אין אָט דער צײַט איז ער געווען אין הולײַפּאָליע, געזעסן בא עלקען אין צימער, נאָכדעם געשטאַנען מיט איר אף דער בריק, און ניט ער, און ניט זי, און קיינער האָט דעמלט גאָר אף אזויפיל ניט געוווּסט, ווי גוט ס'איז געווען, ווי גליקלעך מען איז געווען. ניט נאָר זיי, נאָר אלע... אלע מענטשן, אָן אויסנאַם, אפילו די, וועלכע האָבן געמיינט, אז זיי זײַנען ניט גליקלעך. און אָט איז איין מעסלעס אדורך און אלץ האָט זיך איבערגעקערט, דאָס גאַנצע לעבן... הײַנט איז ער נאָך דאָ אין דער היים... נאָר לאַנג אזוי קאָן מען ניט, בא אזא מילכאָמע מיט היטלערן קאָן מען אין דער היים ניט זיצן...

— נו, שעפּטל, — האָט זעלדע זיך געבעטן, — דו האָסט דאָך מיר גאָרניט דערציילט, זינט דו ביסט געקומען פון הולײַפּאָליע... וויאזוי איז עס געווען... דו ביסט ארויסגעפּאָרן פון דאָרט און פון גאָרניט געוווּסט?..

— ניין... ניט געוווּסט.

— און וואָסי געווען דאָרט אף דער באַראַטונג? איוואַשטשענקאָ האָסטו געזען?

— נו, לאָז שלאָפן, — האָט ער זיך א קנייטש געטאָן, ווי ער זאָל ניט וועלן, אז זי זאָל נאָך וועגן עפּעס פרעגן.

— פאַרוואָס ווילסטו ניט רײדן מיט מיר?

— ניט געזען — האָט ער, אײַנהאַלטנדיק די אופגערעגטקײַט, געענטפערט. — ניט געווען איוואַשטשענקאָ. נו, אלץ...

ער האָט איין רעגע א קלער געטאָן, עפּשער זאָגן איר וועגן עלקען, נאָר איבערגעטראַכט. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און גלײַך אָנגעהויבן הויך עטעמען, ווי ער וואָלט שוין געשלאָפן.

זעלדע איז געלעגן לעבן אים א טיף פאַרזאָרגטע. אין א היפּשער ווײַלע ארום האָט זי דער־הערט, ווי ער כראָפּעט.

— שלאָף... שלאָף געזונטערהייט, — האָט זי א שעפּטשע געטאָן.

און שעפּטלען, וועלכער איז געלעגן צעוואָרפן, עטוואָס אין א זײַט, האָט אין דער מינוט זיך געכאָלעמט, ווי ער מיט עלקען פאָרן אף דער בעדאַרקע, זיי זיצן איינס לעבן אנדערן און די הוידענדיקע בעדאַרקע, אײַנגעשפּאַנט מיט דעם גניאַדן הינגסט, טראָגט זיך האַסטיק ארוף־באַרג. עלקע האַלט די לייצעס, זי טרײַבט אָן, יאָגט מעשוגענערווײַז דאָס צעהיצטע פערד. ארום און ארום בליט מאָן, פלאַטערנדיקער רויטער מאָן. פונעם הויכן, געדיכט פאַנאַנדערגעוואַקסענעם מאָן איז רויט דאָס פעלד, ס'איז רויט די באַלקע, ס'איז רויט דער ארוף־באַרג און אפילע דער הימל איז רויט פון אים... דער וועג ארוף־באַרג הייבט זיך אלץ העכער און העכער, ער ציט זיך איבער א הילצערנער בריק צו די וואָלקנס. עלקע יאָגט דאָס פערד, פײַפט מיט דער בײַטש, ציט די לייצעס, שמײַסט איבער דעם פאַריסענעם האַלדז, און מיטאַמאָל דערהערט ער, ווי עמעצער שרײַט. ער קוקט זיך אום, ס'איז זעלדע. א בלייכע, א באָרוועסע לויפט זי נאָך דער בעדאַרקע ארוף־באַרג און שרײַט עפּעס צו זיי, רופט, וויינט, בעט, אז זיי זאָלן צוּוואַרטן, נאָר עלקע הייבט אָן טרײַבן דאָס פערד נאָך שטאַרקער און די בעדאַרקע טראָגט זיך אוועק נאָך געשווינדער, אז זי רירט זיך קוים אָן מיט די קלינגענדיקע רעדער אין דער ערד...

זעלדע פאַלט אום. זי רופט שעפּטלען. ער וויל זאָגן עלקען, אז זי זאָל פאַרהאַלטן דאָס פערד, נאָר ער קאָן ניט, ווי עס וואָלט אים אָפּגענומען דאָס לאָשן. ער וויל שוין אראָפּשפּרינגען און דאָ

פונקט רײַסט זיך אױף איבערן קאָפּ א באַמבע, װי א בוטל מיט װישניק, און צעשיט זיך מיט פּײַערדיקע שפּליטערס איבערן װעג... זעלדע הײבט זיך אױף און לאָזט זיך װידער לױפן, נאָר קורט שיסט אױס אין איר פון א פּוגאַטש. זי כאַפּט זיך באַם האַרצן, פאַלט אום און קײַקלט זיך אַראָפּ־באַרג. זי קײַקלט זיך אַלץ נידעריקער און נידעריקער. און אונטן איז דער סטאַװאָק... אָט־אָט װעט זי אַרײַנפאַלן און דערטרונקען װערן...

שעפּטל הײבט אָן שװער צו עטעמען, שרײַט עפּעס פאַרשטיקט פון שלאָף. זעלדע װעקט אים קוים אױף.

— שעפּטל... װאַסי, שעפּטל...

— אַ? — עפנט ער קוים אױף די אױגן און קוקט זיך צעטראָגן אַרום.

— דיר האָט זיך עפּעס געכאָלעמט... שפּײַ אױס, שעפּטל... נו, שפּײַ אױס...

ער זעצט זיך א צערודערטער אױף, קנײטשט פון שלאָף דעם שטערן און שפּײַט אױס.

— װאַסי, שעפּטל? — פרעגט זי א שטאַרק־באַומרױִקטע. — װאָס האָט זיך דיר געכאָלעמט?

ער שװײַגט. אָטעמט שװער און שװײַגט.

— װאַסי?.. האַ?.. שעפּטל?

ער קאָן נאָך אַלץ ניט קומען צו־זיך.

— װאַסי?

— גאָרניט, — גיט ער פאַרשטיקט א בורטשע און נעמט איר מיטאַמאָל אַרום דעם קאָפּ.

זעלדע טוליעט זיך צו צו אים.

„נאָך גוט, װאָס זי האָט אים אופגעװעקט", — טראַכט ער.

שעפּטלען איז שװער אַפן האַרצן. ער סטאַרעט זיך פאַרגעסן אינעם כאָלעם, גלעט איר מיט דער האַנט דעם קאָפּ, נאָכדעם בײגט ער זיך מיטאַמאָל אָן צו איר און גיט איר מיט פאַרמאַכטע אױגן א קוש.

— שלאָף, זעלדע, שלאָף...

זעלדע ליגט א װײַלע אומבאַװעגלעך, עטעמט שטיל, װי א בלאַט, נאָכדעם רירט זי זיך אָן מיט אירע הענט אין זײַן פּאָנעם.

— װאָס װעט זײַן, שעפּטל?.. אזא מילכאָמע...

— װאָס קאָן מען טאָן... די צײַט װעט װײַזן... שלאָף...

שעפּטל װערט באַלד װידער אַנשלאָפן, נאָר זעלדע שלאָפט ניט. זי איז פול מיט שרעק. זי ליגט לאַנג, װיל און קאָן ניט אַנשלאָפן װערן. פאַר אירע אױגן קומט אױף די הײַנטיקע געזעגע־ניש הינטער דער הרעבליע, זי זעט פאַר זיך די נאָך יונגע סאָלדאַטקעס, פאַרגאָסענע מיט טרערן, זי זעט פאַר זיך דעם גרױסן, זײער גערױמען באַלאַגאַן מיט די קאָלערלײ געריכטן אַף די פאַר־שפּרײטע טישן, צו װעלכע קײנער האָט זיך ניט צוגערירט, און דאָדיע בורלאַקן זעט זי אין דעם יאַמטעװדיקן סורדוט און כאַנע־איטקען... און נעכאַמקען, װי זי לױפט מיטן װיגנדיקן צאָפּ נאָך די װעגענער, װײנט און שרײַט עפּעס צו װאַװען... און דאָס אַלץ האָט געמאַכט היטלער... — גיט זי א טראַכט און דערמאָנט זיך אָן עלוזען. „געשטאָרבן עלוזע... ניטאָ עלוזע..."

זעלדע האָט צוגעמאַכט די אױגן, קעדײ גיכער אַנשלאָפן װערן, נאָר זי האָט דערהערט א שטיל געװײן. זי איז פאַרזיכטיק, קעדײ ניט אופװעקן שעפּטלען, אַראָפּ פון בעט און געבליבן א װײַלע שטײן, זיך צוגעהערט.

ס'האָט געװײנט קורט.

— װאַסי, — האָט זי שטיל געפרעגט, אײַנבײגנדיק זיך איבער אים, און א גלעט טוענדיק אים איבערן קעפּל.

— איך בין ניט שולדיק... איך האָב ניט צעבראָכן... איך װיל צו דער מאַמען, — האָט ער דורך די טרערן געשלונגען די װערטער.

בא זעלדען האָט זיך אָפּגעריסן דאָס האַרץ.

— נו, פאַרשטײט זיך, אז דו ביסט ניט שולדיק... שלאָף, קורט... שלאָף, טײַערינקער... מע דאַרף ניט װײנען... װײסט דאָך, אז איך האָב דיך ליב...

זי האָט אים צוגעדעקט מיט דעם לײַלעך און װידער א גלעט געטאָן אים איבערן קעפּל.

זעלדע האָט שױן געװאָלט גײן צום בעט, נאָר מיטאַמאָל דערהערט אין דרױסן א זשומערײַ. זי האָט אַרױסגעקוקט דורכן פענצטער און אופגעציטערט. נידעריק איבערן כוטאָר איז מיט א יױלד־דראָענדיק גערױש געפלױגן אַן אַעראָפּלאַן, און איר האָט זיך געדוכט, אז ער האָט זיך אַרומגעמען פונקט אַהער, איבער זײער שטוב...

# קאפיטל עלף

ווען עלקע איז אן אויסגעמאטערטע געקומען צו לויפן אהיים און מיט א טיאַכקענדיק הארץ אַרײַן אינעם נאָך גרוילעכן צימער, האָט זי געטראָפן דאָס קינד שלאָפן אין בעטעלע מיט דעם פושקעלע מאַנפּאסיע אין הענטל, אַט אזוי ווי זי האָט עס איבערגעלאָזט, ווען זי איז ארויס אַף א ווײַל באגלייטן שפּעטלען.

סוועטקעס פּענעמל איז געווען פארויטלט און געשמייכלט פון שלאָף, ווי ס׳וואָלט זיך איר געכאַלעמט עפּעס זייער א גוטער כאָלעם.

עלקע האָט זיך אַנגעבויגן איבערן קינד און ס׳האָט איר מיטאמאָל, ווי מיט צוואַנגען, פארקוועטשט דאָס הארץ. זי איז גיך אָפּגעגאַנגען אין א זײַט און זיך א וואלגער געטאָן אַף דעם גלאַט־פארבעטן געלעגער, אײַנהאַלטנדיק זיך מיט אלע קויכעס ניט צו פאַנאַנדערוויינען זיך.

נאָך דעם אלעם, וואָס זי האָט איבערגעלעבט פאר דער נאכט, האָט איר איצט ווי געטאָן ניט אזוי פאר זיך, ווי פארן קינד, וואָס פארשטייט נאָך גאַרניט, שלאָפט זיך רויִק און ווייסט ניט, וואָס עס איז געשען מיט איר טאטן, ווענען זי געדענקט אפילע ניט און וועט ווייסט, צי זי וועט אים ווען־עס־איז זען...

פאר עלקעס אויגן איז ווי א געשפּענסט נאָך אלץ געשטאַנען דער מאיאָר דעריוגין מיטן קרענקלעך געלבלעכן פּאָנעם, מיט די פארביסענע דינע ליפּן און קאלטן שטעכיקן בליק. ס׳האָט איר פון דעם אזש אָנגעהויבן שווינדלען דאָס לײַב. זי האָט ערשט איצט פארשטאַנען, וואָס עס איז געווויס ארויסגעקומען אויסצושטיין אלעקסייען, וויבאלד אַט דער מאיאָר האָט געפירט די אויספאָרשונג, און זי האָט אָנגעהויבן צווייפלען, צי וועט זיך איר, אויב אזוי, אײַנגעבן זיך דערשלאָגן, אז מע זאָל דעם איניען איבערקוקן.

מער פאר אלץ האָט זי מוירע געהאט צו פארלירן די האָפענונג, וואָס האָט אין די שווערסטע מינוטן געגעבן איר קויכעס איבערצוטראָגן אלע אירע ליידן...

עלקע האָט ניט געוואָלט איצט טראכטן וועגן דעם, — נאָר אנשלאָפן ווערן... זי האָט אײַנגענורעט דעם קאָפּ אין קישן, צוגעמאכט די אויגן, ס׳האָט אָבער ניט געהאָלפן. דאָס הארץ האָט שרעקלעך וויי געטאָן. זי האָט מיט פארצווייפלונג א טראכט געטאָן, אז דאָס זעלבע קאָן זיך הײַנט איבערכאַזערן, מע קאָן זי ווידער נעמען אהין און ער וועט זי ווידער האלטן דאָרט א נאכט אינעם אַנגערויכערטן צימער. ס׳איז איר דורך א קעלט איבער אלע גלידער און זי האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט. נאָר באלד האָט זי זיך דערמאָנט אין דעם מאיאָרס געשפּרעך אין טעלעפאָן. ער האָט דאָך געזאָגט, אז ער פאָרט באלד ארויס.

א צעבראָכענע איז עלקע אופגעשטאַנען פון בעט, ארויסגעקוקט דורכן פענצטער. אינעם אינדערפרײַקן דרויסן איז נאָך געווען שטיל. דער אוילעם איז, ווי געווײנלעך אין אָפּרו־טאָג, געשלאָפן שפּעטער.

עלקע האָט זיך אײַנגעוואשן, פארקעמט די האָר און א קוק געטאָן אין שפּיגעלע. איר פּאָנעם איז געווען בלאס, אונטער די אויגן — בלאָווע קרײַזן.

עס האָט א סקריפּע געטאָן דאָס הילצערנע בעטעלע, און עלקע האָט אופגעציטערט. איר האָט זיך ניט געוואָלט, אז דאָס קינד זאָל באמערקן די שפּורן, וואָס די שלאָפלאָזע נאכט האָט אַף איר איבערגעלאָזט. זי האָט זיך אָנגעבויגן איבערן בעטעלע און מיט א פריילעך־געמאכטער שטים זיך אָנגערופן:

— אָך, דו קליינע פּעפּערן מײַנע... וויפל קאָן מען שלאָפן, אַ?..

סוועטע האָט א רײַב געטאָן מיט די פויסטלעך די אויגן און זיך אופגעזעצט.

— און ווו איז דער דיאַדיע? — האָט זי זיך ארומגעקוקט.

— וועלכער דיאַדיע? — האָט עלקע, א פארטראָגענע, ניט פארשטאַנען, וועגן ווענען דאָס קינד פרעגט.

— דער דיאַדיע, וואָס האָט מיר געגעבן אַט דאָס־אָ... — האָט זי געוויזן דאָס פושקעלע מאַנפּאסיע.

— אַ?.. אוועקגעפאָרן, — האָט עלקע געזאָגט.

— פארוואָס איז ער אוועקגעפאָרן?

— אָט הייבט זיך אָן בא דיר: פארוואָס? פארוואָס?.. — האָט עלקע גוטמוטיק זיך א בייזער געטאָן. — שוין שפּעט... שטיי אוף...

סוועטקע האָט ארופגעצויגן אַף זיך דאָס קליידעלע, איז פריילעך אראָפּגעשפּרונגען פון בעטל און גענומען אָנטאָן די סאנדאלן. אָפּגעפּרישטיקט, איז זי גלײַך אוועקגעלאָפן אין טומלדיקן זוניקן הויף, ווו ס׳האָבן זיך שוין געשפּילט קינדער.

עלקע איז פארבליבן אליין אין צימער. זי איז א ווײַלע פארזאָרגט געזעסן באַם טיש אַף דעם זעלבן אָרט, ווו נעכטן איז געזעסן שעפּטל. באַלד האָט זי זיך אופגעהויבן, גענומען שפּאַנען איבערן צימער, ניט געפינענדיק זיך קיין אָרט. ווען זי קאָן איצט אַרײַן צו עמעצן, צו א נאָענטן מענטשן, זיך אויסריידן דאָס האַרץ, זיך מעיאַשעוו זײַן. נאָר צו וועמען זאָל זי גיין? דער אייציקער מענטש, צו וועמען זי וואָלט געקאָנט אַרײַנגיין — איוואַשטשענקאָ, — איז גראָד איצט ניטאָ, אַוועקגעפאָרן אַף קוראָרט. און ווען ער איז אפילע דאָ, — גיט זי א טראַכט, — וואָלט זי סײַווי צו אים ניט געגאַנגען. צוליב וואָס אַרײַנמישן אים אין אַזאַ איניען... אָט, ווען שעפּטל פאָרט ניט אַוועק... נאָר שעפּטל קער שוין זײַן באַ זיך אין כוטאָר און הייבט אפילע ניט אָן צו וויסן, וואָס מיט איר איז געשען.

ווען מע האָט זי געפירט אַף דער מאַשין אין נקווד, האָט זי דערזען שעפּטלען שפּאַנען איבערן טראָטואַר. די מאַשין האָט זיך דורכגעטראָגן פאַרבײַ אים, נאָר ער האָט זיך ניט אומגעקוקט. פונוואַנען האָט ער געקאָנט וויסן, אַז דאָס פירט מען זי?

א טראַכט געבנדיק וועגן שעפּטלען, ווערט איר עטוואָס לײַכטער אַף דער נעשאָמע. איר ווערט גרינגער שוין פון דעם אַליין, וואָס ס'איז פאַראַן א מענטש, פאַר וועמען זי קאָן אויסריידן דאָס האַרץ.

עס איז איר דורכגעלאָפן א געדאַנק — עפּשער נאָך הײַנט צופאָרן צו אים אין כוטאָר. נאָר ווען וועט זי עס באַווײַזן פאָרן. דער זייגער איז שוין נאָך צוועלף. און טאָמער וועט מען זי הײַנט ווידער אַרויסרופן? ניקאָלײַענקאָ איז דאָך דאָ...

מע האָט א שטאַרקן קלאַפּ געטאָן אין דער טיר. עלקע האָט אופגעציטערט און א קוק געטאָן אין פענצטער, ־צי עס שטייט ניט אַנטקעגן זייער הויז די באַקאַנטע מאַשין.

ס'האָט זיך האַסטיק געעפנט די טיר. א פאַרווײנטע האָט זיך אַרײַנגעריסן די שכיינע פונעם אייבערשטן שטאָק און, פאַרברעכנדיק די הענט, אויסגעשריִען מיט א גויאַמער:

— אוי, א צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אַף אונדז, אַזאַ אומגליק... א מילכאָמע מיט היטלערן.

„א מילכאָמע... מיט היטלערן?“.. — עלקע האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָרן.

איצט האָט זי זיך דערמאָנט אָן דעם פאַרטאָגיקן טעלעפאָן־קלונג אין ניקאָלײַענקאָס קאַבינעט און פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דעריוגין איז אַזוי בלייך און צערודערט געוואָרן. מע האָט אים, קאָנטיק, שוין דעמלט געקלונגען פון זאַפּאָראָזשיע, אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע. עלקע האָט מיט א נעקאָמע־געפיל א טראַכט געטאָן, אַז ס'וואָלט זייער גוט געווען, ווען מע נעמט אים גלײַך צו אַפּן פראָנט און מע שיקט אים אין סאַמע פײַער אַרײַן. זאָל ער גיין זיך שלאָגן קעגן היטלערן און ניט מאַכן אומגליקלעך ערלעכע מענטשן...

א צערודערטע פון דער נײַס, איז זי אַרויס אין דרויסן.

אַף דער באַזוניקטער גאַס איז פול געווען מיט מענטשן. מע האָט זיך געקליבן אין רעדלעך. ווײַבער האָבן געוויינט. מאַנצבלען האָבן אָן אופהער געראָויכערט און איבערדערציילט יעדער אַף זײַן אויפן דאָס, וואָס מע האָט געהערט דורך ראַדיאָ.

קימאַט דעם גאַנצן טאָג איז עלקע געווען אין דער טומלדיקער גאַס, צווישן אוילעם. דער אומגליק, וואָס האָט געטראָפן און אָנגעריִרט אַלעמען, האָט אין א געוויסער מאָס אָפּגערוקט אין הינטערגרונט אירע פּערזענלעכע ליידן, און זי האָט אָנגעהויבן טראַכטן, אַז דאַפקע איצט וועט איר עפּשער זײַן גרינגער זיך דערשלאָגן, מע זאָל איבערקוקן אַלעקסייס איניען. אַלעקסיי איז דאָך אָן אינזשעניער־פּאָלקאָווניק, א קאָנסטרוקטאָר פון אַוויאַ־מאָטאָרן. מע וועט זיך איצט נייטיקן אין אַזעלכע, ווי ער.

אינעם וואָרעמען דרויסן איז געוואָרן אַלץ טונקעלער. עלקע האָט אין הויף צווישן די קינדער אָפּגעזוכט סוועטקען.

א פאַרפּלאָנטס איז דאָס קינד מיט א פרייִלעכער קוויטשערײַ געשפּרונגען הין און צוריק אַף איין פיסל. עלקע האָט זי גענומען פאַרן הענטל, אַוועקגעפירט אין צימער און געלייגט שלאָפן. ווען סוועטקע האָט אײַנגעדרעמלט, איז עלקע ווידער אַרויס אין דרויסן. זי האָט, קוים שטייענדיק אַף די פיס, געוואַרט, ביז מע האָט איבערגעגעבן די לעצטע נײַס.

געלייגט האָט זי זיך שפּעט, און, כאָטש זי איז געווען זייער מיד, האָט זי אײַנשלאָפן ניט געקאָנט. פאַר די אויגן איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אַלץ, וואָס זי האָט איבערגעלעבט פאַר דעם מעסלעס, — שעפּטל, דער אָנגערויכערטער קאַבינעט... דעריוגינס שטעכיקער בליק...

נייִן, דעם פּראָטאָקאָל האָט זי ניט אונטערגעשריבן...

פאַרטאָג, ווי נאָר עלקע האָט זיך אופגעכאַפּט, האָט זי א צי געטאָן אין דרויסן. באַ דער קאַליטקע, באַלויכטן פון די ערשטע זונשטראַלן, זײַנען געשטאַנען עטלעכע מענער און פרויען און אופגערודערטע באַהאַנדלט די לעצטע נײַס.

— די מילכאָמע וועט לאַנג ניט דויערן, — האָט איינער געזאָגט, — אין מעשעך פון עטלעכע וואָכן וועט אונדזער ארמיי צעשמעטערן דעם סוינע...

א דערמונטערטע פון דעם, וואָס די דאַזיקע אומבאַקאַנטע מענטשן האָבן ארויסגעזאָגט דאָס, וואָס זי האָט געטראַכט, האָט עלקע זיך געלאָזט אַף דער ארבעט. זי האָט געוואָלט קומען היינט פריער, צווישן מענטשן וועט איר זיין לייכטער.

ווען עלקע איז אריין אין קאָנטאָר, האָט די ראַדיאָ איבערגעכאַזערט די אינדערפריִיקע סוואָדקע פון פראָנט. אַף עלקעס אָרט באַם טישל איז געזעסן אַן אומבאַקאַנטער פּולבלעכער באַיאָרטער מאַנצבל און פאַרטראַגן געבלעטערט אַ פּעקל פּאַפּירן. עלקע האָט אויסגעטאָן דאָס לייכטע מאַנטעלע, אופגעהאַנגען עס, ווי שטענדיק, אַפן הילצערנעם הענגער, צוגעגאַנגען צום טישל און געוואַרט, דער אומבאַקאַנטער זאָל איר אָפּטרעטן דאָס אָרט.

אין דער מינוט איז אריין דער דירעקטאָר, זייער אַ פאַרזאָרגטער, מיט צעשויבערטע גראָווע האָר. אַף עלקעס באַגריסונג האָט ער צעטראָגן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט אויסגעשלאָסן די ראַדיאָ, גענומען דאָס טעלעפאָן-טרייבל און, שטאַרק נערווירנדיק זיך, אָנגעהויבן ארויסרופן די אייזנבאַן-סטאַנציע. די סטאַנציע איז געווען פאַרנומען. ער האָט אַ שלייַדער געטאָן דאָס טרייבל און, ווי ער וואָלט געווען מיט עפּעס ניט צופרידן, האָסטיק זיך אויסגעדרייט צום פּולבלעכן מאַנצבל.

— נו, דורכגעקוקט? אַלץ קלאָר? היינט, מיין איך, דאַרפט איר זיך באַשעפטיקן מיטן פינפטן סקלאַד.

יענער, ווי ער וואָלט נאָר געוואַרט אַף דער פאַראָרדענונג, האָט זיך האָסטיק אופגעהויבן, גענומען די פּאַפּירן און איז ארויס.

— ווער איז עס? — האָט עלקע אַ פרעג געטאָן.

דער דירעקטאָר האָט אַ קוק געטאָן אַף איר מיט אַן אומבאַהאָלפענעם צעשטרייטן בליק, אַ ווײַלע אין פאַרלעגנהייט געשוויגן און שטיל געענטפערט:

— אַף אייער אָרט, כאַווערטע אָרעשינאַ.

עלקע האָט פאַרכידעשט-דערשראָקן אים אָנגעקוקט, ווי זי וואָלט ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געזאָגט.

— אַף מיין אָרט?.. און איך?..

— איר... — האָט ער אָנמעכטיק אַ פיר געטאָן מיט די הענט. — איר זייט פון דער ארבעט באַפרייט.

— באַפרייט?.. ווער האָט מיך באַפרייט?.. ווען?.. פאַרוואָס?..

— ניט איך... גלייבט מיר, אַז ניט איך, — פאַראַן, צום באַדויערן, אַ פאַראָרדענונג... פון ראַי־אויספּירקאָם...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עלקע איז אינגאַנצן אַ צעבראָכענע ארויס פון קאָנטאָר און האָט זיך פאַרנומען מיט אַ זייטיק געסל, קעדיי ניט באַגעגענען קיינעם פון די מיטאַרבעטער. נאָר מיטאַמאָל האָט זי זיך אָן עפּעס דערמאָנט און איילנדיק זיך אומגעקערט.

— אַנטשולדיקט, — האָט זי זייער שטיל אַ זאָג געטאָן, אריינגייענדיק אין צימער. זי האָט אראָפּגענומען פונעם הילצערנעם הענגער איר מאַנטל און גיך ארויס.

עלקע האָט באַשטימט גיין גלייך אין ראַי־אויספּירקאָם.

די לאַנגע אויסגעברוקירטע גאַס, וואָס האָט געפירט צום צענטער, איז פיל־און־פיל געווען מיט מענטשן. מע האָט באַגלייט די מאָבילִיזירטע, וועלכע האָבן געשפּאַנט צום וואָקזאַל. עמעצער האָט געשפּילט אַף אַ האַרמאָניק. אין דער פאָדערשטער קאָלאָנע האָט מען, איבערשרייענדיק איינער דעם אַנדערן, געזונגען «Если завтра война»[1], קינדער זיינען באַרוועסע נאָכגעלאָפן, פרויען האָבן געוויינט הויך אַף אַ קאָל, עלטערע מענטשן זיינען געשטאַנען בא דער זייט אונטער די געדיכט־צעגרינטע אַקאַציעס און טרויעריק געשאָקלט מיט די קעפּ.

עלקע איז געגאַנגען צווישן דעם אופגערודערטן אוילעם און געפילט זיך אַזוי, ווי איר וואָלט איצט געווען ערגער פון אַלעמען. זי האָט מיט קינאָ געקוקט אַף די פאַרוויינטע פרויען, וואָס באַגלייטן זייערע מענער. זי וואָלט איצט אַליין געגאַנגען אין וואָיענקאָמאַט בעטן, מע זאָל זי שיקן אַפן פראָנט. נאָר סוועטע... אַף וועמען איבערלאָזן דאָס קינד?...

„צום מײַ־יאָמטעוו האָט דער ראַי־אויספּירקאָם מיר ארויסגעטראָגן אַ דאַנק פאַר גוטער ארבעט", האָט זי ביטער אַ שמייכל געטאָן, „און מיטאַמאָל, נאַ דיר"...

מיט גיכע טריט איז זי ארויף אַף די טרעפּלעך פונעם ראַי־אויספּירקאָם. די קאַבינעטן פו־

[1] — „אויב ס'איז מאָרגן אַ קריג" (ווערטער פון אַ פּאָפּולערער ליד).

נעם פאָרזיצער און זײַן שטעלפאַרטרעטער זײַנען געווען פאַרשלאָסן. דאָך איז זי ניט אוועק, ביזן סאָף ארבעטסטאָג האָט זי, א הונגעריקע, זיך ארומגעדרייט אף דער גאס לעבן אויספירקאָם. זי האָט געוואָלט נאָך הײַנט אויסקלאָרן איר לאגע. נאָר ניט דער פאָרזיצער, ניט זײַן שטעלפאַרטרעטער איז ניט געקומען. ס'איז געווען דער צווייטער טאָג פון דער מילכאָמע און דער גאנצער אפּאראט האָט זיך געפונען אין ראיאָן.

אף מאָרגן האָט זיך איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע.

ערשט אפן דריטן טאָג, ווען עלקע איז געקומען אין ראי־אויספירקאָם, האָט זי זיך דערוווּסט, אז דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער איז בא זיך אין קאבינעט, און זי איז גלײַך אוועק צו אים.

יוכים כאריטאָנאָוויטש גאָלדמאַן, דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער, איז געזעסן אָנגעבויגן באם טיש און, אונטערסאָפּענדיק, עפּעס געשריבן. דערהערט, אז עמעצער איז ארײַן, האָט ער אופגעהויבן דעם שווערן קײַלעכדיקן קאָפּ מיטן נידעריקן שטערן, אף וועלכן ס'זײַנען אראָפּגעהאנגען געדיכטע שווארצע פאסמעס האָר. דערזען עלקען, האָט ער אומצופרידן אָנגעצילט אף איר א פּאָר קאלטע אויסגעלופּעטע אויגן.

— ווער האָט אײַך דערלויבט ארײַנגיין? — האָט ער א זאָג געטאָן מיט אזא טאָן, ווי ער וואָלט זי אײַנגאַנצן ניט געקענט. — איך נעם איצט ניט אוף...

עלקע האָט זיך פארלוירן, ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן, נאָר באלד זיך באהערשט.

— איך דארף צו אײַך...

— איר זעט דאָך, איך בין פארנומען, — האָט ער זיך צעשריִען, ווי ער וואָלט ניט וועלן אפילע הערן, וואָס זי רעדט, — שטערט מיר ניט!..

— וואָס שרײַט איר? — האָט עלקע שטיל געזאָגט, אָפּווישנדיק מיט א טיכעלע דעם שווייס פונעם שטערן, — איך בין געקומען ניט צו אײַך אהיים, איך בין אין ראי־אויספירקאָם...

— איר שטערט מיר ארבעטן!.. — האָט ער אופגערעגט זיך אופגעהויבן.

אינעם פרענטש און אין די שטיוול, פארלייגט די רעכטע האנט אף דער ברוסט, האָט ער, ווי פּאָזירט צו א פּאָרטרעט.

עלקע איז אלץ געשטאנען בא דער טיר.

— איך וויל וויסן, — האָט זי געפרעגט, — פארוואָס האָט מען מיך אראָפּגענומען פון דער ארבעט?

— איר ווייסט.

— ניין. איך ווייס ניט.

— איר ווייסט זייער גוט, — האָט ער מיט א כויזעק־שמייכעלע געזאָגט, — און אהער האָט איר מער ניט וואָס צו גיין...

בא עלקען האָט פארכאַפּט דער אָטעם און זי האָט מער ניט געקאָנט ארויסברענגען קיין וואָרט. זי איז א ווײַל געשטאנען א פארלוירענע, געקוקט אף אים און איז ארויס.

גיין אהיים האָט זי ניט געקאָנט. וואָס וועט זי טאָן איצט איינע אליין צווישן די פיר ווענט? זי איז פּאמעלעך אוועק מיט דער זײַטיקער גאס, אליין ניט וויסנדיק, וווּהין זי גייט. די צײַט האָט מיטאמאָל פארלוירן פאר איר די ווערט.

אפן ראָג, אנטקעגן דער אפּטייק, האָט פונעם רופּאָר אפן טעלעפאָן־סלופּ געהילכט די ראַדיאָ. פארבײַגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט אףביידע זײַטן גאס און פארזאָרגט געהערט די לעצטע נײַעס, די סוואָדקע פון סאָווינפאָרמביוראָ.

עלקע האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך צוגעהערט, נאָר געטראכט האָט זי נאָך אלץ וועגן דעם, וואָס איז ערשט פאָרגעקומען מיט איר. פונדעסטוועגן איז צו איר דערגאנגען, אז נעכטן, דעם 24 יון, האָט אונדזער ארמיי נאָך שווערע שלאכטן פארלאָזט די שטאָט ווילנע...

ס'האָט זי געוווּנדערט, ווי קומט עס, וואָס איצט, אין אזא צײַט, גייט איר אָן איר פּערזענלעך לעבן מער, ווי דאָס לעבן פון לאנד, און זי האָט געהאט פארדרוס אף זיך. פלוצעם האָט עלקע זיך אומגעקוקט, אז זי שטייט איינע אליין אפן פוסטן ראָג. „ווּהין גייט מען ווײַטער?“, האָט זי א טראכט געטאָן, און זיך דערמאָנט, אז ס'איז שוין צײַט נעמען סוועטקען פון קינדער־גאָרטן.

א גאנצן אוונט האָט דאָס קינד איבערגעקערט דאָס צימער, געלאכט און זיך געררייצט מיט דער מאמען. שוין גאנץ שפּעט האָט זיך אײַנגעגעבן אוועקלייגן זי שלאָפן. א מידע האָט עלקע זיך צוגעזעצט אפן נידעריקן בענקעלע און, אָנשפּארנדיק זיך אפן טאבורעט, גענומען שרײַבן א בריוו צו סטאַלינען.

זי האָט אין איין אָטעם פארשריבן עטלעכע זײַטלעך, דערציילט אלץ וועגן אלעקסייען, וועלכער איז — זי איז זיכער אין דעם — אומשולדיק, נאָכדעם וועגן דער אומגעהערטער אופּי־

רונג פון דעריוגינגען, וועגן דעם, אז מע האָט זי אָן א שום סיבע אראָפּגענומען פון דער ארבעט... זי איז זיכער געווען, אז קוים וועט דער בריוו דערגיין צו סטאלינען, וועט אלץ זײַן גוט.

עלקע האָט זיך געלייגט, נאָר באלד אופגעשטאנען און איבערגעשריבן דעם בריוו אָף דײַין. דעם בריוו האָט זי באהאלטן אונטערן קישן און זיך געלייגט שלאָפן.

„ווען דו ווייסט, אליאָשע טײַערער, וואָס איך לעב איצט איבער"... — האָט זי געשעפּטשעט, ארומנעמענדיק דעם קישן.

זי האָט א ווײַל זיך צוגעהערט צו סוועטעס רויקן און שטילן אָטעם און האָט שוין גענומען אײַנדרעמלען. מיטאמאָל האָט פון דער שפּעט-נאכטיקער גאס זיך דערטראָגן א צעצויגענע הודערײַ פון אן אווטאָמאָשין. די מאשין האָט זיך אָפּגעשטעלט אנטקעגן הויז. בא עלקען איז פארקילט געוואָרן דאָס הארץ. דער שטערן און דער האלדז זײַנען בא איר נאס געוואָרן. איר האָט זיך געדוכט, אז עס האָט א סקריפּע געטאָן די קאליטקע, זי הערט טריט אין הויף, און זי האָט גענומען אָנגעשטרענגט ווארטן, אז אָט־אָט וועט מען אָנקלאפּן אין טיר.

אפן גאס האָט עמעצער זיך באלד הויך אויסגעזידלט, עס האָט ווידער אָנגעהויבן הודען די מאשין און מיט א טומל זיך אוועקגעטראָגן.

הינטערן פענצטער איז שטיל געוואָרן. עלקע איז אראָפּ פון געלעגער אין דעם דינעם לאנגן העמד, אָף די שפּיצפינגער צוגעגאנגען צו סוועטען און גענומען דאָס שלאָפנדיקע קינד צו זיך אין בעט ארײַן.

גאנצפרי איז עלקע אוועק אָף דער פּאָטשט אָפּשיקן דעם בריוו. אָף די גאסן איז געווען טומלדיק. מענטשן האָבן געאײַלט צו דער ארבעט.

די פּאָטשט איז נאָך געווען פארמאכט. עלקע האָט באשלאָסן ווארטן, ביז מע וועט עפענען. דעם בריוו מוז זי נאָך הײַנט אָפּשיקן.

אין א האלבער שאָ ארום האָט זי שוין געהאלטן אין דער האנט די קוויטאנציע, אָף וועלכער ס'איז געווען אָנגעוויזן: „י. וו. סטאלינען".

עלקע האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט די קוויטאנציע, זיך דערפילט ווי עפּעס זיכערער פון דעם און באשטימט ווידער צוגיין אין ראי־אויספּירקאָם, צום פּאָרזיצער.

דער פּאָרזיצער איז אָבער נאָך אלץ ניט געווען. עלקע האָט זיך דערוווסט, אז ער איז אוועקגעפאָרן אָף עטלעכע טעג איבער די קאָלווירטן פון ראיאָן. זי איז אוועק צוריק אהיים. א פאַרטראָגענע האָט זי פארקערעוועט צום יונגן סעדל און אומגעריכט דערזען פונדערווײַטן איוואשטשענקאָן. עטוואָס א סוטולעוואטער, איז ער ניט געאײַלט געגאנגען צום ראיפּארטקאָם.

„זיך אומגעקערט פון קוראָרט... פאר דער צײַט..." — האָט עלקע א טראכט געטאָן און גיך פארשווונדן צווישן די ביימלעך. איר האָט זיך ניט געוואָלט, אז ער זאָל זי זען.

נאָר איוואשטשענקאָ האָט זי באמערקט און הויך אָף א קאָל זי א רוף געטאָן.

עלקע האָט זיך פארלוירן, געבליבן שטיין.

שווער טרעטנדיק, איז איוואשטשענקאָ אריבערגעגאנגען די גאס, אן אָנגעכמורעטער צוגע־גאנגען צו איר.

— איך האָב דיך נאָך פון דאָרט דערזען, — האָט ער א ווײַז געטאָן אפן ראָג, — און דו מיינסט מיסטאמע, אז איך ווארעם זיך נאָך אָף דער זון, באָד זיך אין יאם... נאָך נעכטן האָב איך זיך אומגעקערט, — האָט ער איר ווארעם א דריק געטאָן די האנט. — טאָמער, זעסטו, האָב איך איינמאָל זיך אויסגעקליבן אָף קוראָרט, האָט היטלערן זיך פּונקט פארוואָלט אָנהייבן א מילכאָמע... א שווערע מילכאָמע... — האָט איוואשטשענקאָ פארזארגט געזאָגט, ניט אראָפּנע־מענדיק די אויגן פון איר. — נו, וועגן דיר... וועגן דיר ווייס איך. מע האָט מיר דערציילט... אָן ארבעט וועסטו ניט זײַן... און דערווײַל...

— א דאַנק, מיקאָלא סטעפּאנאָוויטש, — האָט עלקע מיט טרערן אין קאָל געזאָגט, — מע דארף גאָרניט... איך נייטיק זיך דערווײַל אין גאָרנישט...

— נו, נו... — האָט ער זיך א בייזער געטאָן. — דאָס איז ניט דײַן זאך... אין אָוונט קום צו גיין, מיר וועלן ווארטן אָף דיר. און סוועטקען נעם מיט. כ'האָב זיך שוין פארבענקט נאָך איר.

— כ'ווייס ניט, — האָט עלקע געזאָגט.

— אויב דו וועסט ניט קומען, וועט טאטיאנא גאווריל'אָוונא זיך באליידיקן... הערסט?.. און איך אויך... מירן ווארטן מיט דער וועטשערע...

— ניין, ניין, ווארט ניט... איך בעט אײַך... איר זאָלט ניט ווארטן. — זי האָט באמערקט עמעצן אפן ראָג, גיך זיך געזעגנט, ווי זי וואָלט ניט וועלן, אז מע זאָל זי זען שטיין איצט מיטן סעקרעטאר פונעם ראיפּארטקאָם, און אײַלנדיק אוועק.

# קאַפּיטל צוועלף

מיט יעדן טאָג איז דער כוטאָר אַלץ פולער געוואָרן מיט אומרויִק־שווערע ידיעס פון די פראָנטן. די רויטע ארמיי האָט געהאַלטן אין איין אָפּטרעטן. שוין דעם דרײַ־און־צוואַנציקסטן יון — אפן צווייטן טאָג פון דער מילכאָמע — האָט מען פארלאָזט קאָוונע, לאָמזשע, בריסק... דעם פיר־און־צוואַנציקסטן — ווילנע... אין די סוואָדקעס פון סאָווינפאָרמבוראָ האָבן זיך באַוויזן אַלץ נײַע און נײַע ריכטונגען: שאַוולער, באַראַנאָוויטשער, לוצקער, לוואָווער, בעסאַראַבער...

דער סוינע האָט אָנגעגריפן איבער דעם גאַנצן פראָנט — פונעם באַלטישן ביזן שוואַרצן יאַם.

דאָס איז געווען אַזוי אומדערוואַרט, קימאַט אומגלייבלעך.

בא שעפּטלען האָבן די דאָזיקע ידיעס אַרויסגערופן א פאַרלוירנקײַט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז בא אַזאַ לאַגע וועט מען גאָר אײַנגיכן אויך זײַן יאָר רופן, און אים האָט זיך געוואָלט כאָטש ביז דעמלט ווי ווײַט מעגלעך זיך ספּראַווען מיט די וויכטיקסטע אַרבעטן אין בריגאַדע, אין דער ערשטער ריי אַראָפּנעמען די גערעטעניש פון די פעלדער.

דער גרויסער ווייץ־מאַסיוו, וואָס האָט זיך געצויגן פון הינטער די מאָהילקעס אַזש ביזן האָריזאָנט, און דער גערעטענער הויכער און געדיכטער גערשטן אין דער קאָוואַלעווסקער באַלקע האָבן שוין געהאַלטן אָט־אָט באַם רײַף ווערן, נאָך א פּאָר טעג און מע וועט קאָנען צוטרעטן צום שניט.

שעפּטל האָט גוט געוווּסט, אַז אין שניטצײַט איז יעדע רעגע טײַער, און ער האָט דעריבער זיך געסטאַרעט צוגרייטן די שנײַדמאַשינעס, די בעסטאַרקעס, די האַרבעס, דאָס געשפּאַן, עס זאָל דערנאָך קיין שום אָפּהאַלט ניט זײַן. עס זײַנען געווען נאָך אַרבעטן אין בריגאַדע, וועלכע מע האָט געדאַרפט איצט אָפּטאָן. מע האָט געמוזט פאַרענדיקן דורכיעטן די קוקורוזע אין דער קרומער באַלקע, אַראָפּפירן דאָס נאָך פאַרבליבענע היי פונעם סטעפּ, און ערטערווײַז איבעראַקערן און איבערוואַליטשען דעם שוואַרצבראָך.

דערצו האָט שעפּטל געהאַט איצט אויך אַנדערע זאָרג.

ווען וואָווע קאַלמען זאַהאַטס איז אַוועק אַף דער מילכאָמע, האָט אים אפן טראַקטאָר פאַרביטן דאָדיע בורלאַקס יונגע קורנאָסינקע שנור קסעניע, וואָס איז געקומען אַהער צוגאַסט פון דווינסק, פון דער סאַמע גרענעץ, פונקט ערעוו דער מילכאָמע, און איז פאַרבליבן דאָ. זינט זי האָט געבוירן דאָס קינד — שוין דרײַ יאָר — האָט זי אפן טראַקטאָר ניט געאַרבעט און דעריבער האָט מען די ערשטע צײַט געדאַרפט איר צוהעלפן, און שעפּטל האָט זיך אויך געמוזט פאַרנעמען מיט דעם, ווײַל סײַ כאָמע טראַסקון זײַנען איצט מער געווען אין דאָרפּראַט איידער אין קאָלווירט.

אומעטום, ווו מע האָט אַוועקגעשטעלט נײַע מענטשן — עלטערע פרויען און נאָך גאָר יונגע כעווריע — אפן אָרט פון די, וואָס זײַנען אַוועק אין דער אַרמיי, האָט די אַרבעט זיך געטאָן ניט אַזוי, ווי שעפּטלען האָט זיך געוואָלט. דאָס האָט אים געערגערט און אַף קיין מינוט ניט צו רו געלאָזט. פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין אָוונט איז ער געווען אין בריגאַדע. מע האָט אים געקאָנט זען אָט בא דער קוזניע — זיך קריגן מיטן שמיד, ווײַל אים איז ניט געפעלן, וויִאַזוי מע האָט אָנגעצויגן די שינעס אַף די רעדער פון דער נײַער בעסטאַרקע, — אָט הויך אַף א סטויג היי מיט א ווילע אין די הענט, אָט אין סטעפּ נאָכשפּאַנען נאָכן הודענדיקן טראַקטאָר אַרוף־באַרג צווישן די פײַכטלעכע האָנעס פונעם שוואַרצבראָך און אָט אין דער קרומער באַלקע, באַגלײַך מיט די פאַרזאָרגטע ווײַבער און מיידלעך באַם יעטן די קוקורוזע... און ווי שעפּטל איז ניט געווען פאַרנומען מיט דער אַרבעט, האָט בא אים פון מאָל צו מאָל אומרויִק אופגעצאַפּלט דאָס האַרץ פון עפּעס א דערוואַרטונגס־געפיל, וואָס האָט אים ניט צו רו געלאָזט זינט דער באַגעגעניש מיט עלקען. ער האָט פאַר דער לאַנגער און זייער אומרויִקער וואָך פיל מאָל איבערגעטראַכט וועגן דעם, צי וועט עלקע זונטיק קומען, ווי זי האָט צוגעזאָגט, צי ניין. ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט זי זיכער געקומען. אָבער איצט... אין אַזאַ צײַט...

אים האָט זיך זייער געוואָלט, אַז זי זאָל קומען, און גלײַכצײַטיק האָט אים געמאַטערט דאָס געוויסן, וואָס טאַקע איצט, אין אַזאַ צײַט, ווען ער ווייסט ניט, וואָס מאָרגן וועט זײַן, וואָס וועט זײַן מיט זעלדען, מיט די קינדער, טראַכט ער גאָר וועגן איר, וועגן עלקען... ער האָט געפּרוווט פאַרטרײַבן פון זיך די געדאַנקען וועגן איר, נאָר זיי זײַנען אים באַלדווידער באַפאַלן, און ווי בינען: וואָס מער ער האָט זיי געטריבן, האָבן זיי אַלץ מער פאַרפאָלגט אים. ער איז ניט בעקויעך געווען דערשטיקן אין זיך דאָס געפיל, וואָס האָט זיך, ווי א פרישער וועסנע־שטראָם, אַרײַנגעכאַפּט אין די אָדערן. ער האָט געוואָלט איינס — זען זי. איצט. באַזונדערס איצט, ווען קיינער, און אויך ער דעריין, האָט ניט אָנגעהויבן צו וויסן, וואָס מאָרגן וועט זײַן.

שעפּטלען האָט זיך ניט געגלייבט, אַז עלקע וועט איצט קומען, און דאָך האָט ער מיט אומ־געדולד געוואַרט אויף איר.

נאָר פונקט שאַבייסענאַכטס, נאָך דעם, ווי ס'האָט אַ גאַנצע וואָך געפאַליעט די זון און, באַזונדערס די לעצטע פּאָר טעג, שטאַרק געפּאַרעט, האָבן איבערן כוטאָר זיך אָנגעהויבן קלײַבן צעפּלאָכעטע שוואַרצע וואָלקנס. אין דער לופט האָט אָנגעהויבן שמעקן מיט רעגן, און דאָס האָט נאָך מער צעבויטעט שעפּטלס געמיט.

שוין שפּעט אין אָוונט איז ער, אַ מידער, שווער טרעטנדיק מיט די פאַרשטויבטע שיך, געקומען אַהיים.

זעלדע האָט זיך נאָך געפּאָרעט אין דער שוואַך־באַלויכטענער קיך און אַן אומרויִקע געוואַרט אויף אים.

פונעם ערשטן טאָג אָן זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע איז זעלדע געווען אין אײנע שרעק, — געציטערט, אַז מע זאָל ניט מאָביליזירן שעפּטלען. ס'איז גענוג געווען, זי זאָל דער־זען גיין עמעצן צו זייער שטוב, אַז באַ איר זאָל זיך אָפּרײַסן דאָס האַרץ — עפּשער טראָגט מען שוין אַ פּאָוועסטקע. זי האָט איבערגעלעבט פון דעם, וואָס שעפּטל פּלעגט די לעצטע טעג קומען שפּעט אַהיים. פאַרשטאַנען אָבער האָט זי, אַז נאָך דעם, ווי אַ סאַך קאָלווירטניקעס זײַנען אַוועק אויף דער מילכאָמע, איז שעפּטלען געוואָרן שווערער, און זי האָט זיך דעריבער געסטאַרעט מיט גאָרנישט ניט באַאומרויִקן אים. אויב פריִער פּלעגט שעפּטל איר באַהילפיק זײַן — פאַרטאָג אַרײַנ־טראָגן עטלעכע עמער וואַסער פון ברונעם, פון צײַט צו צײַט צוראַמען אין שטעלכל, האָט זי די לעצטע וואָך געטאָן אַלץ אַליין, אַפילו איצט, ווען ס'האָט באַ איר אָנגעריסן אַ פינגער אויף דער האַנט. הײַנט אין אָוונט האָט זעלדע שוין גאָר ניט געוווסט, וואָס איבערצוטראַכטן, — פאַרנאַכט האָט כאַנציע זייער אַ צעטראָגענער געזוכט שעפּטלען.

דערהערט שעפּטלס טריט אין הויף, האָט זעלדע אופגעפלאַמט און אײַליק גענומען גרייטן צום טיש.

— זע, ווי עס כמאַרעט, — האָט שעפּטל פאַרדײַגעט געזאָגט, אַרײַנגייענדיק.

שעפּטל האָט צוגעמאַכט די טיר, עס זאָל ניט פאַלן קיין שײַן אין פירהויז, ווו דאָס פענצטער איז ניט געווען פאַרהאַנגען, און מיד געפרעגט:

— נו, וואָס הערט זיך?

— גאָרניט. די מאַמע פילט זיך בעסער, — האָט זעלדע שטיל געזאָגט, — די קינדערלעך שלאָפן שוין. זיי האָבן לאַנג געוואַרט אויף דיר... און באַ דיר וואָס הערט זיך?.. — האָט זי מיט ציטער אַ פרעג געטאָן, ווי זי וואָלט מוירע האָבן פאַר זײַן ענטפער.

— גאָרניט. וואָס זאָל זיך הערן. איך בין זייער מיד.

שעפּטל האָט זיך ארומגעקוקט, ווי ער וואָלט באַטראַכט, צי אין קיך איז אַלץ אין אָרדענונג, און גענומען אַראָפּציִען פון זיך דאָס שטאַרק פאַרשטויבטע אָפּגעבליאַקעוועטע העמדל.

פאַרקאַטשעט די אַרבל פון דעם ברייטן אונטערהעמד, האָט ער זיך אָנגעבויגן איבער דער שיסל מיט וואַסער, וואָס איז געשטאַנען צוגעגרייט אויף אַ נידעריקן טאַבורעט אין קיך־ווינקל.

זעלדע האָט פון דער זײַט געכאַפּט אַן אומרויִקן בליק אויף אים. „וואָס איז ער אַזוי אָנגע־כמורעט?" צי האָט כאַנציע ניט געבראַכט קיין נײַע פּאָוועסטקעס פון וואָיענקאָמאַט? נאָר זי האָט אַפילו מוירע געהאַט צו פרעגן וועגן דעם.

שעפּטל האָט זיך אויסגעווישט דאָס פּנים מיטן גראָבן האַנטעך און שווײַגנדיק זיך גע־זעצט אין אײן העמד צום טיש.

זעלדע האָט באַלד, קעדיי ניט לאָזן שעפּטלען וואַרטן קיין איבעריקע מינוט, אַוועקגע־שטעלט אַ טעלער גרינעם שטשאַוועל פאַרווײַסט מיט סמעטענע און אַ פּאַלומעסק קאַרטאָפל־לאַטקעס, גוט צוגעפּרעגלט אויף בוימל, ווי ער האָט ליב. אַליין האָט זי זיך צוגעזעצט אַנטקעגן אויפן עק באַנק און מיט אַן איבערגעגעבענעם בליק געקוקט אויף אים. זי האָט איצט, ווי נאָך קיינ־מאָל, געשעצט יעדע מינוט, וואָס שעפּטל איז געווען מיט איר, מיט די קינדער.

שעפּטל האָט געפילט אויף זיך איר בליק, ער האָט אַ זופּ געטאָן עטלעכע לעפל און אָפּגע־רוקט די שיסל.

— פאַרוואָס עסטו ניט? — האָט זי ווי דערשראָקן געפרעגט.

— גענוג... כ'וויל ניט.

— וואָסי, ס'איז ניט געשמאַק?.. עפּשער צוגיסן נאָך סמעטענע? — האָט זי זיך אופגעהויבן.

— כ'וויל מער ניט.

זי איז געבליבן שטיין פאַרלוירן, ווי זי זאָל זײַן שולדיק, וואָס דער שטשאַוועל איז אים ניט געפעלן.

— עס כאַטש די לאַטקעס... האָסט דאָך גאָרניט געגעסן.

ער האָט אָן כײשעק געגומען א לאַטקע און א טראַכט געטאָן, צי זאָל ער איצט זאָגן זעלדען, אז מאָרגן, קאָן זײַן, װעט קומען אהער עלקע, אָדער צװאַרטן ביז אינדערפרי.

פאַר דער װאָך צײַט האָט שעפטל עטלעכע מאָל זיך געקליבן דערציילן זעלדען, אז ער האָט זיך געזען מיט עלקען, אז ער איז געװען בא איר אין דער היים און זי האָט צוגעזאָגט קומען אהער צוגאַסט. נאָר יעדעס מאָל האָט ער אָט דאָס געשפּרעך אָפּגעלייגט אָף שפּעטער.

נאָר מאָרגן האָט עלקע געקאָנט קומען, און דעריבער, װילנדיק־ניט־װילנדיק, האָט ער איצט, באַצײַטנס, געדאַרפט כאָטש זאָגן זעלדען װעגן דעם.

— הער זיך צו... זעלדע... — האָט ער זיך אָנגערופן.

— א, װאָסי, שעפּטל? — זי האָט צוגעדריקט די הענט צום הארצן, װי זי װאָלט מוירע האָבן פאַר א שלעכטער בסורע. — ס'האָט עפּעס געטראָפן? — האָט זי ניט מיט איר שטים געפרעגט.

— ס'האָט גאָרנישט ניט געטראָפן, — האָט שעפּטל זיך א קנייטש געטאָן.

— איז װאָס האָט כאָנציע... װאָס האָט ער דיך געזוכט הײַנט פאַרנאַכט?..

— ער האָט געבראַכט דעם קאָמבײַן.

— דעם קאָמבײַן?.. צוליב דעם האָט ער דיך געזוכט?.. — בא זעלדען איז אַראָפּ א שטיין פונעם הארצן. — אבי כ'האָב שוין ניט געװוּסט, װאָס איבערצוטראַכטן... נו, דאַנקען גאָט... פונקט הײַנט געבראַכט. שאַבייסענאַכטס... ס'איז א גוטער סימען, שעפּטל, זאָל זײַן א גוטע װאָך...

זעלדע איז קײנמאָל ניט געװען קיין גלױביקע, נאָר זינט ס'האָט זיך אָנגעהױבן די מילכאָמע, איז זי אומבאַמערקט פאַר זיך אליין געװאָרן אָבערגלױבעריש.

— זאָל זײַן א גוטע װאָך, — האָט זי א באַרױקטע איבערגעכאַזערט, — זאָל זײַן א רױקע װאָך, שעפּטל...

— האַלעװײַ... — האָט שעפּטל פאַרדײַגעט געענטפערט. — דערװײַל כמאַרעט אָבער... און דאָס ברױט... דער װייץ...

— עס כמאַרעט ניט אָף קיין רעגן, — האָט זעלדע אים באַרױקט, — הערסט װי עס רױשן די ביימער?.. ס'װעט פאַרבײַטראָגן... ביז אינדערפרי װעט זיך אױסלײַטערן...

— מעגלעך, — האָט ער מיט באהאַלטענער האָפענונג געזאָגט, אַרױסגענומען פון קעשענע א פאַפּיראָס און א שאַר געטאָן מיט דער האַנט אָפּן בײַשטידל.

זעלדע האָט זיך אופגעהױבן, גענומען פון דער פּליטע די שװעבעלעך און דערלאַנגט אים.

— נו, װאָסי מיטן פינגער?

— גרינגער א ביסל, — האָט זי געזאָגט, קעדיי שעפּטלען ניט מעצאַער זײַן, כאָטש דער פינגער איז נאָך געשװאָלן געװען און גוט װיי געטאָן.

— איז מאָרגן װעסטו נאָך אָף דער פערמע מיסטאָם ניט גיין, א? װאָלסטו עפּשער, אויב ס'װעט דיר ניט זײַן שװער, צוגעראַמט א ביסל אין שטוב, א, זעלדע... און דעם הױף װאָלט אױך ניט געשאַט...

— איך האָב זיך שוין אליין געקליבן, נאָר זעסט דאָך... גוט, כ'יל צוראַמען.

— זאָג די קינדער. זיי װעלן דיר העלפן...

— גוט, שעפּטל... — זעלדע איז צופרידן געװען פון דעם, װאָס אים װילט זיך, אז אין שטוב זאָל זײַן אָן אָרדענונג.

שעפּטל האָט שװער זיך אופגעהױבן און פאַרן גיין שלאָפן אַרױס אין דרױסן. באלד האָט ער זיך אומגעקערט א ניט צופרידענער. דער הימל איבערן כוטאָר איז געװען געדיכט באַדעקט מיט כמאַרעס.

— ס'איז אױסגעבעט? — האָט ער א פרעג געטאָן און איז אװעק אין טונקעלן צימער. מיט שטילע טריט איז ער צוגעגאַנגען צו די בעטלעך, װוּ ס'זײַנען געשלאָפן די קינדער, און א װײַלע געשטאַנען לעבן זיי. די קינדער האָבן רױק געעטעמט. נאָר קורט האָט עפּעס גערעדט פון שלאָף. שעפּטל האָט אים בעסער צוגעדעקט און זיך געלייגט שלאָפן.

באַנאַכט האָט שעפּטל זיך עטלעכע מאָל אופגעכאַפּט און זיך צוגעהערט, צי ס'גייט ניט קיין רעגן. װי נאָר ס'האָט אָנגעהױבן שאַריען אָף טאָג, איז ער שוין געװען אָף די פיס. א באַר־װעסער איז ער אַרױס אינעם נאָך פאַרנעפּלטן פרישן דרױסן. דער הימל איבערן כוטאָר האָט זיך געהאַט א ביסל אױסגעלײַטערט, נאָר דער אַרוף־באַרג הינטערן סטאַװאָק און דער הוליי־פּאָליער שליאַך זײַנען געװען פינצטער פון די שװער־דראָענדיקע װאָלקנס, װאָס זײַנען גאָר נידעריק געשװוּמען איבער די אָנגעכמורעטע טונקל־געװאָרענע פעלדער. ערגעץ דאָרט, נעענ־טער צו הוליי־פּאָליע, האָט שוין, קענטיק, גערעגנט.

מיט א צעקאַלעמוטעט הארץ איז ער אַרײַן אין שטוב, זיך אָנגעטאָן און, גאָרנישט ניט זאָגנדיק זעלדען, זיך געלאָזט גיין.

— וואַרט צו!.. — האָט זעלדע אים אַ רוף געטאָן. זי איז שוין געשטאַנען לעבן דרײַפוס און געוואַרעמט די לאַטקעס. — עס עפּעס אָפּ...

— כ'וויל ניט... — און איז אַרויס פון שטוב.

— עפּשער געבן דיר עפּעס מיט זיך? — האָט זעלדע, אַרויסקוקנדיק פון דער טיר, אים נאָכגעשריִען.

— מע דאַרף ניט... כ'ל שפּעטער... — האָט ער געענטפערט און מיט גיכע טריט זיך פאַרנומען צום ווירטשאַפט־הויף, ווו ס'האָבן מיט סאַפּקעס אין די הענט זיך שוין געזאַמלט די קאָלווירטניצעס אַרום נעכאַמקען. שטילערהייט האָבן זיי גערעדט צווישן זיך, אַז די לעצטע סוואָדקע פון סאָווינפאָרמביוראָ איז ווידער ניט קיין פרײלעכע.

שעפּטל האָט זיך נאָכאַמאָל אומגעקוקט צום הוליײַפּאָליער שליאַך און מיט פאַרדרוס אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. „נײן, באַ אַזאַ הימל וועט זי זיך ניט לאָזן אין וועג״, — און באַשטימט, קאָל־זמאַן ס'האָט נאָך ניט אָנגעהויבן רעגענען, גײן מיט די קאָלווירטניצעס יעטן די קוקורוזע אין דער קרומער באַלקע...

## קאַפּיטל דרײַצן

אין דער זעלבער צײַט, זונטיק דעם נײַן־און־צוואַנציקסטן יון גאַנצפרי, איז עלקע שוין געווען לעבן דער אַלטער הוליײַפּאָליער בריק און אַ פאַרטראַגענע אַרויסגעקוקט, עפּשער וועט זיך ווײַזן אַ מאַשין, מיט וועלכער זי וועט קאָנען צופאָרן קיין בוריאַנאָווקע.

פּאַראַסקאָגן שאַבייסענאַטס, ווען זי האָט באַגלייט שעפּטלען, האָט זי אים געזאָגט, אַז זי וועט קומען צו פאָרן אַף דער בריטשקע פון „זאַגאָטזערנאָ״. נאָר צום „זאַגאָטזערנאָ״ האָט זי איצט שוין קײן שום שײַכעס ניט געהאַט.

דער פרימאָרגן האָט זיך אויסגעגעבן אַ קילבלעכער. דער הימל איז באַדעקט געווען מיט וואָלקנס און אין דער לופט האָט געשמעקט מיט רעגן. דאָך האָט עלקע געהאָפט, אַז קײן רעגן וועט ניט גײן. זי מוז צופאָרן אין כוטאָר צו שעפּטלען, זי איז שוין מער ניט בעיעכוילעס געווען טראָגן אין זיך דאָס אַלץ, וואָס זי האָט פאַר דער וואָך איבערגעלעבט. זי האָט געמוזט סאַפּקאָלסאָף פאַר עמעצן אויסריידן דאָס האַרץ, און דער עמעצער איז נאָר שעפּטל.

די לעצטע פאַר טעג האָט עלקע שוין ניט געוווּסט, ווו זיך אַהינצוטאָן. דאָס אַרומגײן ליידיק, אָן אַרבעט, האָט אַף איר געדריקט אַזוי, אַז זי האָט זיך געפילט אויס מענטש. פון קליינוווײַז אָן איז זי געווינט געווען צו אַרבעט. צו צען יאָר האָט זי שוין געפּאַשעט באַם קאָוואַלעווסקער באַלעגוף די טשעריטקעס[1]... און נאָכדעם... נאָכדעם איז דער גאַנצער זין פון איר לעבן געווען אין דער אַרבעט. און איצט, ווען ס'גייט אַזאַ מילכאָמע... איצט אַרומגײן ליידיק!.. ס'איז איר אַ ביזויען געווען צו ווײַזן זיך מענטשן אין די אויגן.

עלקע איז ווידער געווען אין ראַי־אויספּירקאָם, געקליבן זיך פאָדערן באַם פאַרזיצער אַרבעט, און ווידער אים ניט געטראָפן. איוואַשטשענקאָן באַומרויִקן האָט זי ניט געוואָלט, געזען אים אויסמײַדן. אָבער אויסריידן זיך פאַר עמעצן האָט זי געמוזט...

פונעם אָטשערעט, וואָס איז געדיכט געוואַקסן אונטער דער בריק, האָט געצויגן מיט פײַכטקײַט. עלקע האָט פאַרשפּיליעט דאָס מאַנטעלע. באַלד האָט זי דערהערט אַ שווערע הודערײַ פון אַ לאַסטמאַשין און זי האָט מיט האָפענונג זיך אומגעקוקט. לויט דער קלינגערײַ פון די פוסטע בידאָנען, וואָס האָבן אונטערגעטאַנצט אין קוזאָוו, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז די מאַשין איז פונעם ראַיאָנעם פוטער־זאַוואָד, און האָט אופגעהויבן די האַנט.

די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט סאַמע לעבן בריק. דער עקספּעדיטאָר, אַ גראָוער און דאַרער אַלטיטשקער, וועלכן עלקע האָט איצט געזען צום ערשטן מאָל, האָט איר פאַרגעלייגט זיך זעצן אָנשטאָט אים אין קאַבינע. עלקע האָט זיך אָפּגעזאָגט און איז אַרופגעקראָכן אין קוזאָוו.

די מאַשין איז פונקט געגאַנגען פאַרבײַ בוריאַנאָווקע צו די מיאַדלער כוטאָרס. אַפּצוריק־וועגס, אין אַ דרײַ־פיר שאָ אַרום, האָט זי באַדאַרפט נעמען אַף דער בוריאַנאָווקער מילך־פעֶרמע די סליוקעס פון פוטער־זאַוואָד.

פאַר עלקען איז עס געווען ווי אָנגעמאָסטן. מיט דער זעלבער מאַשין טאַקע וועט זי נאָך ביז אָוונט זיך אומקערן אַהיים.

עלקע האָט זיך אוועקגעזעצט אַף אַ ליידיק קעסטל פון פוטער, וואָס איז געשטאַנען צווישן די בידאָנען, און אַראָפּגערוקט נידעריקער דאָס טיכל איבערן שטערן.

די מאַשין האָט זיך געטראָגן, געקלונגען מיט די בידאָנען, און עלקע האָט מיט דורשטיקע אויגן געקוקט אַפן באַקאַנטן סטעפּ, אַף דער גראַטעוענער רײַפוורנדיקער טוווּ, וואָס האָט זיך

---

[1] — אַ טשערעדע קעלבלעך.

געשפּריַיט פון ביידע זײַטן. כאָטש זי איז שוין לאַנג דאָ ניט געווען, געדענקט זי נאָך מיט אַלע איינצלהייטן דעם ברייטן הולײַפּאָליער שליאַך מיט די דערבײַיקע בערגלעך, מיט די צוויי טאָפּאָלן אַרוף־באַרג, מיט די ניט ווײַט פאַנאַנדערגעוואָרפענע דערפער אין די באַלקעס... זי האָט דערשפּירט דאָס שאַרפע געדוך פון צאָמבער און בלײַענדיקן קאַטראַן, וואָס איז איר פון קינדווײַז אײַנגעבאַקן געווען אין האַרצן, און זיך דערמאָנט, ווי זי איז דעמלט, מיט צוועלף יאָר צוריק, געגאַנגען מיט אָט דעם זעלבן וועג צופוס, אַ באָרוועסע, קיין הולײַפּאָליע, דערביווען זיך דעם ערשטן טראַקטאָר פאָרן נאָרוואָס אָרגאַניזירטן בוריאַנאָווקער קאָלווירט, ווי זי האָט לעבן די זונרויזן באַגעגנט שעפּטלען, ווי זי האָט זיך געזעצט צו אים אויפן וואָגן און ער האָט ווילד געטריבן די פערד.

מיט דעם זעלבן וועג האָט זי נאָכדעם זיך אומגעקערט אויפן טראַקטאָר צוריק אין כוטאָר, און ווען זי איז אַריבערגעפאָרן די הרעבליע און אָנגעצונדן די פאַרעס, זײַנען די בוריאַנאָווקער זיך צונויפגעלאָפן ווי אויף אַ בייזוואונדער. ס'איז דאָך געווען דער ערשטער טראַקטאָר אין דער אומגעגנט... און זי האָט אים דעמלט געבראַכט.

...די מאַשין האָט זיך האַסטיק געטראָגן. פון ביידע זײַטן וועג האָט פאַרבײַגעשווינדלט דער הויכער ווייץ, די קוקורוזע, דער גערשטן... מיט אַ ראַשיק ווינטל איז די מאַשין טראַסקענדיק דורכגעפאָרן איבער דעם ערשט־אויסגעבויטן הילצערנעם בריקל אין דער טונקל־גרינער באַלקע און מיט אַ שווערער הודערײַ וואָקעגיאָגט מיט דעם שלענגלדיקן וועג אַרוף־באַרג. פונדאַנען האָט עלקע בוילעט דערזען דאָס דײַטשישע דאָרף זאַנענטאַל, וואָס איז געלעגן לינקס, עטוואָס ווײַטער פונעם וועג, און דאָס האַרץ האָט באַ איר אַ צאַפּל געטאָן. „זאַנענטאַל?״ ...אין סאַמע אָנהייב פון דער קאָלעקטיוויזאַציע — איר איז דעמלט געווען נײַנצן יאָר — איז זי געקומען אַהער דורכפירן אַ פאַרזאַמלונג, און די ווײַבער זײַנען זי באַפאַלן, צעריסן אויף איר דאָס קאָפּטל און פאַרוואָרפן מיט שטיינער... זי וואָלט זיכער אַנטלאָפן פון דאָרט, ווען עס זאָל ניט געווען פונקט אָנקומען אויף זײַן פערד מיקאָלאַ סטעפּאַנאָוויטש איוואַשטשענקאָ, וועלכער איז שוין דעמלט געווען סעקרעטאַר פונעם ראַיקאָם. „נאָר זיך ניט אונטערגעבן״, — האָט ער איר געזאָגט.

עלקען ווערט מיטאַמאָל עפּעס פּריילעכער אויפן האַרצן. „וואָס פּלוצלינג?״ — גיט זי אַ טראַכט און כאַפּט זיך באַלד. — „אַ... איוואַשטשענקאָ״... ס'איז איר גענוג זיך דערמאָנען אין אים, איר זאָל ווערן לײַכטער אויף דער נעשאָמע, זי זאָל זיך דערפילן פעסטער, זיכערער אין זיך.

עס האָט אָנגעהויבן מאַראַקען אַ רעגנדל. עלקע האָט זיך בעסער אײַנגעוויקלט אין מאַנטעלע. מיט אַלץ מער נײַגער האָט זי געקוקט אויפן היימישן סטעפּ. יעדעס בערגל, יעדע באַלקע האָט איר דערמאָנט אין עפּעס. אָן זעען זיך שוין די מאָהילקעס. דאָ הייבט זיך שוין אָן בוריאַנאָווקער ערד. אָן דאָרט ערגעץ, מע זעט זי נאָך ניט, איז די הינטישע באַלקע. דאָרט איז דאָך געווען שעפּטלס נאַכלע, זײַן שטיקל ערד... וויפל האָט זי זיך געשפּאַרט מיט אים, און איצט... אינגאַנצן ניט צו דערקענען... אָן אַנדער מענטש... נאָר וואָס פאַרט זי, אייגנטלעך, צו אים?..

דאָס רעגנדל האָט צוגעשלאָגן דעם שטויב אויפן וועג און אויפגעהערט. אויף אַ ווײַל האָט זיך באַוויזן די זון, אַרויסגעקוקט פון צווישן די צעלאָכמאַטעטע וואָלקנס און באַלד ווידער זיך באַהאַלטן.

די מאַשין האָט פאַרקערעוועט מיטן זײַטיקן וועג צו דער מילך־פערמע, וואָס האָט זיך געפונען אויפן באַרג, פון דער זײַט סטאַוואָק, און אָפּגעשטעלט זיך לעבן אַ לאַנגער אויסגעקאַלכטער שטאַל.

די מילך־פערמע איז אויסגעוואַקסן פאַר דער צײַט, וואָס עלקע איז דאָ ניט געווען, זי איז געווען אַרומגעבויט מיט אַ סאַך לאַנגע און הויכע שטאַלן, געדעקט מיט ווײַסער און רויטער טשערעפּיצע. פון הינטער די שטאַלן האָבן זיך אַרויסגעוויזן עטלעכע סילאָס־טורעמס און ווײַטער אַ ביסל — לאַנגע און נידעריקע קאַשאַרעס. אויף דער וואַנט פונעם סקלאַד איז געהאַנגען אַ רויט לײַוונט, אויף וועלכן ס'איז געווען אָנגעשריבן מיט גרויסע ווײַסע בוכשטאַבן: „אַלץ פאַרן פראָנט!״

דער אַלטיטשקער עקספּעדיטאָר האָט איבערגעלאָזט אַ טייל בידאָנען און געזאָגט עלקען, אַז זיי וועלן דאָ זײַן אומגעפער אין אַ דרײַ־פיר שאָ אַרום.

לעבן אַרטעזיאַנישן ברונעם האָט עלקע דערזען עטלעכע קאָלווירטניקעס, און קעדיי זיי זאָלן זי ניט באַמערקן, האָט זי זיך אויסגעדרייט און געלאָזט זיך גיך גיין אַראָפּ צו דער הרעבליע.

מיט יעדן טראָט, וואָס זי האָט געמאַכט, האָט איר אַלץ שטאַרקער געטיאָכקעט דאָס האַרץ. „דער זעלבער סטאַוואָק... די זעלבע הרעבליע...״ — איר האָט זיך געדוכט, אַז דאָ, אַרום סטאַוואָק, האָט זיך גאָרנישט ניט געענדערט, אַלץ איז אַזוי ווי געווען, פונקט ווי דעמלט... אָן דאָרט, לעבן דעם הויכן אָטשערעט, האָט זי געשווענקט דאָס קאָפּטל... און אָט דאָ, אַראָפּ דער הרעבליע, איז אָנגעפאָרן שעפּטל... זי האָט מיט בענקשאַפט געקוקט אויף די נאָענטע און ליבע ערטער.

פון דער הרעבליע האָט דער וועג געפירט פאַרבײַ דער נידעריקער קוזניע, פאַרבײַ די

אמבארן, וואָס זײַנען געשטאַנען אַף פונדאַמענטן פון גרויסע ווײַסע שטיינער, און פאַרבײַ דעם פּוסטן זאַהאַן צו דער ברייטער קרומלעכער גאַס. נאָר עלקע האָט ניט געוואָלט זיך ווײַזן איצט אין כוטאָר. זי האָט פאַרקערעוועט מיטן נידעריקן פּײַכטן ברעג סטאַוואָק אַף רעכטס און איז אַוועק צווישן דעם הויכן גרויען פּאַלין מיט די הינטערגערטענער.

זי איז איבערגעשפּרונגען די קאַנאַווע, וואָס איז געדיכט באַוואַקסן געווען מיט פּאַסליאַן, און איז אַוועק מיט דער שמאָלער סטעזשקע. די סטעזשקע האָט געפירט אַרוף דעם גאָרטן גלײַך צו שעפּטלס הויף. פונדערווײַטן, צווישן דעם גרינעם געבלעטער פון פּאַליסאַדניק, האָט זיך געזען די ווײַס־אַרומגעקאַלכטע שטוב מיט די העל־בלויע ווינקלען.

עלקע איז אַן אומרויִקע אַרײַן אין הויף, אַראָפּגענומען דאָס טיכל און פאַריכט די האָר אַפן קאָפּ.

פון שטוב איז אַ פאַרטראַגענע אַרויס זעלדע אין אַן אָפּגעבליאַקעוועט קלייד, מיט אַ פּוסטן עמער אין האַנט. זי האָט זיך געלאָזט גיין צום ברונעם און מיטאַמאָל דערזען עלקען.

— כאַווערטע רודנער... — האָט זי אויסגעשריִען, אַרויסלאָזנדיק דעם עמער פון האַנט. — איי, ס'אַרא גאַסט... קומט אַרײַן...

אַן איבעראַשטע האָט זי אַרײַנגעפירט עלקען אין געראַמען צימער, וועלכן זי האָט אָקאָרשט פאַרענדיקט צוקלײַבן, און ניט געוווּסט, וויאַזוי בעסער זי אויפצונעמען.

— טוט זיך אויס, — האָט זי געהאָלפן עלקען אַראָפּנעמען דאָס מאַנטעלע, — פּילט זיך, ווי בא זיך אין דער היים... איר געדענקט... כאַווערטע רודנער... איר זײַט דאָך געווען מײַן פּיאָנער־וואָזשאַטע... און איצט בין איך שוין, דאַנקען גאָט, אַ מאַמע פון פיר קינדערלעך... מיך איז מיסטאַמע שווער צו דערקענען... און איר האָט זיך גאָרניט געענדערט... פּונקט ווי דעמלט... די זעלבע כאַווערטע רודנער... — האָט זי מיט לויכטנדיקע אויגן באַטראַכט עלקען.

עלקע איז געווען אָנגעטאָן זייער באַשיידן — אין אַ טונקל־בלוי קליידל און אין אַ ווײַס קאָפּטעלע, און אויסגעזען האָט זי ווירקלעך זייער שיין און שלאַנק, אַ סאַך ייִנגער פון אירע איין און דרײַסיק יאָר.

זעלדעס אויפנעם האָט איר דערוואָרעמט די נעשאָמע.

— אַ דאַנק. באַרויִקט זיך ניט, זעלדע...

— זעצט זיך, וואָס זשע שטייט איר, — זעלדע האָט אויסגעווישט מיטן פאַרטעך אַ בענקל, וואָס איז אַזוי אויך געווען ריין, — איר זײַט דאָך אַוודאי מיד פון וועג... עפּשער וועט איר אויסטרינקען דערווײַל אַ גלאָז מילך... אַזאַ גאַסט... ווען שעפּטל ווייסט...

עלקע האָט געוואָלט אַ פרעג טאָן, ווו איז ער, שעפּטל, צי וועט ער אינגיכן קומען, נאָר זעלדע איז שוין אין צימער ניט געווען. „אָט דאָס איז יענע זעלדקע?" עלקע האָט זיך פאַרגע־שטעלט, אַז זי דאַרף אויסזען אינגאַנצן אַנדערש — ניט אַזאַ פולבלעכע און אַ סאַך אַ שענערע.

עלקע האָט באַטראַכט דאָס צימער, דאָס ברייטע ניקלנע בעט, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל און געווען פאַרשפּרייט מיט אַ ראָזלעכער קאָפּע. באַם צוקאָפּנס זײַנען געלעגן ווײַס־אָנ־געצויגענע קישנס. די קינדערשע בעטלעך און די קושעטקע זײַנען געווען אויך צוגעקליבן.

אַפן טיש איז געלעגן אַן אָנגעקראָכמאַלעטער טישטעך, אַפן קאָמאָד — אויסגענייטע סאַלפעטקעלעך.

אַפן ערשט ניט לאַנג אויסגעשמירטן דיל זײַנען געלעגן לאַנגע פאַרביקע רעדנעס. אין צימער האָט געשמעקט מיט פרישׂ־געבאַקענעם ברויט און יונגן צאָמבער. אַף דער וואַנט, צווישן ביידע גאַס־פענצטער, זײַנען געהאַנגען עטלעכע גראַמאָטעס און שעפּטלס אַ גרויסער פּאָר־טרעט, אויסגעשניטן פון אַ צײַטונג. אין ווינקל איז אַף אַ טשוועקל געהאַנגען דער ווײַסער פּידזשאַק, אין וועלכן זי האָט דאָס לעצטע מאָל געזען שעפּטלען. עלקע האָט אים באַמערקט און דערפילט זיך פון דעם היימלעכער.

„ווו זשע איז ער?"... ער האָט דאָך געזאָגט, אַז ער וועט זי באַגעגענען...

עלקע האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער. נאָר אַף דער שטילער פאַרוואָלקנטער גאַס האָט מען קיינעם ניט געזען. זי האָט דערקענט דאָדיע בורלאַקס שטוב. און וואָס איז דאָס?.. דאָרט איז דאָך געווען סימכע בערעזינס הויף... קאָנטיק, אַ קלוב — אַ שיינע הויכע געבײַדע מיט גרויסע פענצטער. און ווידער אַ נײַע געבײַדע... און דאָרט אויך... אָהאָ, וויפל מע האָט אויסגעבויט...

עלקע קוקט מיט כידעש אַף דער ברייטער עטוואָס קרומלעכער גאַס מיט די קאַנאַוועס און זאַהאַטיעס. צי דען איז זי איבער אָט דער גאַס געגאַנגען אַמאָל?.. און צי דען האָט זי מיט אָט דער גאַס געפירט דעמלט נאָך זיך די אויפגערודערט־צעפּאַלאַכעטע פויערים צו יאַנקעוו אָקסמאַנס ברעג־כוטאָרישן הויף, אַנטבאַלעגופּעווען אים?.. דאָס אַלץ האָט איר אויסגעזען איצט אַזוי ווײַט, אַזוי ווײַט...

— פאַרצײַעט מיר, כאַווערטע רודנער, — איז זעלדע אַ פאַרטראַגענע אַרײַנגעקומען מיט

א גרויס קריגל אין איין האַנט און מיט א ריינער גלאָז — אין דער צווייטער. — טרינקט דערווײַל אויס א גלאָז מילך, ביז ס'וועט פּאַרטיק ווערן דער מיטיק... איך האָב שוין אוועקגעשטעלט... ער קאָכט זיך שוין... טרינקט, איך בעט אײַך. ס'איז ערשט פון קעלער.

— א דאַנק... באַ אײַך איז דאָ אַזוי גוט, — האָט עלקע שטיל געזאָגט.

— ס'וואָלט געווען אוואַדע גוט, ווען ניט די מילכאָמע, — האָט זעלדע, צונויפלייגנדיק די הענט אַף דער הויכער ברוסט, א זיפץ געטאָן. — וואָס וועט עס זײַן, כאַווערטע רודנער... איר דאַרפט דאָך וויסן...

— איך ווייס, זעלדע, פּונקט ווי דו...

— נו, וואָס רעדט איר!..

זעלדע האָט פאַרהיט צו עלקען דאָס זעלבע געפיל, וואָס זי האָט געהאַט צו איר נאָך דעמלט, ווען זי איז געווען א פּיאָנערקע.

זי האָט אַמאָל געהערט פון עמעצן, אַז עלקע איז געווען פאַרליבט אין שעפּטלען, נאָר אין אירע אויגן האָט עלקע אויסגעזען צו גרויס, זי זאָל גלייבן, אַז באַ זיי אַפן כוטאָר זאָל זיך געפינען אַזא מענטש, וועלכער זאָל עלקען געפעלן ווערן. אַפילע שעפּטל.

— נו, וואָס זשע טרינקט איר ניט, — האָט זי צוגערוקט צו עלקען נעענטער די גלאָז קאַלט מילך, — איך בעט אײַך...

— א דאַנק... — עלקע האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט זיך ניט געפונען קיין אָרט, — און וווּ זײַנען די קינדערלעך? — האָט זי א פרעג געטאָן.

— זיי שפּילן זיך אין דרויסן... און שאָלעמקע איז אַנשלאָפן געוואָרן באַ דער שוויגער... אָט וועל איך זיי א רוף טאָן, — און מיטאַמאָל, ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט אָן עפּעס, האָט זי פאַרזיכטיק געעפנט די טיר פון דעם זײַטיקן צימערל.

— שוויגער... איר שלאָפט ניט?.. זעט, ס'אַרא גאַסט מיר האָבן...

אין א צעקנייטשט קלייד איז קרעכצנדיק אַרײַן די שוויגער און זיך צוגעזעצט אַף א בענקל.

— א גאַסט זאָגסטו? — האָט זי, זשמורענדיק די אויגן, באַטראַכט עלקען. זי האָט זי ניט דערקענט און זיך אויסגעדרייט צו זעלדען.

— ווער איז דאָס מיידל? — האָט די אַלטע געפרעגט, פאַרריכטנדיק מיט די הענט דאָס ווײַסינקע געפינטלטע טיכל אַפן גראָוון קאָפּ.

— סײַדן איר דערקענט ניט, שוויגער? — האָט זעלדע זיך פאַרוווּנדערט. — קוקט זיך גוט צו...

— ניין... איך דערקען ניט, — האָט די אַלטע א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ס'איז דאָך די כאַווערטע רודנער... עלקע רודנער...

— ווער זאָגסטו?.. עלקע רודנער?.. וועלכע עלקע?.. אָט די, וואָס איז געווען דאָ? — האָט די אַלטע פאַרכידעשט געפרעגט.

— יענע... יענע... — האָט עלקע געזאָגט. — וואָס מאַכט איר? ווי פילט איר זיך?

— א דאַנק פאַרן פרעגן, — האָט די אַלטע געענטפערט, — האָב אַף מיר קיין פאַריבל ניט, נאָר איך זע שוין שוואַך... ביסטו דאָס טאַקע יענע עלקע?.. דאָס האָט מען דעמלט אין דיר געשאָסן אין דער קאָוואַלעווסקער באַלקע?.. נו, און איצט וואָס?.. ביסט שוין לאַנג ניט געווען דאָ... פאַרנעמסט מיסטאָמע גאָר א געהויבענע שטעלע... ביסט איצט וואָס — א סעקרעטאַרשע צי א פּרעדסעדאַטעל?.. האָסט כאַסענע געהאַט? האָסט שוין אוואַדע קינדערלעך...

— א מיידעלע.

— זאָל זי לאַנג לעבן באַ דיר, ווי אַלט איז זי?

— דאָס זעקסטע יאָר.

— פאַרוואָס האָט איר זי ניט גענומען מיט זיך, כאַווערטע רודנער, — האָט זעלדע באַ־דויערט. זי האָט גענומען א קישן פון גרויסן בעט, א לײַלעך פון קאָמאָד און אויסגעבעט אַף דער קושעטקע.

— לייגט זיך צו. רוט זיך אָפּ. באַלד וועט קומען שעפּטל... מירן עסן מיטיק... — זי האָט גענומען אין ווינקל א טעפּל מיט גענדזנשמאַלץ און אוועקגעשטעלט אין קיך.

עלקע איז פאַרבליבן מיט דער אַלטער.

— און דער מאַן איז באַ דיר מיסטאָמע אויך א גרויסער מענטש, — האָט די אַלטע גע־האַלטן אין איין פאַנאַנדערפרעגן, — וואָס איז ער, א דירעקטאָר מיסטאָמע... אַף דער מילכאָמע האָט מען אים כאָטש ניט גענומען?.. און וואָס ביסטו געקומען?.. אין קאָלכאָז?.. וועסט מיסטאָמע אַרויסטרעטן אַף א סאָבראַניע... ווען איך האָב קויעך, וואָלט איך אויך געגאַנגען א הער טאָן... וועסט מיסטאָמע ריידן וועגן דער מילכאָמע... מע האָט שוין דאָ א האַלבן כוטאָר צוגענומען... מע זאָל כאָטש ווײַטער ניט נעמען... איך שלאָף די נעכט ניט... איין־איינציקער זון.

די שוויגער, וואָס איז געזעסן מיטן פּאָנעם צום פענצטער, האָט ניט באַמערקט, ווי ס'האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַרײַן קורט. א באַרוועסער, אין א ווײַס העמדעלע און קורצע בלויע סאַטינענע הייזלעך אָף שלייקעלעך, איז ער ניט דרייסט אַריבערגעטראָטן די שוועל און דערזען די אַלטע. נאָך דער געשיכטע מיטן בוטל ווישניק האָט ער זי ניט געקאָנט אָנקוקן און געוואָלט גלײַך אַרויסלויפן צוריק.

— קום אהער, — האָט עלקע אים א רוף געטאָן, — ס'אַרא שיין ייִנגעלע... ס'איז דער עלטערער אוואדע... ווי רופט מען דיך?.. נו, קום... קום אהער... קום צו מיר...

אונטער דער אַלטער האָט א סקריפּע געטאָן דאָס בענקל, זי האָט זיך אויסגעדרייט, דער־זען קורטן.

— טפו אָף מײַנע סאָנימס קעפּ, — האָט זי אויסגעשפּיגן, — גיב נאָר א קוק, ער איז שוין דאָ... שוין דערשמעקט עפּעס... גיי... גיי פונדאַנען... גיי!.. — האָט זי זיך צעשריִען.

קורט איז בלייך געוואָרן, דערשראָקן א קוק געטאָן אָף עלקען און איז אַרויסגעלאָפן.

— וואָס האָט איר צום קינד, — האָט עלקע פאַרגעוואָרפן דער אַלטער, — אזא וווּיל איינִיקל.

— וואָס פאַר אַן איינִיקל? א צוגאָב צו די צאָרעס... א דײַטשל...

די אַלטע איז זיך מעכײַע געווען. סאָפקאָלסאָף האָט זי געפּאַקט א מענטשן, פאַר וועמען זי האָט געקאָנט אויסריידן דאָס האַרץ. זי האָט אײַלנדיק, ווי זי וואָלט מוירע האָבן, אז עלקע זאָל ניט אוועקגיין, זיך צוגעזעצט נעענטער צו איר און אָנגעהויבן גיך אויסדערציילן די גאַנצע געשיכטע מיט קורטן.

— אז זעלדע איז אליין שולדיק. לעכאַטכילע ניט געדאַרפט אים נעמען צו זיך. אז נאָר זי האָט ראַכמאָנעס... אָף וועמען איז דאָ ראַכמאָנעס צו האָבן?.. אָף א דײַטש?.. זיי, דערציילט מען, קוילען אויס יעדן ייִדן... און אז ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער אויך זײַן אזוי, ווי זיי...

זעלדע האָט אַרומגעוואַשן די קינדער, אָנגעטאָן זיי ריינע העמדעלעך. זי האָט געוואָלט אויך אַרומוואַשן און איבערטאָן קורטן, נאָר ער איז א בערויגעזער אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן אין הויף הינטער דער סקירדע. ער האָט זיך טיף פאַרגראָבן אין היי, צוגעמאַכט מיטביידע הענט די אויערן, קעדיי ניט הערן, ווי זעלדע רופט אים. זעלדע איז מיט די קינדער אַרײַן צו עלקען.

— אָט, כאַווערטע רודנער, אָט דאָס איז מײַן פאַרמעגן, — די אויגן אירע האָבן געלויכטן מיט מוטערלעכן גליק. — אָט דאָס איז שמועלקע, ער דאַרף שוין הײַנטיקס יאָר גיין אין שול, און דאָס איז עסטערקע. און די הייסט טײַבעלע... און דער מיזיניק, שאָלעמקע, שלאָפט...

האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, זײַנען די קינדער געשטאַנען איינס לעבן אַנדערן און מיט ברייט־פאַנאַנדערגעעפנטע שוואַרצע פּאַסליאָן־אויגן מיט נײַגער געקוקט אָף עלקען, וועלכע זיי האָבן געזען צום ערשטן מאָל. עלקע האָט א גלעט געטאָן איבערן קעפּל טײַבעלען, וואָס איז אינגאַנצן ענלעך געווען אָף שעפטלען.

זי האָט מיטאַמאָל זיך געכאַפּט, אז פאַר די קינדער האָט זי גאָרנישט ניט געבראַכט און זיך דערפילט ניט באַקוועם. זי האָט א רוף געטאָן זעלדען אין א זײַט און איר אָפּנהאַרציק געזאָגט וועגן דעם. עפּשער קאָן מען דאָ עפּעס קויפן. נאָר זעלדע האָט אפילע ניט געוואָלט הערן.

— מע דאַרף גאָרנישט ניט קויפן... שוין גענוג, אז איר האָט אונדז אָנגעטאָן אזא קאָוועד, כאַווערטע רודנער, און געקומען צו אונדז צוגאַסט... און פאַר די קינדער זאָרגט זיך ניט... ס'וועט פאַר זיי קלעקן...

זי האָט אַרויסגענומען פונעם אייבערשטן שופלאָד א פאַרביקע בלעכענע פּושקע מיט קאָנפעטן און געגעבן די קינדער.

— אָט האָט איר א מאַטאָנע... פון דער טיאָטיע עלקע... — האָט זי געזאָגט.

דערזען די פאַרביקע פּושקע, האָבן בא די קינדער זיך צעפינקלט די אויגן, זיי האָבן אַלע אויסגעצויגן צו איר די הענטלעך.

— אַנו, ווײַזט כאָטש דער באָבען אויך, וואָס מע האָט אײַך געבראַכט, — האָט די אַלטע זיך אָנגערופן.

נאָר די קינדער האָבן געכאַפּט די פּושקע און אַרויסגעלאָפן אין דרויסן.

— איר זאָלט ניט פאַרגעסן קורטן אויך געבן, — האָט זעלדע דורכן פענצטער זיי נאָכ־געשריִען.

— נאָך א וווּנדער, וואָס זי הייסט ניט אים אינגאַנצן אוועקגעבן, — האָט די אַלטע א ברומשע געטאָן. זי האָט קרעכצנדיק זיך אופגעהויבן און אָן אומצופרידענע אוועק צו זיך אינעם זײַטיקן צימערל.

— אַן עלטערער מענטש... מע דאַרף קיין פאַריבל ניט האָבן, — האָט זעלדע שטיל גע־זאָגט, ווען די אַלטע האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר. — איר קערט שוין אוודע וועלן עסן...

— ניין, ניין... איך וויל גאָרנישט ניט, — האָט עלקע זיך אופגעהויבן. — איך וועל זיך דורכגיין...
— איר וועט אין ערגעץ ניט גיין... איך וועל אײַך ניט לאָזן, — האָט זעלדע אויסגע־רופן, — באַלד וועט שוין שעפטל קומען... ווייסט איר וואָס?.. — זי האָט מיטאמאָל געכאַפּט דאָס טיכל, אַרופגעוואָרפן עס אפן קאָפּ, — איכל צולויפן אין סטעפּ, צו דער קוקורוזע...
— מע דאַרף ניט, — האָט עלקע זי אָנגענומען פאַר דער האַנט.
— ער ווייסט דאָך ניט, אז מיר האָבן אזא גאַסט... איך וועל איינס און צוויי...
— ניין, ניין...
זעלדע, ווי זי וואָלט דערהערט עפּעס, איז צוגעלאָפן צום פענצטער. מיטן אויסגעפּאַרענעם שטויביקן וועג האָט זיך, אונטערהוידענדיק, אַראָפּ גאַס געטראָגן אהער די בעדאַרקע, געשפּאַנט מיטן גניאַדן. זעלדע האָט נאָך פונדערווײַטן דערזען שעפּטלען.
— אָט פאָרט ער, — האָט זי אַ צופרידענע אויסגערופן, — איר וועט אים, כאָווערטע רודנער, ניט דערקענען איצט... שטאַרק כוישעך געוואָרן... באַזונדערס פאַר די לעצטע טעג... וויפל, אז איר האָט אים ניט געזען?..
— וויפל?.. אַ וואָך...
— אַ וואָך? — זעלדע האָט פאַרווונדערט אָנגעקוקט עלקען, ווי זי וואָלט ניט פאַרשטאַנען, וואָס זי רעדט.
— נו, נאָך אַ טאָג... הײַנט איז זונטיק... און ער איז געווען באַ מיר פאַראַכטאָגן שאַבעס.
— פאַראַכטאָגן? — זעלדע האָט געפּילט, ווי דאָס האַרץ איז באַ איר פאַרקילט געוואָרן.
— וואָסי... ער האָט דיר ניט דערציילט?
— פאַרוואָס עפּעס... דערציילט... פאַרשטייט זיך, דערציילט... נו, יאָ, פאַראַכטאָגן שאַבעס איז ער דאָך געווען אין הולײַפּאָליע... — און קעדיי עלקע זאָל אָף איר גאָרנישט ניט באַמערקן, האָט זי געפּרוווט אַ שמייכל טאָן. — נו, כ'ל גיין גרייטן צום טיש. איין מינוט, כאָווערטע רודנער... מירן שוין עסן מיטיק. — און אַרויסגעלאָפן אין קיך. זי האָט געפּילט אין דער מינוט, ווי אין איר האָט זיך אַלץ איבערגעקערט. „פאַראַכטאָגן שאַבעס... געווען באַ איר... דאָרט אין הולײַפּאָליע... און גאָרנישט ניט דערציילט, ניט געזאָגט אפילע, אז ער האָט זי געזען. אויסבאַהאַלטן פון מיר"...
איצט פאַרשטייט זי, פאַרוואָס ער האָט זיך אומגעקערט ניט באַנאַכט, ווי אַנדערע בריגאַדירן, נאָר אָף מאָרגן ערשט נאָך האַלבן טאָג...
דאָס איז געווען פאַר איר אינגאַנצן אומדערוואַרט, און דעריבער האָט עס אויסגעזען באַזונדערס שרעקלעך. ס'האָט זיך איר פאַרדרייט דער קאָפּ, ווי די ערד וואָלט זיך אַ וויג געטאָן אונטער אירע מיטאמאָל אָפּגעשוואַכטע פיס.
לעבן הויף האָט שעפּטל פאַרהאַלטן דעם גניאַדן, צוגעבונדן די לייצעס צום פּאַרקן. אַ פאַרזאָרגטער, האָט ער אָפּגעטרייסלט דעם שטויב פון דער אָפּגעבליאַקעוועטער קורטקע און אַ פאַרטראָגענער אַוועק צו דער שטוב.
— פאַראַן עפּעס עסן?.. אַ, זעלדע?.. — האָט ער מיד אַ פרעג געטאָן, עפענענדיק די טיר. — כ'דאַרף באַלד פאָרן צוריק... — ער האָט אָנגעהויבן פאַנאַנדערשפּיליען די קורטקע, מיטאמאָל געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער.
— עלקע?! — האָט ער פאַרווונדערט אויסגערופן. לויט זײַן אויסזען האָט מען ניט געקאָנט פאַרשטיין, צי ער האָט זיך דערפרייט, צי דערשראָקן. — אין אזא פאַגאַדע?.. — ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ניט ווייסנדיק פון אומגעריכטקייט וואָס צו טאָן, אַ טאַפּטשע געטאָן זיך אומבאַ־האָלפן אפן אָרט, זיך ווידער אַרומגעקוקט און ניט זיכער אַ דריק געטאָן עלקעס האַנט.
— ביסט ניט צופרידן, וואָס איך בין געקומען? — האָט עלקע עטוואָס פאַרלוירן געפרעגט.
— פאַרוואָס... איך האָב פּאַשעט זיך ניט געריכט... אזעלכע וואָלקנס... — האָט שעפּטל ווי זיך פאַרענטפערט. ער האָט באַמערקט, אז פאַר דער וואָך צײַט, וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען, איז עלקע אָפּגעצערט געוואָרן און זעט אויס נאָך שענער, ווי פריִער, רירנדיק־שיין, און זיך דערשראָקן פאַר ז'עם.
— און ווו איז זעלדע?.. זי האָט דיך שוין געזען? — האָט ער צעטומלט אַ פרעג געטאָן.
— זי איז ערשט אַרויס...
שעפּטל האָט געכאַפּט אַ קוק, צי איז אין צימער כאָטש צוגעקליבן.
— און איך האָב געמיינט... גיי ווייס... ס'האָט נאָך נעכטן צו נאַכט־צו שטאַרק זיך גע־כמאַרעט... געטראַכט, אז דו וועסט ניט קומען... אזא הימל אינדערפרי געווען... און ווו איז דײַן טעכטערל?

— איבערגעלאָזט.

— געדאַרפט נעמען מיט זיך.

— כ'האָב זי ניט געקאָנט נעמען, — האָט עלקע מיט א געפּאַלענער שטים געזאָגט, — זוען ביסטו, שעפּטל, דעמלט אוועקגעפאָרן פון הולייפּאַליע?..

— באַגינען...

— און וועגן דער מילכאָמע ווען האָסטו זיך דערוווסט?

— באַטאָג ערשט. שוין אין כוטאָר. זעלדע האָט מיך באַגעגנט מיט אָט דער נייַס...

ער האָט א קוק געטאָן איר גלייַך אין די אויגן, ווי ער וואָלט זאָגן: „ווען מיר זייַנען געשטאַנען מיט דיר אף דער בריק, האָבן מיר דעמלט זיך ניט געריכט אף דעם... און ס'איז דאָך געווען איינגאַנצן מיט צוויי שאָ איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבן...“

— גיי ווייס... — ער האָט ארויסגענומען א פּאַפּיראָס און פאַררייכערט, — פאַר אָט דער וואָך האָבן מיר א שיין ביסל איבערגעלעבט... און הייַנט איז ווידער ניט קיין גוטע סוואָדקע...

שעפּטל האָט פאַרזאָרגט געעפנט די טיר און א רוף געטאָן זעלדען.

„באַלד“... — האָט זיך שוואַך דערטראָגן פון קיך זעלדעס שטים.

ער האָט די טיר ניט צוגעמאַכט, געלאָזט זי אָפן. אים האָט זיך ניט געוואָלט, אז זעלדע זאָל אים טרעפן איצט מיט עלקען זאַלבעצווייט באַ א פאַרמאַכטער טיר. ער האָט ניט געוווסט, צי האָט עלקע דערציילט זעלדען, אז ער איז געווען באַ איר, און דאָס האָט אים געקימערט און ער האָט זיך געפילט דעריבער, ווי אין קלעם.

— פאַרוואָס איז אָפן די טיר? — האָט זעלדע געפרעגט, אריינגייענדיק מיט א הויכן לאַבן ברויט און מיט טעלער אין די הענט. זי האָט פאַרזיכטיק אוועקגעשטעלט די טעלער דערווייל אפן קאָמאָד, ארויסגענומען א פרישן טישטעך מיט פרענדז און גענומען גרייטן צום טיש. זי האָט זיך געסטאַרעט ניט ארויסווייַזן דאָס, וואָס עס טוט זיך באַ איר אפן האַרצן. ס'איז איר געווען א ווייטעק און א ביזויען דערצו.

— זעצט זיך, זייַט אזוי גוט, אהער, כאַווערטע רודנער, — האָט זי געוויזן עלקען אפן אויבן־אָן. — איך דערלאַנג שוין דעם באָרשטש... — און גענומען פאַנאַנדערשטעלן די טעלער.

— זעלדע... נו, ווי... דו האָסט עלקען גלייַך דערקענט? — האָט שעפּטל, צורוקנדיק דאָס בענקל, א פרעג געטאָן, פילנדיק, אז ער דאַרף איר איצט עפּעס זאָגן. — און וואָס איז באַ דיר, זעלדע, מיטן פינגער... א, זעלדע?..

איר האָט זיך ניט געוואָלט אים ענטפערן, נאָר בייַקומענדיק זיך, האָט זי אוועקגעשטעלט א טעלער אנטקעגן אים און שטיל געזאָגט:

— גאָרניט... וואָס זאָל זייַן...

— נאָר ס'טוט שוין ניט אזוי ווי, א, זעלדע?.. עפּשער, זעלדע... עפּעס העלפן דיר... — ער האָט עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד איבערגעכאַזערט איר נאָמען, ווי ער וואָלט זיך געפילט שולדיק פאַר איר.

— מע דאַרף מיר ניט העלפן... כ'ל אליין. — זי איז צוגעגאַנגען צום קאָמאָד און גענומען שנייַדן ברויט.

שעפּטל האָט פון דער זייַט געכאַפּט א קוק אף איר, ניט ווילנדיק פאַרגלייַכט זי מיט עלקען און זיך פאַרוואונדערט. זעלדע, וועלכע איז געווען אף פינף יאָר ייִנגער פון עלקען, האָט אויסגעזען עלטער פון איר.

— וואָס איז באַ דיר מיטן פינגער? — האָט עלקע א פרעג געטאָן זעלדען.

— גאָרנישט... טאָמער טוט ווי א ביסל, איז אויך אָן סאַקאָנעס... — זי האָט זיך געסטאַרעט איינהאַלטן דעם ציטער אין די הענט, צונויפגעלייגט דאָס אָנגעשניטענע ברויט אין א טעלער און ארויס אין קיך נאָכן באָרשטש.

פון דרויסן האָט זיך דערטראָגן א גערויש פון א מאַשין. עלקע האָט זיך האַסטיק אומגעקוקט צום פענצטער, און דערזעענדיק, אז ס'איז ניט די מאַשין פונעם הולייפּאָליער מילך־זאַוואָד, זיך צוריק אוועקגעזעצט.

— שעפּטל... — האָט זי מיטאַמאָל אייַליק זיך אָנגערופן, ווי זי וואָלט זיך וועלן באַנוצן מיט דער מינוט, וואָס זיי זייַנען פאַרבליבן אין צווייען, — איך וויל... איך דאַרף, שעפּטל, מיט דיר זיך דורכריידן... מיט דיר אליין... פאַרשטייסט... צוליב דעם בין איך געקומען אהער...

שעפּטל האָט באַמערקט, ווי זי האָט זיך געענדערט אין פּאָנעם, און, נאָך ניט פאַרשטייענדיק, וועגן וואָס זי וויל ריידן מיט אים, זיך פאַרלוירן.

— כ'מיין... עפּשער... אז?.. וועסט פרייִער עפּשער אָפּעסן?.. — האָט ער א זאָג געטאָן, אומקוקנדיק זיך אף דער טיר.

— ניין. איך אייַל זיך. עס קאָן באַלד קומען די מאַשין, — האָט זי זיך אופגעהויבן. — ס'איז

שוין שפּעט... איך דאַרף זיך מיט דיר דורכריידן, שעפּטל... ס'איז מיר איצט זייער שווער... — האָט זי שטיל געזאָגט. איר האָט זיך ניט געוואָלט, אַז אַפילו זעלדע זאָל וויסן וועגן איר לאַגע.

— וואָסי... ס'האָט עפּעס געטראָפן? — האָט שעפּטל דערשראָקן אַ פרעג געטאָן.

— קום אַרויס... איך בעט דיך...

שעפּטל האָט פאַרזאָרגט זיך אויפגעהויבן און מיטאַמאָל דערזען זעלדען שטיין לעבן דער שוועל מיט דעם טאָפּ זודיקן באָרשטש אין די הענט.

זי האָט, קאָנטיק, אַלץ געהערט.

שעפּטל האָט אין פאַרלעגנהייט זיך אומגעקוקט אויף איר און נאָכדעם אויף עלקען און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן.

— מירן באַלד אַרײַן, זעלדע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן און מיט אַ ניט רויִק האַרץ אַרויס נאָך עלקען אין הויף.

לעבן דער פריזבע איז ער געבליבן שטיין, אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס און פאַררייכערט.

— קום אַהין, — האָט עלקע אַ ווײַז געטאָן צום גאָרטן.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין. עלקע האָט געשוויגן, שעפּטל אויך. ער האָט געוואַרט, זי זאָל אָנהייבן ריידן.

זיי זײַנען שוין אַרויס פונעם הויף, געגאַנגען איבער דעם גאָרטן, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום סטאַוואָק, און נאָך אַלץ געשוויגן.

— מע דאַרף שוין אַראָפּנעמען דאָס ברויט, — האָט שעפּטל הייזעריק, ניט מיט זײַן קאָל געזאָגט, — עס כמאַרעט ווידער... זעסט, וואָס עס טוט זיך...

עלקע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום הימל. גאָרנישט ניט געזאָגט. זי האָט אַליין ניט געוווּסט, וואָס עס קומט פאַר מיט איר. אַז זי איז געפאָרן אַהער, האָט זיך איר געדוכט, אַז עס וועט איר ווערן גרינגער, ווען זי וועט זיך אויסריידן פאַר אים. און אָט איז זי אין כוטאָר, ער גייט לעבן איר, און זי ווייסט ניט, פון וואָס אָנצוהייבן... און וואָס וועט זײַן, אייגנטלעך, אַז זי וועט אים שוין יאָ דערציילן... מיט וואָס קאָן ער איר העלפן?..

זיי זײַנען אומבאַמערקט פאַר זיך אַרײַן אין דער הויכער פריש־שמעקנדיקער קוקורוזע. עלקע, אַ שלאַנקע, אין דעם ווײַסן קאָפּטל מיטן לײַכטן טיכל אויף די ווייכע בלאָנדע האָר, איז געבליבן שטיין און טיף אײַנגעאָטעמט דאָס פרישע גערוך פון דער ערד. עלקע האָט אָפּגעריסן אַ קוקורוזע־בלאַט און זיך געלאָזט ווײַטער גיין. שעפּטל איז אַוועק נאָך איר. איר שווײַגן האָט געדריקט. ער האָט שוין געוואָלט וויסן, וואָס איז געשען מיט איר.

ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגן, האָט ער זי געפרעגט:

— ווו שטייט די בריטשקע?

— וועלכע בריטשקע?

ניט ווײַט פון דער קוקורוזע, אונטן, האָט זיך געפליסקעט דער טונקל־בלויער סטאַוואָק און ס'האָט זיך קוים־קוים געוויגט דער הויכער אָטשערעט.

— האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו וועסט קומען אויף דער בריטשקע פון „זאַגאָטזערנאָ”...

עלקע האָט זיך אויסגעדרייט צו אים, אַ קוק געטאָן אים גלײַך אין די אויגן און שטיל געזאָגט:

— איך אַרבעט שוין דאָרט ניט... שוין אַ וואָך, ווי איך אַרבעט אינערגעץ ניט...

— וואָס הייסט?.. — האָט ער זי פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט. — ס'איז עפּעס געשען?

— געשען... — זי האָט פאַרביסן די ליפּ. — מע האָט מיך... מע האָט מיך אַרויסגערופן אין נקווד... וועגן אַלעקסייען... אוי, שעפּטל...

זי איז אומגעריכט פאַר אים מיטאַמאָל צוגעפאַלן מיטן קאָפּ צו זײַן ברוסט און זיך צעוויינט.

מ ו י ש ע  ט י י ף

# א געזאנג צו דיר, עסטערל...

1

א געזאנג צו דיר, עסטערל, א געזאנג!
א געזונט צו דיר, עסטערל, א געזונט!
און א דאנק דיר, עסטערל, א דאנק,
וואס דו'סט צוגעלייגט דיין הארץ צו מיין
וווּנד —

מיין ליד זאָל אופשטיין געזונט,
רויטבעקלדיק, פריש און יונג.

אפגיף!
קום זיך קושן, מיין קינד,
וויל ס'נעמט שוין ברענען מיין צונג,
פון גראם דער ביטערער סאם.
אוי, עסטערל, כ'האָב זיך פארשעמט,
וויל זוכן פאר דיר א גראם
איז כילעל-האשעם!

2

אין די אָוונטיקע סעדער
זומער בענקען די גיטאַרעס,
אף די הויכע טאָפּאָל-קרוינען —
פון א ווינטל א געריש
טרייסלט צווייגן, וועקט די בלעטער:
כאפט זיך אוף א ווילע, גיכער!
טוט א קוק, וואס טוט זיך אונטן, —
דיזן-דאזן-דאָס-און-יענץ...
בעטן זיך די בלעטער, בעטן:
אוי, דו, ווינטל, אזעספּאָנעם,
לאָז אונדז הערן, וואס זיי ריידן,
שוויג א ווילע, שוויג!

נאָר דאס ווינטעלע דער אקשן
טוט א כאפ די הייסע קושן,

טוט א ברי מיט זיי די צווייגן,
יעדעס בלעטל אפן בוים.
וויגן זיך די צווייגן, וויגן,
שושקען זיך די בלעטער, שושקען:
אך, ווי גוט, ווי גוט — א כיעס!
אוי, דו ווינטל, דו, הולטיי!
נאָר געַנוג, געַנוג, געַנוג שוין,
לאָז אונדז הערן, וואס זיי ריידן.

נאָר עס הערט זיך: עסטער... עסטער...
און עס בענקען די גיטאַרעס
אין די אָוונטיקע סעדער.
אף די הויכע טאָפּאָל-קרוינען —
פון א ווינטל א געריש...

3

מע טאָר ניט פארגעסן!
מע טאָר ניט פארגעסן
אף מאָרגן באטאָג,
אף די רוישיקע גאסן,
וואָס דו האָסט געפליסטערט
באנאכט און געטיינעט,
ווען רויִק און זאַט
האָט די פלאמיקע טייווע

שוין מער ניט געכוואליעט
אין אונדזערע ריפּן...
און דו האָסט געפליסטערט
מיט גלי-הייסע ליפּן
אָט דאָס, וואָס עס קלינגט מיר
אין אויער אף גאסן:
„מע טאָר ניט פארגעסן...“
„מע טאָר ניט פארגעסן...“

4

ניין, ניט מיט אויגן שעלמיש-שמייכיקע
פון שיינע מיידלעך ווינט-אין-פעלדיקע,
א פוס אף פיסעלע, א סיגארעט אין מויל.
נאָר שטיל, פּונקט ווי אמאָל, אמאָל

דיין באָבעשי באם ליכטבענטשן,
ניין, ניט דו דאַוונסט, דו פארקישעפסט מיך:
דיין ברויט ווערט האָניק-לעקעכדיק,
א גלאָז מיט וואסער — כּיעסדיקער ווין.

5

איך דערקען דיינע טריט,
איך דערקען שוין,
איך הער ווי זיי איילן צו מיר

צווישן טויזנטער מענטשן.
איך דערקען דיינע טריט!
יאָ, זיי קלאפּן אין הארצן, זיי גליִען!

און איך זינג דיר א ליד,
ווי אמאָל,
ווי אין די אינדערפריִען.
יאָ, יאָ, ס'איז אזוי!

און געקאָסט האָט עס — ווי מיר! — ניט ביליק,
איך דערקען דײַנע טריט,
איך דערקען דײַנע טריט —
די טריט פון מײַן פרילינג...

6

גיכער, עסטערל, גיכער,
לאָמיר אײַלן צום רויטן פלאַץ...
עס רופט אונדז געלאסן און צאַרט
דער גלאָק פון געליבטע —
די האלבע נאַכט.
שטעל אָפּ די וואַך, וואָס שפּאַנט
מיט ביקס פאַרקאָוועט אין האַנט,
ווײַל הײַנט איז דאָך אונדזער ריי
זיך שטעלן לעם מאַוזאָליי.
איך און דו זאלבעצווייט —
אָן ביקסן! אין האַנט — א קוויט.
גיכער, עסטערל, גיכער,
לאָמיר אײַלן צום רויטן פלאַץ.

7

שלאָפט, פאַרליבטע, שלאָפט...
עס זינגען א ליד אײַך די שטערן,
און יענער זאל ווערן באַשטראָפט,
וואָס וויל אײַער ליבע צעשטערן.

שלאָפט, פאַרליבטע, שלאָפט,
מיט הייליקן פײַער דערוואַרעמט,
נאָר ווייסט: אומגעריכט גאָר און אָפט
ווערט ליבע געפּרוווט דורך געפאַרן.

שלאָפט, פאַרליבטע, שלאָפט,
שלאָפט גליקלעך, ווי קינדער פאַרוויגטע,
ווער ס'שטערט אײַך, זאָל ווערן באַשטראָפט
אין נאָמען פון אלע געליבטע.

8

מאָרגן ווערט גרעסער דער טאָג!
מאָרגן ווערט קלענער די נאַכט!
לאָמיר אופשטיין, געליבטע, פאַרטאָג,
זען, ווי זון נעמט אריבער די מאַכט, —
אָן בלוט, אָן רעציכע, געשלעג,
נאָר שטיל, צווישן וואָלקנדלעך האַפט,
זון רייניקט אין הימל א וועג
און ברעכט מיט איר בלענדיקער קראַפט
פון שאָטנס אקשאָנים דעם צאַם.
אזוי איז פון לאַנג שוין באַשערט,
אז ווערן זאָל פרײַ און געראם
פאַר מענטשן די מאַמעניו־ערד.
געשען וועט עס מאָרגן פאַרטאָג,
ווען צו זון וועט אריבער די מאַכט,
און גרעסער וועט ווערן דער טאָג,
און קלענער וועט ווערן די נאַכט.

9

באַגינען, עסטערל, באַגינען
דײַנע ליפּן, דוכט זיך, בליִען,
עטוואָס אָפן ווי א קווייטל,
וואָס פאַרשלעפּערט יעדן ווייטעק.
כאַפּט זיך אוף מײַן ליד א פּעסטע,
עפּנט האַסטיק אוף דאָס פענצטער,
בעט די וואָלקנס — ניט פאַרגינער:
מאַכט ניט פינצטער מײַן באַגינען!

10

שטיי אוף, עסטערל, שטיי אוף,
הער דעם פויגלס פרי־זוניקע אריע —
זי וועקט צו דער ארבעט און רופט
דיך, קינד פון פּראָלעטאַריער.
ניין, ניט קיין נעגידיש טעכטערל,
קיין פאַרצעלײַענע פּאווע,
וואָס מע טראָגט איר צום בעט א זיס טערטעלע
מיט א גלאָז דופטיקער קאַווע.
ניין, הייליקע הענט באַלמעלאָכישע,
ווי אמאָל די נעוויִים פאַסטעכער,
בענטשן דיך, מײַן טײַערע,
ערלעכע האָרעפּאַשניצע.

11

דעמלט, עסטערל, דעמלט...
וואָס איז געווען דעמלט?
ס'איז דעמלט געוועזן א שײַטער,
די וועלט האָט געשריִען פון שײַטער.
א שלאַנקע בלאָנדהאַריקע בעסטיע,
די אריער־ריינע, די „בעסטע",
האָט נאַקעטע יידישע מיידלעך
מיט שטעקנס געטריבן צום שײַטער.

נאָר ס'האָט געדונערט מײַן דיוויזיע
מיט סנאריאדן, ווי דעוויזן:
„שיין טאכאס שיין! אין טאכאס אין!"[1]
און ערגעץ, פּאַרטוליעט אין וואָלקנס,
געקלאָגט האָט דער נאָווי יעשײַע...
דעמלט, עסטערל, דעמלט,

מיר האָט זיך געכאָלעמט א כאָלעם,
ווי כ'זע אין א כאָלעם א כאָלעם,
אז דו, צי ניט דו — אף דיר ענלעך, —
דו קושסט מיך און טרייסט: ביסט ניט עלנט!
יאָ, אלץ, וואָס געווען איז מיר טײַער,
האָט דעמלט פארשלונגען דאָס פײַער.

12

כ'האָב מוירע, עסטערל, כ'האָב מוירע...
ניין, לאָמיר זיך בעסער ניט קושן,
ניין, לאָמיר זיך בעסער ניט שווערן,
נאָר היטן פון פלעק דאָס געוויסן,

ווײַל ווי איך דערמאָן זיך, ווערט שווער מיר...
אוי, עסטערל!
עס האָט שוין מיך איינמאָל צעביסן
די ליבע־שלאנג פון מײַן מאמעס א מײַסעלע...

13

אָ, צויבער־קעסטעלע פון העלפאנדביין!
מײַן מאמעס מײַסעלע פון קינדער־יאָרן,
ס'האָט א באסמאלקע מאָלע־כיין
דאָס קעסטעלע פארלאָרן.

(אין שטוב איז שטיל, אין אויוון ברענט.
אין גאס — א שניי פאלט א געדיכטער,
די מאמע פירט מיך פאר די הענט
אָף ערשטע טרעפּעלעך פון דיכטונג...)

...א קויל־קוירע קלינגט אין ווײַטסטער ווײַט:
ווער עס וועט דאָס קעסטעלע געפינען,
די באסמאלקע נעמט ער פאר א ווײַב
מיט א נאדן — העלפט פון דער מעדינע!

טרײַבט א פאסטעכל אהיים די שאָף,
מיט דעם בײַטשל קנאקט,
מע זאָל אים פאָלגן,

זעט ער בא דער סאזשלקע, לעם דאָרף,
שפּיגלט זיך א קעסטעלע זון־גאָלדיק.

„אוי, דער מאלקעס קעסטעלע! געוויס!"
לויפט ער צו און עפנט האסטיק,
שפּרינגט א שלאנג ארויס און טוט א ביס!
וויי צום פאסטעכל... א קעסטעלע — א פאסטקע!

און די שעפעלעך, זיי לאכן פון דער ווײַט,
דרייען מיט די עקעלעך די דינע:
האָסט געוואָלט דאָך די באסמאלקע פאר א ווײַב
מיט א נאדן — העלפט פון דער מעדינע!

...איצטער טרעפט, איך פרעג בא זיך אליין, —
וואָס האָסטו געפונען? וואָס פארלאָרן?
דערמאָן איך זיך דאָס קעסטעלע פון
העלפאנדביין,
מײַן מאמעס מײַסעלע פון קינדער־יאָרן...

14

די ליבע האָט געציילטע ווערטער,
די סינע האָט זיי אָן א צאָל,
געציילטע ווערטער — לאנג פארווערטע,
ניין, ניט דערמאָן זיי אָפן קאָל.

די ליבע האָט איר שווארצן שאָטן,
וואָס טרעט ניט אָפּ און גייט פוסטריט,

און גראָדע אים איז אָפט געראָטן
צו לעבן לאנג, דער ליבע — ניט.

אזוי, די גאנצע צײַט דערנעבן,
און נייטיק פונקט, ווי לופט און ברויט,
עס גייט די ליבע און דאָס לעבן
און ביידע ראנגלען זיך מיט טויט.

15

טרינק, ווי ווײַן, די ליבע, אָבער רויק, לאנגזאם,
וועט זי דעמלט דיר א פרײַנט אף לאנג זײַן.

ניין, ניט שלינג זי! ס'איז א הייסער ביסן!
האָב געדולד! זאָל אָפּקילן! פארזוך צוביסלעך.

„ווײַל דאָס בעסטע מיטל — ווייסטו וועלכער? —
אז די ליבע זאָל פון היץ ניט פּלאצן! — אײַז א פענכער!"

אָט אזוי פלעגט מיך, דעם אכצניאָריקן, דעם קונדעס,
זי, די גוטע מאמע, היילן מײַנע וווּנדן.

אוי, איר אכצניאָריקע! איר וועט לאכן פון מיר, שפּעטן, —
קומסט צום סייכל, ווען ס'איז שפּעטלעך...

---

1 — א צאָן פאר א צאָן! אן אויג פאר אן אויג!

ראַכל בוימוואָל

# מײַסעלעך פאַר דערוואַקסענע

## אַנשטאָט אַן אַרײַנפיר

אָט שרײַב איך מײַסעלעך. איך שרײַב זיי, פּונקט ווי מײַנע לידער, סײַ אין ייִדיש און סײַ אין רוסיש. אָפּטמאָל זעץ איך זיי אַליין איבער — די ייִדישע אף רוסיש, און די רוסישע — אף ייִדיש. איבערזעצנדיק ענדער איך זיי: איך נעם אַראָפּ, איך גיב צו, איך פאַרבײַט... מיט איין וואָרט, איך האָב ניט קיין שום רעספּעקט פאַר דעם מעכאַבער. טאָמער געפעלט אים ניט, איז האָט ער די ברייִרע... אָבער — איר וועט דאָך לאַכן — אים געפעלט גראָד! האַלעווײַ געפעלט עס אַזוי די לייענער...

עס טרעפט בא מיר, אַז אַן איבערגעזעצט מײַסעלע הייבט אָן קלינגען אין דער איבערזעצונג בעסער אײדער אין אָריגינאַל, — עס געווינט גראָד אף דער שפּראַך, אף וועלכער איך האָב עס איבערגעדיכטעט! יאָ, טאַקע איבערגעדיכטעט, ווײַל קיין איבערזעצונג אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט איז עס ניט און קאָן נייטיק זײַן. נאָר אויב אַזוי, זאָגט מיר, וואָס איז עס? און אין וועלכער שפּראַך שרײַב איך? — קלאָר, אַז אין צוויי שפּראַכן, דאָס איז געוואָרן בא מיר אַ באַדערפעניש. אַזוינע זאַכן טרעפן זיך. באַזונדערס אין די צײַטן, הגם עס ווערן אַלץ ברייטער די אידייען פון אינטערנאַציאָנאַליזם. דער איקער איז — קענען ביידע שפּראַכן אַזוי, אַז איינע זאָל ניט שטערן דער צווייטער.

איז אָט, פאַר מײַן ייִדיש האָב איך, באַרעכהאַשעם, קיין מוירע ניט. מײַן טאַטע יעהודע־לייב בוימוואָל האָט מיך פון וויגל אָן באַזאָרגט מיט דעם אף מײַן גאַנצן לעבן. און רוסיש? — דאָ האָט וואָס צו זאָגן כּמעט היימלאַנד, וואָס זינט איך קען עס, איז עס סאָוועטן־לאַנד, און זינט ס׳איז סאָוועטן־לאַנד, ווױן איך אידן מאָסקווע. אַ לעבן אַז איך געניס פון ייִדיש און פון רוסיש, ווי אַ קינד פון ביידע בריסט בא דער מאַמעס פּעלט אויס מילך אין איין ברוסט, זויגט דאָס קינד פון דער אַנדערער — אַבי עס זויגט.

אַזויאַרום האָב איך פאַר דיר, מײַן ליבער לייענער, אַראָפּגערעדט פונעם האַרצן. עפשער וואָלט עס כּדאַי נאָך אַזוי גיך ניט געקומען אפן זינען צו טאָן, האָבן מיר דערצו געשטויסן אייניקע פאַלן, ווען מע פּרוּווט מיך „צוריק איבערזעצן" אף רוסיש אָדער אף ייִדיש. דאָס האָט מיך געצוווּנגען אָנשרײַבן די דאָזיקע האַקדאָמע.

---

## דאָס צוקער-שמייכעלע

בא איינעם אַ מענטשן איז געווען זײַן אייגנס אַ צוקער־שמייכעלע. וואָס קאָן עס אויסמאַכן? איז עס אָבער ניט אַזוי פּאַשעט: מע טאָר זיך ניט וואַשן. אונטערפאַלן אונטער אַ רעגן איז אויך אַ געפאַר. באַזונדערס דאַרף מען זיך היטן פאַר טרערן: וועסט קוקן אף יענעמס טרערן, קאָנען נאָך כאָלילע בא דיר אַליין טרערן זיך אַ גאַס טאָן — און גלײַך אפן שמייכעלע. קאָן עס נאָך צעגיין!

— נו, מיילע, זאָל עס צעגיין, — וועט איר זאָגן.

אָבער אייניקע האַלטן, אַז אָן אַ צוקער־שמייכעלע וועלן זיי ניט דורכלעבן.



## ווען עס איז געשטאָרבן דער גרויסער מענטש

ווען עס איז געשטאָרבן דער גרויסער מענטש, האָט יעדערער געמאָלדן זיך פאַר זײַנעם אַ בעסטן פרײַנט. יעדערער האָט דערציילט מײַסעס וועגן דעם, ווי דער פאַרשטאָרבענער האָט אים ליב געהאַט, שטענדיק געלויבט און געהאַלטן פון אים אַ וועלט. און נאָר זײַן עמעסער פרײַנט האָט דאָס אַלץ געהערט און געשוויגן.

— און איר, פאַרוואָס שווײַגט איר? — האָט אים עמעץ אַ פרעג געטאָן. — ער האָט, דוכט זיך, געהאַלטן פון אײַך?

דער פרײַנט פונעם פאַרשטאָרבענעם האָט זיך אַרומגעקוקט און, אומגעריכט פאַר זיך אַליין, אַ זאָג געטאָן:

— מיך... מיך האָט ער ניט ליב געהאַט...

געזאָגט, און מיטאָמאָל דערפילט זיך לײַכטער, וואָס ער איז ניט מיט אָט די אַלע.

## האלב וואָלף—האלב שאָף

געלעבט האָט אַף דער וועלט האלב וואָלף—האלב שאָף. געשנאָרעט ווי א וואָלף און געבעקעט ווי א שאָף. ער פלעגט זיך פארקלײַבן אין די קוסטעס אזוי, אז בלויז דער שאָפענער הינטן זאָל ארויסשטעקן, און אָפוואַרטן די שאָפענע סטאַדע. ווי נאָר די סטאַדע פלעגט זיך צונויפ־קומען, פלעגט ער, פארגראָבנדיק די וואָלפישע מאָרדע צווישן די בלעטער, נעמען וויינען אַף זײַן ביטערן מאזל: אומגליקלעך בין איך! אוי, די וועלף די בלוטזויגער, איך קאָן זיי ניט געדאכטן! ראק זיי פלײַסן זיך א ביס טאָן מיר אין הינטן...

קוקן די שאָף אַף זײַן צעביסענעם הינטן און הערן אים מיט גרויס ראַכמאָנעס.

און דאָ מיצקע־דרינען — וועלף! זיי ווארפן זיך אַף די שעפעלעך, און האלב וואָלף—האלב שאָף צוזאַמען מיט די וועלף! ער פארצוקט א פעטע שאָף און — טייקעף אין די קוסטעס. דאָרטן נעמט ער זיך איבעראַנײַס באקלאָגן אַף זײַן מאזל: „אוי, די וועלפישע געזעצן! איך קאָן זיי ניט פארטראָגן...“

און די שאָף גליִיבן אים. ווײַל — די, וואָס האָבן זיך געלאָזט לויפן פון די וועלף, האָבן ניט געזען, וואָס עס האָט געטאָן אין יענער צײַט האלב וואָלף—האלב שאָף. און דאָס שעפעלע, וואָס ער האָט פארצוקט, האָט יאָ געזען, נאָר עס איז שוין אַף דער וועלט ניטאָ...



## אייזלשער פעסימיזם

— אלע טײַנען, אז איך בין בלינד, — האָט געזאָגט דער מוילוואָרף צום אייזל מיט א זיפץ.

— דעם עמעס גערעדט, האָסטו גאָרנישט ניט אָנגעוואָרן, — האָט געענטפערט דער אייזל. — לויט מײַן סייכל, איז אייגנטלעך ניטאָ אַף וואָס צו קוקן.



## ג״י רײד מיט ז״י!

צווישן די כײַעס האָט זיך פארשפרייט א קלאַנג, קלומערשט דער לייב איז גאָר קיין לייב ניט!

— דאָס קאָן ניט זײַן, — האָט א טייל געטײַנעט, — ווער נאָך קאָן דען זײַן א לייב, אויב ניט דער לייב? און ביכלאל — ער איז דאָך אַן אויסגעשפראָכענער לייב!

א צווייטער טייל איז ניט מאַסקים געווען:

— אַן אויסגעשפראָכענער לייב, זאָגט איר? — איר האָט ווען־עס־איז געזען דען א לייב?

— אוודע געזען! אונדזער לייב!



## קיין אנדער שפּראַך קאָן ניט זײַן

דער לייב האָט געזאָגט:

— דער קייסער פון די כײַעס באַדאַרף וויסן, אַף וואָסער שפּראַך רעדט די מינדסטע באַ־שעפעניש אין וואַלד. וואָס פאר א קלאַנג, צום בײַשפּיל, ברענגט ארויס א פליגעלע? זאָל מען מיר נאָך הײַנט אין אָוונט מיטיילן וועגן דעם!

איז אוועק דער בער מיטן לייבס באפעל צום וואָלף, דער וואָלף צו דער פראָש, און די פראָש צום פליגעלע.

— וואָס פאר א קלאַנג ברענגסטו ארויס, פליגעלע? אליין דער לייב פרעגט זיך נאָך, — האָט געזאָגט די פראָש.

— זזז... — האָט דין גענומען זומען דאָס פליגעלע.

— נו, וואָס פאר א קלאַנג ברענגט ארויס דאָס פליגעלע? — האָט געפרעגט דער וואָלף בא דער פראָש.

— קווא־קווא־קווא, — האָט געענטפערט די פראָש.

— וויאַזוי רעדט דאָס פליגעלע? — האָט געפרעגט דער בער דעם וואָלף.

— או־ו־ר־ו, — אָט וויאַזוי רעדט עס, — האָט גענומען הוילן דער וואָלף.

איז אוועק דער בער צום לייב. אַף דער שוועל פון הייל האָט אים באַגעגנט די לייביכע.

— דער לייב טוט איצט רוען. וואָס זאָל איך אים איבערגעבן?

— גיט, זײַט אַזוי גוט, איבער, — האָט דער בער געזאָגט, — אַז איך האָב אויסגעפּילט דעם באַפעל, איך האָב זיך דערוווּסט, וואָס פאַר אַ קלאַנג עס ברענגט אַרויס דאָס פליגעלע: — בו־בו־בו — און דער בער האָט גענומען רעווען.

איז געקומען די לײַביכע צום לייב און האָט געזאָגט:

— עס איז געווען דאָ מיכײַלאָ פּאָטאַפּיטש און געבעטן איבערגעבן, אַז פליגעלעך ריידן אָט ווי־אַזוי: ררררר, — און די לײַביכע האָט זיך צעריטשעט.

— זעסטו שוין, מײַן טײַערע, — האָט זיך דערפרייט דער לייב, — די סאַמע קלענסטע באַ־שעפעניש אין וואַלד ריידן אויף מײַן שפּראַך, ווײַל קיין שום אַנדער שפּראַך איז ניטאָ און קען ניט זײַן, אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן!

און דער לייב האָט זיך איבערגעקערט אויף דער אַנדערער זײַט און גענומען כראָפּען.



# דער ווידערקאָל

ער וווינט אין די בערג, אין די וועלדער, ער באַהאַלט זיך אויס אין די היילן, ער שעמט זיך פאַר מענטשן, ווײַל ער קען גאָרנישט צוטראַכטן און כאַזערט בלויז איבער אַ פרעמד קאָל.



# אַ האַלבער עמעס

די קראַנקע פעלדמויז האָט אָנגעדראַפּעט אויף אַ שטיקל קאָרע אַ בריוול און געשיקט אים מיטן ווינט. אין דעם בריוול האָט זי געבעטן איר פרײַנט דעם האָז: „ברענג מיר, זײַ אַזוי גוט, עפּעס עסן. דו האָסט אַ וואַרעם גרוי פוטערל, און איך בין קראַנק און גיי איבערגעגען ניט אַרויס״.

דער האָז האָט געשיקט אַן ענטפער: „איך קען דיר ניט ברענגען קיין עסן, — איך האָב מער ניט מײַן גרוי פוטערל״.

— אַ ראַכמאָנעס אויף אים, — האָט די מויז גענומען באַדויערן דעם האָז, — ווי קומט ער אויס אָן זײַן פוטערל אין אַזאַ קעלט!

זי האָט ניט געוווּסט, אַז דער האָז האָט איר אָנגעשריבן בלויז אַ האַלבן עמעס: דאָס גרויע פוטערל איז שוין טאַקע ניט געווען אויף אים, אָבער אַ פוטער האָט ער געהאַט — אַ ווײַסן, ווײַל ס'איז געוואָרן ווינטער.



# דער טכויר און דער שטעכלער

— שטעכן זיך? פע! דאָס איז ניט עטיש, — האָט געזאָגט דער טכויר צום שטעכלער.

ער, פאַרזעענלעך, האָט געהאַלטן פון אַן אַנדער מעטאָדע.



# אַ געפערלעכער ליגן

דער וואָלף האָט געזאָגט: „איצט איז טאָג״. נאָר קיינער האָט אים ניט געגלייבט. אַלע האָבן געזען, אַז עס איז נאַכט.

— דער וואָלף איז גערעכט, — האָט געזאָגט דער פוקס, — ס'איז איצט טאַקע טאָג, און פינצטער איז דערפאַר, ווײַל עס איז גראָד ליקעכאַמע.

און דאָס איז געווען אַ געפערלעכער ליגן, ווײַל ער איז זייער ענלעך געווען אויף אַן עמעס.



# אויף דער שפּראַך פון וואַסער

אַ ייִנגעלע האָט אַרײַנגעוואָרפן אַ שטיינדל אין טײַך. נאָר דאָס שטיינדל האָט ניט געקענט שווימען. האָט עס געזאָגט צום וואַסער, וואָס האָט עס אַרומגערינגלט:

— וואַסער, גיב צו וויסן דעם ייִנגעלע, אַז איך טרינק זיך!

האָט דאָס וואַסער געמאַכט אַ קרײַז אַרום דעם שטיינדל, נאָר אַזאַ קליינעם, אַז דאָס ייִנגעלע, וואָס איז געשטאַנען אויפן ברעג, האָט אים ניט באַמערקט. דערפאַר אָבער האָט אים באַמערקט דאָס

וואסער, וואָס איז געווען נאָענט צום קרײַז, און האָט געמאַכט נאָך א קרײַז — א גרעסערן, נאָר אויך ניט זייער קיין גרויסן. דאָ האָט דערזען דעם דאָזיקן אליארעם־צייכן יענץ וואסער, וואָס איז געווען ארום דעם צווייטן קרײַז, און האָט געמאַכט א דריטן קרײַז — נאָך א ברייטערן פונעם צווייטן.

און אזוי — איין קרײַז נאָכן אנדערן, אלץ גרעסער און ברייטער, ביז די יעדיִע איז דער־גאנגען צום ברעג, צו די באָרוועסע פיס פון דעם ייִנגעלע, וואָס האָט געוואָרפן דאָס שטיינדל. נאָר ווען דער סאמע גרעסטער קרײַז האָט גענומען וויגן זיך אף דער וואסער־פלאך, איז דאָס שטיינדל שוין לאנג געלעגן אפן דעק. און דאָס ייִנגעלע וואָלט סײַוויסײַ ניט פארשטאַנען די שפּראַך פונעם וואסער.



# נאָכן רעגן

די זון האָט גענומען סילעווען אף אירע שטראַלן די רעגן־טראָפּנס — איר האָט זיך פאר־וואָלט מאכן קאַרעלן פונעם רעגן, נאָר די טראָפּנס זײַנען זיך אלע, ווי איינער, געפאלן אף דער ערד.

דעמלט האָט די זון געזאָגט:

— איך וועל זיך באגיין אָן קאַרעלן. איך האָב סטענגעס...

און זי האָט צעוויקלט איבער דער ערד א רעגנבויגן.



# נאָך א קאַפּעלע

— טרינק אויס ביזן סאָף.

— איך וויל מער ניט.

— נו, נאָך א קאַפּעלע, — בעט די מאמע, נאָר דאָס מיידעלע איז שוין אוועק פון טיש.

— מאמע, איך וועל גיין שפּאַצירן.

— טרינק אויס דאָס ביסעלע מילך, ווּעסטו גיין, — זאָגט די מאמע, נאָר דאָס מיידעלע וויל בעשום־אויפן ניט.

זי גייט ארויס אין גאָרטן, און דאָרט איז אזוי שיין, דער זומער־רעגן האָט נאָרוואָס אופ־געהערט און די זון האָט זיך העל צעשײַנט, אלץ ארום לויכט. עס האָט זיך צעלאָזן דער בעז און שמעקט אזוי געשמאַק.

נאָר וואָס איז דאָס: קאַפּ, קאַפּ, קאַפּ?!

דאָס רינען אראָפּ רעגן־טראָפּנס פון בלעטל אף בלעטל.

און דעם מיידעלע דוכט זיך, אז זי הערט, ווי איין בלעטל זאָגט צום אנדערן: נאָך איין קאַפּעלע, נאָך איין טראָפּעלע!

די בלעטער פויען איינע די אנדערע, און קיינער זאָגט זיך ניט אָפּ, אלע טרינקען. טשי־קאווע! די בלעטער, וואָס וואקסן העכער, פויען די אונטערשטע בלעטלעך. דאָס זײַנען מיסטאמע מאמעס און קינדער.

דאָס מיידעלע לויפט ארום און ארום די קוסטעס, אין איין אָטעם כאַפּט זי זיך ארוף אפן גאנעק און — גלײַך צו דער מאמען.

— מאמע, גיב, כ׳וועל אויסטרינקען דאָס קאַפּעלע!

— אָט א כאַכאָמע, — זאָגט די מאמע, — זיך דורכגעשפּאַצירט און א טרונק פארוואָלט.



# אָן א קאָפּ

אין וואַלד האָט זיך באוויזן עפּעס א מאָדנע כײַע: פיס זײַנען בא איר פאראן, א וויידל איז פאראן, און קיין קאָפּ איז ניטאָ!

חי עס זאָל ניט זײַן, נאָר א קאָפּ איז יעדערן נייטיק. זאָל זײַן, די גרייס פון א שפּילקע־קעפּל, נאָר פאַרט א קאָפּ. און די דאָזיקע באשעפעניש האָט אינגאַנצן קיין קאָפּ ניט!

אָט וואָס עס האָבן געטראַכט די וואַלד־אײַנוווינער וועגן דעם זשיראַף, בא וועמען דער קאָפּ איז געווען אזוי הויך אופגעהויבן, אז זיי האָבן אים פון אונטן ניט געקאָנט זען.

# באַרוועסרהייט

איינער א פּיקהאָלץ האָט געעפּנט אין א לאָך פון אן אלטער סאָסנע א שוסטער־וואַרשטאַט. פאַר אלע כּייִעס נייט ער שיך פון קאָרע.

און אָט איז דער גאַנצער וואַלד באַשוכט געוואָרן. אפילו דער האָז האָט זיך שטיוועלעך באַשטעלט. מע וואָלט געקאָנט גאָר שיין א לעב טאָן. נאָר — אָט א צאָרע! קיין שפּור פון טריט איז מער ניט צו דערקענען, — קיין ריידך, קיין סימען פון א לאַפּקע. איין כּייִעלע קאָן דאָס צווייטע ניט אָפּזוכן.

— ניין, שוין גלײַכער באַרוועסרהייט.



# א פריינט אין קאָשעק

אין אָוונט, ווען מע האָט צוגעמאַכט דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן, האָט דער שוואַן געזאָגט:

— איר האָט געזען, ווי מענטשן האָבן פון מיר ניט געקאָנט די אויגן אָפּרײַסן? דאָס איז דערפאַר, ווײַל איך בין ווײַס. דער ווײַסער קאָליר איז דער ריינסטער, דער יאָמטעוודיקסטער. אין ווײַסן טוט מען אָן קינדער, אין ווײַסן קליידן זיך יונגע פרויען, גרויסע קאָמאַנדירן פאָרן אַרויס אף ווײַסע פערד.

— יאָ, דער ווײַסער קאָליר איז טאַקע דער שענסטער, — זײַנען מיט אים מאַסקים געווען דער ווײַסער קראָליק און דער ווײַסער פּאָני.

— אָבער דער ווײַסער קאָליר איז ניט קיין פּראַקטישער, — האָט געזאָגט דער גרויער העלפאַנד. — גרוי, זעסטו, דאָס איז גאָר אן אַנדער זאַך. דאָס איז א קאָליר א סאָלידער, אן אַנגענעמער און גלײַכצײַטיק וואַרפט ער זיך ניט אין די אויגן.

— איר זײַט גערעכט, הער העלפאַנד, — האָט געזאָגט דאָס גרויע אייזעלע, — דער בעסטער קאָליר איז, פאַרשטייט זיך, דער גרויער.

— ניין, דער געלער! — האָט געזאָגט דער וועוורק.

עס איז אוועק א קריגערײַ.

בלויז די זעברע איז עלנט געשטאַנען אין א זײַט הינטערן צאַם און האָט געשוויגן. נאָר סאָפּקאָלסאָף האָט זי אויך ניט אויסגעהאַלטן.

— דאָס בעסטע איז... זײַן געשטרײַפט, — האָט זי געזאָגט.

קיינער איז מיט דער זעברע ניט מאַסקים געווען, עפּעס א נאַכט־פויגל האָט זיך אפילו צעלאַכט.

— מיט וואָס וועסטו דאָס דערווײַזן? — האָט א פרעג געטאָן דער וועוורק. — מיט וואָס?

די זעברע האָט נעבעך ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן, זי האָט באַקוקט אירע ווײַסע, גרויע, געלע און בונטע שכיינים. קיין געשטרײַפטע איז צווישן זיי ניט געווען.

עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט. ערגעץ אין א שטײַג האָט געגומען ריטשען א טיגער. די זעברע האָט ניט געקאָנט וויסן, אז ער איז אויך א געשטרײַפטער, און ווען זי וואָלט אפילו וויסן, וואָלט עס זי גאַנץ ווינציק געפרייט.

די אופזעער פון זאָאָלאָגישן גאָרטן האָבן גענומען קערן די שטעגן, ראַמען די שטײַגן. עס איז געקומען דער אלטינקער וועכטער. ער האָט ווי שטענדיק אופגעהאַנגען אפן צאַם זײַן קאָשעקל און איז אוועק ווינטשן א גוטע־נאַכט די אײַנוווינער פון גאָרטן.

די זעברע האָט לאַנג ניט געקאָנט אנשלאָפן ווערן. פּלוצעם האָט זי דערהערט א קאָל. ער האָט זיך געטראָגן פון דעם וועכטערס קאָשעק:

— דו שלאָפסט נאָך ניט, געשטרײַפטע מײַנע?

פון אומדערוואַרטקײַט האָט די זעברע אזש א ציטער געטאָן. די שטרײַפּעלעך האָבן אף איר גענומען שפּילן, ווי קנייטשעלעך אפן וואַסער.

— ווער רעדט עס מיט מיר, אזוי צאַרט? — האָט זי א פרעג געטאָן.

— דאָס בין איך, דײַן פרײַנט, — האָט זיך ווידער דערהערט פונעם קאָשעק. — ווי שיין דו ביסט! א שטרײַפּעלע איז שענער פון אלץ אף דער וועלט!

— דו לאַכסט ניט? — האָט געפרעגט די זעברע. זי איז צוגעגאַנגען צום קאָשעק און אַהין אַרײַנגעקוקט.

דאָרטן איז געלעגן א קאַוון. ניין, ער האָט ניט געלאַכט, ער איז אויך געווען א געשטרײַפטער. די זעברע האָט מיט אירע פײַכטע ליפּן גענומען באַטאַפּן דעם קאַוון, פונקט ווי דאָס וואָלט

געוועז א קעפּל פון א קליין זעברעלע. איר איז מיטאמאָל געוואָרן גוט, רויק. זי האָט זיך צוגעשפּאַרט מיטן שטערן צום קאַשעק און איז אַנדרעמלט געוואָרן. דער פרישער גלאַטער קאַוון האָט איר געקילט דעם שטערן און אַנגעוויעט העלע כאַלומעס. העלע — אין שטרײַפן.



# א געשעעניש

א הייסער זומערטאָג. אַלץ אַרום איז אָנגעגליט, אַלץ איז פאַרגליווערט און הערט זיך צו בלויז צו דער היץ. ס׳איז שטיל אַרום. נאָר צײַטנווײַז פליט דורך מיט א שווערן זשומען א בין, אָדער עס דערטראָגט זיך א שוואַך פישטשען פון א הינדעלע.

פון הויף זעט זיך די לאָנקע, און הינטער איר — די ווײַסע שטיבלעך, און הינטער די שטיבלעך — דער וואַלד, און איבערן וואַלד — ווײַסע וואָלקנדלעך. אהער דערגייען זיי ניט, דאָ איז דער הימל גאָלדיק־בלוי, פול מיט זון. ס׳אַרא רויקייט עס איז צעגאָסן! עס דוכט זיך, אַז די גאַנצע וועלט שלאָפט מיט אָפענע אויגן. און אויב עמעץ באַוועגט זיך, איז עס נאָר אין שלאָף.

און מיטאמאָל דערטראָגט זיך א קלינגענדיקער קאָ־קאָ־קאָ־קאָ פון א הון — זי פאַרכלינעט זיך אַזש פון פרייד. זי זאָגט אָן אַלעמען, אַז זי האָט געלייגט אַן איי. ניט קיין גאָלדנס, נאָר א געוויינלעך, ראָזלעך, וואַרעם אייעלע. שווער צו דערגיין, פונוואַנען עס דערטראָגט זיך דאָס דאָזיקע פריידיקע קאָל, עס שווימט ערגעץ אין דער מיט, אַזוי, אַז אומעטום זאָל זיך הערן, — סײַ אַף דער לאָנקע, סײַ באַם טײַכל, סײַ אין די הויפן, אַז אַלע זאָלן זיך דערוויסן וועגן דער דאָזיקער וווּנדערלעכער געשעעניש: א הון האָט געלייגט אַן איי!



# די זון און די לעוואָנע

די לעוואָנע האָט פאַרפּירט מיט דער זון א וויקועך.

די זון זאָגט, אַז די בלעטער אַף די ביימער זײַנען גרינע, און די לעוואָנע זאָגט — זיי זײַנען זילבערדיקע. די לעוואָנע זאָגט, אַז די מענטשן אַף דער ערד שלאָפן מערסטנטייל. און די זון זאָגט, אַז די מענטשן וואַכן קימאַט שטענדיק.

— אויב אַזוי, פאַרוואָס זשע איז אַף דער ערד אַזוי שטיל? — פרעגט די לעוואָנע.

— שטיל? ווער האָט עס דיר געזאָגט! — קאַכט זיך די זון. — אַף דער ערד איז גראָד זייער טומלדיק.

האַקיצער, וויפל זיי האָבן ניט געסטאַרעט זיך איינער דעם צווייטן איבערריידן, זײַנען זיי צו גאָרנישט ניט געקומען.

— איך זע איינס, און דו זעסט גאָר עפּעס אַנדערס, — האָט געזאָגט די לעוואָנע, — און פאַרוואָס איז אַזוי, פאַרשטיי איך אַליין ניט.

נאָר דאָ איז געקומען צו פליִען א ווינטל. דערהערט זייער שמועס און זיך צעלאַכט אַזוי געשמאַק, אַז אַף אים קוקנדיק, האָבן די קווייטן זיך גענומען טרייסלען פון געלעכטער, און די ביימער — אַזש קײַכן. איינס א יאָדלע־שישקעלע איז אַפילע געפאַלן לאַכנדיק און פון געלעכטער גענומען זיך קײַקלען אַראָפּ בערגל.

ווען אַלע האָבן געענדיקט לאַכן, האָט דאָס ווינטל געזאָגט:

— וועגן וואָס איז דאָ צו ריידן! איך פלי אַרום סײַ ווען עס לויכט די זון, סײַ ווען עס שײַנט די לעוואָנע. באַטאָג, ווען ס׳איז די זון, זײַנען די בלעטער גרין און די מענטשן טומלען, און באַנאַכט, ווען ס׳קומט אַרויס די לעוואָנע, איז אַלץ אַנדערש: די מענטשן שלאָפן, אַרום איז שטיל, און עס דוכט זיך, אַז די בלעטער אַף די ביימער זײַנען זילבערנע. אָבער ווען איך פאַרשטעל די לעוואָנע מיט א וואָלקן, ווערט אַלץ שוואַרץ. דו, זון, זעסט עס ניט, און דו, לעוואָנע, — אויך ניט. האָט אײַך א גוטן!

און דאָס ווינטל איז אַוועקגעפלויגן.

אָט פאַרוואָס נאָך איידער די זון פאַרגייט, שווימט אַרויס די לעוואָנע. זי איז נײַגעריק צו וויסן: ווי זעט אַלץ אויס אַף דער ערד, ווען עס שײַנט די זון? און עס מאַכט זיך, אַז דער לעוואָנע גיט זיך אײַן א בליק טאָן אַף דעם גרינעם באַטאָגיקן וואַלד. אָבער דערפאַר קאָן די זון קיינמאָל ניט זען קיין באַזילבערטע בלעטער. ווי נאָר זי באַווײַזט זיך, ווערט טייקעף טאָג.



הירש אשעראָוויטש

# קיבערנעטיק

פרייט דער מענטש זיך,
אַז זײַן ווערק טוט דאָס, וואָס ער.
פרייט דער מענטש זיך,
אַז ער איז ניט מער קיין אויסנאַם —
ס'לויפט אַ שטאָל־באַשעפעניש אַרום אַהין־אַהער,
ווי זי וואָלט אַליין זײַן עפּעס אויסן,
און דער מענטש קוועלט אָן:
„מײַסע־בערייִשיס" אופגעטאָן...

„ניט קיין שפּילכל מער, ניט קיין געצײַג,
ניט קיין קיילע, נאָר אַן אײַזערנער באַרדאַעס!"
פילט דער מענטש זײַן געטלעכן באַטײַט:
לעבנס ער באַשאַפט פונעם מעטאַלן־כאַאָס!

גײַסט איז כעזשבן.
רעכענונג און שטאָל
די זעלבע קראַפט, וואָס מאַרך און פלייש באַזיצן.
טאַט און אָפּטו שטעקן אין דער צאָל,
און בא דער שטאָל־באַשעפעניש די לאָמפּ־
אייגעלעך בליצן...
זי פאַרטראַכט זיך, פאָרשט און מעסט,
רעכנט איבער און שטעלט פעסט
וואָס עס איז פון יעדן פּרוּוו געוואָרן,
און פאַרשרײַבט אין אײַזערנעם זיקאָרן...

קוועלט דער מענטש: זײַן ווערק עס רײַפט —
אַלץ דערגייט עס, אַלץ באַגרײַפט,
אַלצדינג מאַכט עס, אַלץ פאַרשטייט.
אַ, ווען ס'קאָן נאָך פילן פרייד...

# ווערטער

ווערטער זײַנען שטיקער האַרץ,
פּיצעלעך נשאָמע.
ווערטער זײַנען שפּליטערס אַרץ,
פּענעצלעך לעוואָנע.

קיינמאָל ניט דאָס וואָרט געזען,
ניט אין האַנט געהאַלטן,
און איך פיל זײַן הייסן ברען
און זײַן ברי דעם קאַלטן.

* * *

ווערטער זײַנען, פּונקט ווי מענטשן:
עכטע,
פאַלשע,
מילדע,
שטרענגע.

וואָרט קאָן ווײ טאָן, וואָרט קאָן בענטשן,
ס'קאָן פאַראַכטן,
טראַכטן,
בענקען.
ווייס, מײַן צונג, וואָס אויסצוקלײַבן,
מאַך, אַ טייל פאַרשטומט זאָל בלײַבן...

# קינדהײַט

שטייט נאָך ערגעצווו א שטיבל,
און דערבײַ א בוים מיט בארן
דרייט אף דר'ערד א לאנגן שאָטן
ארום זײַן געקארבטן שטאם.

העל געווען אמאָל דאָס שטיבל,
איצטער איז עס גרוי געוואָרן,
אָפגעשונדן זיך די שינדלען
האָבן פון זײַן אלטן דאך.

פונדערווײַטנס קלאָר איך זע עס,
פון פארצײַטנס אלץ איך הער נאָך,

ווי עס בילט א הונט א טרײַער
אפן גאנעק, וואָס איז גרין.

און אין לופט סע שוועבן שוואלבן,
טראָגן ווערעמלעך אין שנאָבל
פאר די שוועלבעלעך די קליינע,
וואָס דערוואַרטן זיי אין נעסט...

כ'ווייס ניט, ווו כ'האָב עס געגומען,
און פארוואָס כ'טו אזוי טראכטן,
נאָר ביז זיכער זײַן מיר דוכט זיך,
אז די נעסט איז מער ניטאָ...

# יערושע

„וואָס ווילסטו דען, מײַן קינד, —
דאָס טעלערל פון הימל?!"
פלעגט אָפט זיך בייזערן
אף מיר די באָבע.

געווען איז קלאָר מיר דאן,
אז וואָס דער הימל איז,
איך ווייס גענוי,
נאָר ס'טעלערל...
דאָס טעלערל, וואָס איז עס?

געשטאָרבן איז די באָבע שוין פון לאנג,
א זין אן אנדערן
דער הימל האָט פאר מיר באקומען,
נאָר בלויז דאָס טעלערל
איז ליבלעך־אומקלאָר, ווי אמאָל...

כ'וואָלט זאָגן, ס'איז דאָס טײַערסטע,
וואָס ס'איז פארבליבן פון דער באָבען...

# דארף מען?

דארף מען ווען נאָך דערווײַזן,
אז דער מענטש איז ניט פון אײַזן,
אז זײַן טראָט איז אויסגעמאָסטן,
אז די פריידן ווייטעק קאָסטן?
דארף מען וועמען נאָך דערציילן,
אז דאָס גאנצע ווילט זיך טיילן,
און, דאקעגן, אז פון טראָפן
גלוסט זיך וואָרט־וועלטן באשאפן?

דארף מען וועמען נאָך דערקלערן,
אז דעם עמעס מוז מען הערן,
און אז ווי ער זאָל ניט שנײַדן,
מוז מען קענען אים פארלײַדן?..

ניין, מע דארף ניט!
יאָ, מע דארף!..

# צוויי ליפּעס

די ליפּע האָט טאקע קיין אויגן ניט,
זי זעט ניט, דאָך זי שפּירט
איר כאַווערטע, וואָס שטייט אין צווייטן עק פון הויף.
די זעלבע פייגל הוידען אום זיך אף איר קרוין
און שלאָפן שפּעטער אײַן אין יענערס צווײַגן...
דוכט, ביידע פון איין ביימער־מין,
מע שטייט דאָך אף איין הויף,
נאָר עפּעס איז מען איינע צו דער צווייטער פרעמד.
אַ־ווויי, ווי אלצדינג איז ניט נאָ'נט,
ווען ווײַט מען איז פון וואלד!..

# פרייד

א העלער פלעדערוויש
נעמט אויסווישן די ווינקעלעך פון הארץ.
עס קיצלט, קיצלט זײַן באריר,
אז ס'ווילט זיך לאכן.

דער טרויער איז אן אַנוואלגער,
דער אומעט — שטויב,
און אז דאָס הארץ ווערט אויסגערייניקט,
ווילט זיך לאכן.

דער נודניק — דער זיקאָרן גיט ניט נאָך:
ער ברײַט א מײַסע,
אז געווען עס איז אמאָל פארדראָס...
עס ווילט זיך לאכן.

# פארגעסונג

פארגעסן איך דײַן ניגן האָב —
דעם שענסטן אף דער וועלט!
פארגעסן כ'האָב דײַן ווענד פון קאָפּ,
דעם שוועב פון דײַנע הענט...

פארגעסן דיך, פארגעסן דיך
כ'האָב ביז דײַן לעצטן שטריך;
און דיך אזוי פארגעסנדיק,
פארגעסן האָב איך זיך...

# דער קיפּאַריס

ארופגעוואָרפן זיך א גרינע טוך
איבערן קאָפּ דעם שפּיציקן
און שמאָלע אַקסלען,
פארהילט דאָס פּאָנעם,
ברייט צעלאָזן זי
איבער די לענדן, —
ער שטייט אן אײַנגעוויקלטער
און וואַרט...

פון אלע זײַטן שפּארט דאָס לעבן:
עס פרײַכט דער יאַם,
עס קוליעט זיך דער ווינט,
גערויש און קלאנג
זיך הייבן, פאלן, —
זעצן, ווי די האמערס...
נאָר ער אליין,
פארנורעט אין זײַן קרעפּ־פּאטשיילע,
שטייט א פארכאָלעמטער —
קיין רירעלע, קיין שאָקל זיך, קיין וואקל.
א גרינער אויסרופצייכן — ש־ש־ש!

# צײַט

ניין, עס שטארבן ניט די יאָרן.
יאָרן ווערן נאָר געבאָרן.
שטענדיק אין געבורט — די צײַט...
און דער מענטש לעבט אָפּצוקלײַבן
יענע טעג, וואָס וועלן בלײַבן
העל אויף פאר דער ווײַטסטער ווײַט.

# זונענגאנג

ווי זשע ווערט ניט אומעטיק דער זון
טאָמיד גיין דעם זעלבן וועג,
אומעטום באגעגענענדיק פינצטערניש און קעלטן?
קענטיק, ס'איז א גרויסע פרייד דאָס באשאפן העלע טעג,
און דאָס אָנווארעמען וועלטן...



עליע גאָרדאָן



# פון אָנהייב זײַנען זיי געווען אינצווייען

1

דער ערשטער האָט זיך אין קאָלווירט „האָפענונג“ אומגעקערט נאָכעם שאַליט. ווען מע האָט אים דעמאָביליזירט נאָך א שווערער פאַרווונדונג, האָט ער ניט געוווּסט, וווהין צו פאָרן. אין קאָלווירט בא זיך, איז ער געווען זיכער, וועט ער קיינעם ניט טרעפן — ניט פון זײַנע אייגענע, ניט ביכלאל פון די, מיט וועמען ער האָט אָפּגעלעבט און אָפּגעאַרבעט א גאַנץ לעבן. די, וואָס האָבן זיך עוואַקויִרט, האָט ער געטראַכט, האָבן געוויס נאָך ניט באַוויזן זיך אומקערן אהיים. און די, וואָס זײַנען געבליבן אַף אָן אָרט, זײַנען אומגעקומען.

פון דעם קליינעם פּאָלוסטאַנאָק, ווו ער איז אראָפּ נאָך יאָרן צעשיידונג, ביזן קאָלווירט „האָפענונג“ איז געווען א גוטע צען קילאָמעטער. נאָך אין וועג האָט שאַליט דערפילט דעם רייעך פון דער היימישער ערד, וועלכן ער האָט אין די שווערע יאָרן פון צעשיידונג קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי מ'פאַרגעסט ניט דעם רייעך פון ברויט. אָט דער רייעך, אָן אָנגעזאַפּטער מיט דער פרישער קילבלעכקײַט פון שוואַרצערד, מיט דער ווײַניקער זיסלעכקײַט פון טשאַמבאָרן און קאַטראַנעץ, פון אָסאָטן און פירייען, האָט אים געשיקערט.

פאַרלאָזטע פעלדער האָבן זיך אָן אופהער געצויגן לענגויס דעם וועג. אומזיסט האָבן זיך איבער זיי דורכגעטראָגן פרילינגס מיט רוישיקע געוויסערן, מיט שלאַקסרעגנס. די זאַפּטן פון דער ערד האָבן גענערט בלויז ווילדגראָזן. דורך די געוויטערן פון קריג האָט שאַליט זיך געצויגן צו דער היים, ווי א קינד ציט זיך צו דער מוטערס ברוסט, און איצט שטייט ער דאָ מיטן סאָלדאַטישן רענצל אַף דער פּלייצע.

דער וועג, וואָס האָט געפירט צום קאָלווירט, איז געווען אזוי פאַרוואַקסן מיט הויכן געדיכטן גראָז, אז ס'איז אומעגלעך געווען צו געפינען אָן אלטע קאָלייע פון א פור, שפורן פון פערדישע טלאָען, סימאָנים, אז מענטשן זײַנען דאָ אמאָל דורכגעגאַנגען, אז מאַשינעס זײַנען דאָ אמאָל דורכגעפאָרן.

ניט פאַרהאַלטנדיק זיך קיין איין רעגע, האָט שאַליט זיך געלאָזט מיטן פעלד. ער איז ניט געגאַנגען, נאָר ס'האָט אים געטראָגן. עפּעס א קראַפט האָט אים געטריבן, געיאָגט. פונעם האַסטיקן גאַנג איז אים אזש הייס געוואָרן, ס'האָט אים באַשלאָגן א שווייס. נאָר ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. אזוי איז ער צוגעקומען צו די מאָהילעס. פונדאַנען איז שוין געווען מיט דער האַנט צו דערלאַנגען צו זײַן היים. אמאָל, ווען ער איז נאָך געווען גאָר א קינד, האָט זיך אים געדוכט, אז ארום די מאָהילעס לאָזט זיך אראָפּ דער הימל אַף דער ערד און דאָרט ענדיקט זיך די וועלט. א באָרוועסער פלעגט ער לויפן א קוק טאָן, ווו די וועלט ענדיקט זיך. פון די מאָהילעס האָט ער ערשט דערזען, ווי גרויס די וועלט איז. איצט האָט פון די מאָהילעס א ווייע געטאָן מיט

היים. פאַר די אויגן האָט אַף אַ ווײַלע אופגעבליצט די ווײַטע קינדהײַט... ווו זשע איז דער וועג, מיט וועלכן ער פלעגט לויפן קוקן, ווו די וועלט ענדיקט זיך? מיט דעם זעלבן וועג איז ער אוועק אַף דער מילכאָמע. איצט קאָן ער אים אפילע ניט געפינען. ערגעץ דאָ, ווו ער גייט איצט ביזן גאַרטל אין גראָז, מוז ער זײַן, דער וועג. קיין פוס האָט אים שוין לאַנג, קאָנטיק, ניט באַטראָטן. הייסט עס, אַז אין דער היים באַ אים איז קיין לעבעדיקער נעפעש ניט פאַראַן.

אַף די פעלדער, דוכט אים, איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזאַ וואַרגנדיקע שטילקײַט. מ'הערט אפילע ניט קיין האַווקערײַ פון אַ הונט, קיין קריי פון אַ האָן. אַזאַ שטילקײַט פלעגט זיך מאַכן אַף דער מילכאָמע, ווען ער פלעגט פאַרטײַעט ליגן און לאָקערן נאָכן סוינע. די מילכאָמע האָט זיך שוין געענדיקט. ער גייט אַהיים אַ לעבעדיקער. אָבער ווער וועט אים באַגעגענען?

פון ערגעץ איז אָנגעפלויגן אַ זשומענדיקע בין און זיך אַראָפגעלאָזט אַף אַ געל צעבליטן קאַטראַן.

„פונוואַנען פליט זי עס, די בין, עפשער פון זײַן היים?“ — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. זי וועט אומפליִען איבערן פעלד און וועט זיך אומקערן אין איר בינשטאָק. און וווהין גייט ער? צו אַ פוסטן בינשטאָק, פון וועלכן אַלע זײַנען אַוועק אָדער ווו אַלע זײַנען טויט. און ווו וועט ער אַן איינזאַמער זיך אַהינטאָן?

וואָס נעענטער שאַליט איז צוגעגאַנגען צו זײַן היים, אַלץ מער איז ער דערשיטערט געוואָרן פונעם געדאַנק, אַז ער וועט געוויס דאָרטן קיינעם ניט טרעפן, און מעגלעך, אַז נאָר ער איינער איז געבליבן לעבן פונעם יִשעוו. איז וואָס אײַלט ער זיך אַזוי? עפשער וואָלט גלײַכער געווען פאַרקערעווען אין אַ דערבײַיִיק דערפל און דאָרט עפּעס דערוויסן זיך וועגן זײַניקע. נאָר ווי גיט מען ניט קיין קוק מיט די אייגענע אויגן אַף דער היים, אַז מען איז שוין אַזוי נאָענט צו איר?

פון הינטער די מאָהילעס פלעגט מען שוין פונווײַטן זען די סילאָס־טורעמס, דעם רויטן טשערעפּענעם דאַך פון דער שול און אפילע דעם בושל פונעם ברונעם, וועלכער האָט זיך געפונען ניט ווײַט פון דער פערמע. איצט זעט מען גאָרנישט ניט. צי דען איז דאָרט טאַקע אַלץ אָפגעווישט געוואָרן פון דער ערד?

דערזען עטלעכע גאַנץ געבליבענע פּרוכטביימער, פאַרהלושעטע פונעם הויכן און געדיכטן גראָז, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער געפינט זיך לעבן דעם געוועזענעם קאָלווירטישן סאָד. פון לינקס האָט זיך אָנגעהויבן דער יִשעוו. איבער די ווילדגראָזן פון קימאַט אַ מענטשלעכן וווּקס די הייך, — קורײַ, פאָלין, בודיאַקעס און אַנדערע — האָבן נאָר געסטאַרטשעט די דעכער און קויִ־מענס פון די גאַנץ געבליבענע הײַזער, די שפּיצן פון די ביימער אין די פאַליסאַדניקעס.

די ברייטע גאַס אינמיטן יִשעוו מיט דעם אַמאָל גוט אויסגעפאָרענעם וועג, מיט די סטעזש־קעס פון ביידע זײַטן איז אויך געווען פאַרוואַקסן, פונקט ווי דער פאַרווילדעווער סטעפּ.

שאַליט איז געשטאַנען אַ ווײַלע אין פאַרלעגנהײַט, ווי ער וואָלט פאַרבלאָנדזשעט און ניט געוווּסט, וווהין ווײַטער צו גיין.

— אָט דאָס איז זי טאַקע, זײַן היים? ווי זאָל ער דאָ זײַן שטוב געפינען?

שאַליט איז געגאַנגען איבער דער געוועזענער גאַס און אײַנגעקוקט זיך אין די הויפן. ער האָט געזען בערגלעך ציגל־ און טשערעפּיצע־ברוך, האַלב צערויִנירטע הײַזער — אָן דעכער, אָן טירן, אָן פענצטער. פון די הויפן, וועלכע זײַנען געווען געדיכט פאַרוואַקסן מיט לעבעדע און פערד־שטשאַוועל, האָט נאָר דאָ און דאָרטן אַרויסגעקוקט אַן אײַנגעפאַלענער פאַרשימלטער ברונעם, אַ צעוואַלגערטע קלוניע.

שאַליט האָט געפּרווווט געפינען אין די צערויִנירטע הײַזער סימאָנים, וואָס זאָלן אים דער־מאָנען, ווער פון די היגע אײַנוווינער האָט דאָרט געהאַט געוווינט. אים וואָלט אַזוי גרינגער געווען אָפצוזוכן זײַן אייגענע שטוב. נישטערנדיק איבער די כורוועס, איז ער אַרײַנגעקומען אין איינעם אַ שטאַרק פאַרוואַקסענעם פאַליסאַדניק. אַ פּאָר צווײַגן פון אַ ווײַנשלבוים זײַנען אים אַרופגעפאַלן אַפן האַלדז, ווי מע פאַלט אַרוף אַף אַ נאָענטן נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג. דורכן געדיכטן גראָז האָבן געקוקט אַף אים אַ פּאָר כמורנע פענצטערלעך פון אַ שטוב, די ווענט פון דער שטוב — אײַנגעהויקערטע, דער דאַך — האַלב אַראָפּגעריסן. נאָר שאַליט האָט פּאָרט דערקענט — ס'איז זײַן שטוב, אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די פענצטער, פאַרצויגענע מיט שטויב, ווי מיט אַ נעפל, וועלן זיך באַלד איניינעם מיט אים פאַנאַנדערוויינען פאַר פרייד. שאַליט האָט אָפּגעשאַרט די צווײַגן, באַשאָטענע מיט רויטע ווײַנשל (ווי דער ווײַנשלבוים וואָלט וועלן מעכאַבעד זײַן דעם באַלעבאָס מיט דעם בעסטן, וואָס ער פאַרמאָגט), און אַ ריס געטאָן די טיר. זי האָט יאָמערלעך אַ גרילץ געטאָן, קאַלטע, שטומע ווענט האָבן גלײַכגילטיק געקוקט אַף אים. שאַליטס אויגן האָבן גענישטערט, געפּרעגט, געמאָנט:

— ווּ איז כאַוועֶ?.. ווּ זײַנען די קינדער?..

נאָר ארום האָט אַלץ געשוויגן. די שטילקייט האָט געוואָרגן שאַליטן. ער איז ארויסגעלאָפן אין דרויסן. איבערן ייִשעוו איז געהאנגען דער זעלבער הימל, ווי אַמאָל, ווי אַמאָל האָט געשײַנט די זון, עס האָבן געצוויטשערט די פייגל, נאָר ארום האָט געהערשט אַן אורא‌לטע ווילדקייט. עס האָט זיך דערהערט אַ שאָרך. פון ערגעץ איז ארויסגעשפּרונגען אַ גרויע, אויסגעדאַרטע פאַר־ווילדעוועטע קאַץ.

— קיס... קיס, קיצעניו, — האָט ער זי געגומען רופן, — מורקע, מורקע. — ער האָט זי דערקענט.

די קאַץ איז האַסטיק ארויף אפן דאַך, פון דאַך אפן בוים, ווידער זיך אראָפּגעלאָזט און פאַרשוווּנדן אין געדיכטן גראָז.

שאַליט האָט זיך אומגעקערט אין שטוב, נאָר אײַנזיצן האָט ער דאָרט ניט געקאָנט. אַ ווייטעק האָט אים געפּײַניקט ביז מעשוגאַס.

כאַטש ער איז געווען טויט־מיד, האָט ער באַשטימט קיין רגע ניט פאַרהאַלטן זיך דאָ, טייקעף זיך לאָזן אין דערבײַיִקן דאָרף. ער האָט גענומען דאָס סאָלדאַטישע רענצל, פאַרמאַכט די טיר און זיך שוין געוואָלט לאָזן גיין. פּלוצעם האָט ער ערגעץ נאָענט דערהערט טריט. איצט האָט שאַליט אָנגעשטרענגט נאָכגעשפּירט יעדן שאָרך. אין געדיכטן גראָז האָט ער דערזען אַ מענטשן.

— כאַוועֶר... ברודערקע... — האָט ער אויפגעריסן די דרעמלענדיקע שטילקייט מיט אַ געשריי, און זיך געלאָזט נאָך דעם מענטשן.

2

איגנאַט זשורבענקאָ איז געקומען אהער, אין געוועזענעם קאָלווירט „האָפענונג", אַ פּאָר וואָכן פאַר שאַליטן.

נאָך אין דער אַרמײ, בײַס דער מילכאָמע, האָט ער באַקומען אַ ידיִעֶ, אַז זײַן מישפּאָכע האָבן די פאַשיסטן אומגעבראַכט און די שטוב פאַרברענט. ווען מע האָט אים דעמאָביליזירט, האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן, וואָס טוט מען ווײַטער. אומקערן זיך אין זײַן אַלטער היים האָט זיך אים ניט געוואָלט. איז אים אײַנגעפאַלן צופאָרן דערווײַל צו איינעם אַ ווײַטן קאָרעוו, וואָס האָט געוווינט אַ קילאָמעטער צוואַנציק פון קאָלווירט „האָפענונג". דאָרט האָט ער אָבער אויך קיינעם ניט געטראָפן. איז ער אוועק ווײַטער, זוכן אַן אָרט, ווּ זיך אָפּצושטעלן. ארומבלאָנקענדיק, האָט ער אין אַ באַלקע באַמערקט צווישן הויכן גראָז אַ בעהיימע. דערזען אַ מענטשן, האָט די קו אויפגעהויבן דעם קאָפּ און ווילד אַ מרוקע געטאָן. זשורבענקאָ איז צוגעגאַנגען צו איר, אַ גלעט געגעבן איבערן בויך, אַ צי געגעבן פאַר די אײַטער.

„דאָס מילך איז שוין, דוכט זיך, באַ איר איבערגעברענט, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — די בעהיימע איז מיסטאָמע פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן און עמעץ זוכט זי ארום?"

זשורבענקאָ האָט פאַרנומען די בעהיימע און איז אוועק מיט איר זוכן אַ ייִשעוו. דאָרט וועט ער שוין זען, וואָס ווײַטער צו טאָן.

אין ייִשעוו — דאָס איז געווען דער געוועזענער קאָלווירט „האָפענונג" — האָט ער קיין איין לעבעדיקן נעפעש ניט געפונען. גיין ווײַטער האָט ער אָבער ניט געקאָנט, זײַן פאַרווונדעטער פוס האָט אָנגעהויבן שרעקלעך ווי טאָן. קיין אַנדער אויסוועג האָט ער ניט געהאַט, ווי אָפּשטעלן זיך אינעם פּוסטן ייִשעוו, אײַנאָרדענען זיך ווי־ניט־איז, ביז ער וועט קומען צו־זיך.

און עפשער, האָט ער געטראַכט, וועט פאַר דער צײַט זיך אומקערן עמעצער פון די היגע אײַנוווינער.

דערהערט אַ מענטשלעך קאָל אין דער וויסטעניש, איז זשורבענקאָ אזש פאַרציטערט געוואָרן.

— כאַוועֶר... ברודערקעֶ!.. פונוואַנען און וווּהין גייסטו?

זשורבענקאָ האָט אַ קער געגעבן דעם קאָפּ און דערזען שאַליטן.

— וואָס הייסט פונוואַנען?.. מיסטאָמע פונדאַנען, פונוואַנען דו גייסט... ביסט אַ היגער?

— יאָ... זעסט כאַטש, וואָס ס'איז געוואָרן פון מײַן היים...

— פון מײַנער געוויס אויך, — האָט זשורבענקאָ טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, — ווּ זײַנען אהינגעקומען די מענטשן פונעם ייִשעוו?

— כ'ווייס אַליין ניט. און עפשער זײַנען זיי אומגעקומען, האָסט גאָרניט געהערט? פון־וואַנען ביסטו?

— כ'בין פון ווײַט, ברודערקע...

— ווי זשע קומסטו אהער? ווער נאָך איז דאָ פאַראַן, אכוץ דיר?
— קיינער ניט, דערווײַל איז דאָ קיינער ניטאָ.
שאַליט האָט זיך געוואָלט פאַרייכערן. פון אופגערודערטקײַט האָבן זיך באַ אים די הענט געטרייסלט, ווען ער האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַן אויסגעגייט טוטין־זעקעלע, אַ מאַטאָנע, וואָס ער האָט באַקומען אַפן פראָגנט. דאָס זעקעלע איז געווען פוסט. ער האָט אויסגע־טרייסלט דאָס לעצטע ביסל מאַכאָרקע־שטויב און פאַרדרייט אַ דינינקן ציגאַרער.
— רייכערסט? — האָט ער אַ פרעג געגעבן באַ זשורבענקאָן, דערזעענדיק, ווי יענער קוקט אַף אים מיט זשעדנע אויגן.
— כ'גיי אויס, אַזוי ווילט זיך רייכערן, — האָט זשורבענקאָ שטיל אַ זאָג געטאָן. — כ'האָב שוין געררייכערט בלעטער, שטרוי און וואָס ניט?
שאַליט האָט דערלאַנגט זשורבענקאָן דעם ציגאַרער. יענער האָט מיט האַנאָע זיך פאַרצויגן, אַזש די אויגן פאַרזשמורעט, אַרויסגעלאָזט פאַמעלעך דעם רויך און אומגעקערט דעם ציגאַרער שאַליטן. שאַליט האָט נאָכאַמאָל אַ ציִ געטאָן און ווידער אים אָפּגעגעבן זשורבענקאָן.
דער דינינקער ציגאַרער האָט אַזוי באַפרײַנדעט די צוויי סאָלדאַטן, ווי זיי וואָלטן זיך שוין קענען יאָרן. זיי האָבן זיך צוגעזעצט אַף אַ בערגעלע, זיך צערעדט וועגן לעבן, וועגן זייערע נאָענטע און אייגענע.
— עפּשער ווערסטו זיך דאָ באַזעצן? בלײַב מיט מיר, וווהין ווערסטו זיך שלעפּן מיטן קראַנקן פוס?
— מירן זען, — האָט זשורבענקאָ אומבאַשטימט געענטפערט.
— איך מיין, אַז די, וואָס זײַנען לעבן געבליבן, וועלן זיך אינגיכן אָנהייבן צוביסלעך אומקערן... מיר וועלן אופשטעלן דעם קאָלווירט... — האָט אים שאַליט אָנגעהויבן אײַנריידן. — די ערשטע צײַט וועט געוויס זײַן שווער. נאָר מיר זײַנען דערצו געוווינט, אַף דער מילכאָמע האָבן מיר שווערערס איבערגעלעבט.
זשורבענקאָ האָט געשוויגן און וועגן עפּעס, קאָנטיק, אָנגעשטרענגט געטראַכט.
— כ'האָב געפונען אַ בעהיימע, — האָט ער דערעכאַגעוו אַ זאָג געטאָן, — כ'ווייס ניט, צי זי איז אַ פּריבלודנע, צי עפּשער זוכט זי עמעצער...
— אַ בעהיימע? — האָט אים שאַליט איבערגעשלאָגן. — זי מעלקט זיך?.. אַ בעהיימע — דאָס איז דאָך שוין אַ שטיק באַלעבאַטישקײַט, אַ גאַנצער מאַיאָנטעק, קאָן מען זאָגן... אַ בעהיימע קאָן מען אי מעלקן, אי אײַנשפּאַנען, און אַז מע דאַרף...
— דאָס מילך איז שוין באַ איר געווען איבערגעבערענט, — האָט אים זשורבענקאָ איבערגע־שלאָגן די רייד, — נאָר כ'מעלק זי פאָנאַנדער.
— כ'זע, אַז דו פאַרשטייסט אַ טאָלק אין באַלעבאַטישקײַט.
— כ'האָב זיך נאָר צוגעקוקט צו די אײַטערס, האָב איך גלײַך פאַרשטאַנען, אַז די בעהיימע בלאָנקעט שוין לאַנג אַרום.
— טשיקאַווע... ווו שטייט זי באַ דיר? קום, לאָמיר טאַקע אַ קוק טאָן...
זשורבענקאָ האָט אוועקגעפירט שאַליטן צום עק יישעוו.
מיט אַ שמאָל סטעזשקעלע, וואָס האָט זיך געצויגן אין געדיכטן גראָז, זײַנען זיי דערגאַנגען צו אַ הויף, ווו עס איז געשטאַנען אַ האַלב אײַנגעפאַלענע שטוב מיט אַן איבערגעפוילטן שטרויע־נעם דאַך. רעכטס, אַ צען שפּאַן פון דער כורווע, אין אַ שטעלכל, איז געווען צוגעבונדן די בעהיימע. ריִענדיק זיך מיט דער פײַכטלעכער מאָרדע אין דער קופּע פריש זאַפטיק גראָז, האָט זי געשמאַק געקײַט.
— דאָס איז אונדזערע! אונדזער „קראַסאָטקע“ מיטן ווײַסן פלעק אַפן שטערן, — האָט שאַליט אַרומגענומען די בעהיימע פאַרן האַלדז. ער האָט זיך צוגעדריקט צו איר, זי געגלאַשטשעט, אַרײַנגעקוקט אין די שוואַרצע אויגן און געשריִען:
— ליובעניו, טײַערע מײַנע!
די בעהיימע האָט שטום געקוקט מיט אירע טרויעריקע, באַ די ווינקלען פאַרקיסנעטע אויגן, געמאַלעגיירעט און געשוויגן.
— נו, וואָס שווײַגסטו, שטומע צונג, וואָס דו ביסט, כײַ וואָלסטו כאָטש עפּעס געקאָנט דערציילן... ווער נאָך איז דאָ געבליבן? נאָר דו און די קאַץ?..
שאַליט איז אַרויס אין הויף, אָנגעריסן אַ ביסל פריש שמעקנדיק גראָז און דערלאַנגט דער בעהיימע.
— עס, עס, ליבינקע, — האָט ער זי געגלאַשטשעט. די בעהיימע האָט אים אַרומגעשמעקט, ווי זי וואָלט אים אָנגעהויבן דערקענען.

שאליט האָט זי באַקוקט פון אַלע זײַטן, ווי אַ באַלעבאָס.

— האָסטו, הייסט עס, שוין אַ ביסל מילך פון איר? — האָט ער זיך געווענדט צו זשורבענקאָן.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, איך צעמעלק זי ערשט.

— מיט יעדן טאָג וועט זי געבן מער. און אָן ברויט ווי קומסטו אויס?

— עמעצער האָט דאָ געהאַט פאַרזייט קאַרטאָפּליעס, געקליבן זיך, ווײַזט אויס, באַלעבאַ־טעווען אַף דער ערד און געמוזט אַנטלויפן צוזאַמען מיט די פאַשיסטן.

שאליט מיט זשורבענקאָן זײַנען אַרויס פון שטאַל. זיי האָבן אַ ווײַלע באַטראַכט דעם הויף, נאָך דעם האָט זשורבענקאָ פאַרגעלייגט שאליטן עפּעס איבערכאַפּן, אָפּרוען זיך.

— אַ דאַנק, כ׳וועל זיך דאָ נאָך אַ ביסל אומדרייען, — האָט שאליט זיך אָפּגעזאָגט. אים האָט זיך געוואָלט געפינען אין דער וויסטעניש שפּורן, וואָס זאָלן איידעס זאָגן וועגן דעם, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

אַרום איז געווען די זעלבע פאַרוואָרלאָזטקייט, וועלכע ער האָט באַגעגנט, ווען ער איז אַרײַן אין יישעוו. די זעלבע שטילקייט האָט געלויערט. אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ צעפּוילטער שמאַטע, לעבן אַ בענדל, לעבן אַ קינדערש שיכעלע אָדער גאָר לעבן אַ פּעדערל, וואָס דער ווינט האָט פאַרטראָגן פון ערגעץ. און יעדעס מאָל האָט ער געטראַכט:

— עפּשער איז דאָס כאַיעלעס? עפּשער איז דאָס בענדעלע פון איר שיכל? עפּשער איז דאָס פּעדערל פון איר קישעלע?

דאָ און דאָרט האָט שאליט זיך אָנגעשטויסן אַף שוצגראָבנס, האַרמאַטן־גריבער, איבער וועלכע ס׳זײַנען מיט אַ פרײלעכער צוויטשערײַ אַרומגעשפּרונגען פייגל. ס׳האָבן שוין דאָ איצט געבליט בלומען, פּונקט ווי דער טויט וואָלט דאָ קיינמאָל ניט געהוליעט.

3

שאליט האָט איבערגעגעכטיקט אין דער שטוב, ווו זשורבענקאָ האָט זיך אײַנגעאָרדנט, און איז אַף מאָרגן גאַנצפרי אַוועק איבער די אַרומיקע דערפער, עפּשער וועט ער זיך וואָס־ניט־איז דערוויסן וועגן דער מישפּאָכע, וועגן די לאַנדסלײַט. שפּעט אין אָוונט האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים אַ מידער, אַ דערשלאָגענער. זשורבענקאָ האָט גלײַך נאָך זײַן פּאָנעם דערקענט, אַז קיין גוטע נײַס האָט ער ניט געבראַכט.

...ס׳איז דורכגעגאַנגען אַ שטיקל צײַט, און אין איינעם אַ טאָג האָט זיך אַף דער גאַס פון יישעוו באַוויזן אַ מענטש, וואָס איז קימאַט פאַרטרונקען געוואָרן אינעם הויכן גראָז. ער איז געווען אַ דאַרינקער, אַ נידעריטשקער, מיט איין האַנט, אין אַן אָפּגעריסענעם שינעל. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ניט ווײַט פון דער שטוב, ווו שאליט האָט געוווינט, און אויסגערופן:

— כ׳האָב געבראַכט אַ בריוו!.. אַ בריוו!.. עמעצער איז דאָ?

שאליט איז צוגעלאָפן צום מענטשן, וועלכער האָט אַרויסגענומען פון רענצל אַ דרײַעקיק בריוועלע.

„איבערגעבן וועמען־ניט־איז״, — האָט שאליט איבערגעלייענט אַפן אַדרעס. ער האָט פאַ־נאַנדערגענומען דעם דרײַעק, דאָרט איז געשטאַנען געשריבן:

„ווער ס׳וועט באַקומען דאָס בריוול, בעט איך אָנשרײַבן, צי ס׳לעבט מײַן מישפּאָכע.

זעליק שינדל״.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך ווידעראַמאָל באַוויזן דער קליינינקער דאַרער בריווטרעגער און ווידעראַמאָל געבראַכט אַ בריוול, געשריבן אין דעם זעלבן נוסעך, דערנאָך האָבן זיך אַ שאָט געגעבן בריוו און בריוולעך מיט אָן אַ שיר אָנפראַגעס:

צי לעבט מײַן טאַטע, צי לעבט מײַן מאַמע, צי לעבט מײַן ווײַב, מײַן שוועסטער, מײַן ברודער, מײַן זון, מײַן שאָכן.

שאליט האָט שוין געוווּסט, אַז אַלע אײַנוווינער פונעם יישעוו, וואָס האָבן ניט באַוויזן זיך עוואַקויִרן, האָבן די היטלעריסטן אַרויסגעטריבן אין פעלד, געצוווּנגען אויסגראָבן פאַר זיך קוואָרים און זיי דערשאָסן.

איז וואָס זשע זאָל ער ענטפערן אַף די אָנפראַגעס, אַז ער ווייסט ניט, וועמעס געביין עס רוט אין דער באַלקע און ווער ס׳האָט זיך אַרויסגעריסן פון טויט...

דער האַרבסט איז אָנגעקומען אומגעריכט. אַף די גראָזן האָבן זיך באַוויזן געלע פלעקן. ווינטן סומנע, בײַסיקע און ברומענדיקע האָבן געטריבן דעם שטויב. פאַרבײַלויפנדיק האָבן זיי, ווי צולאָכעסניקעס, אָפּגעריסן אַ פאַרדאַרט בלעטל, אַ קוסט קורײַ און געטריבן העט ווײַט אין סטעפּ אַרײַן.

דורך די שיטער געוואָרענע גראָזן האָבן זיך באַוויזן שפּורן פון שטעגעלעך, וועלכע שאַליט מיט זשורבענקאָן האָבן שוין דאָ אויסגעטראָטן. די שטעגעלעך האָבן געפירט פון זייער שטוב צו דער שטאַל, וווּ די בעהיימע איז געשטאַנען, און אין פעלד. מיט די דאָזיקע שטעגעלעך האָבן שאַליט און זשורבענקאָ געטראָגן צו זיך אַהיים, ווי פייגל טראָגן פּרוטיקלעך אין זייערע נעסטן, אַלץ, וואָס ס'האָט זיך געמאַכט אונטער דער האַנט: אַ לעמעך פון אַן אַקער, אַ סאָשניק פון אַ זייעלקע, אַ שוואָרען פון אַ דישל, אַ האַַקע פון אַ ראָד, אַ ליושנע פון אַ האַרבע, אַ דוכנאַליע.

— ס'וועט צוניצקומען, מיר וועלן נאָך צוריק באַלעבאַטעווען, — האָט שאַליט געטײַנעט.

— אוואַדע, וועלן מיר באַלעבאַטעווען, נאָך ווי! צוויי מענטשן זײַנען דאָ, אַ בעהיימע האָבן מיר, אַ ביסל באַלעבאַטישקייט אויך, זײַנען מיר שוין אַ שטיקל קאַלווירט.

— שלעכט נאָר, עס קומען ניט צו קיין מענטשן, — האָט שאַליט געענטפערט.

— מענטשן וועלן אויך זײַן, געוויס וועלן זײַן מענטשן, — האָט אים באַרויִקט זשורבענקאָ.

שאַליט האָט אויך ניט אופגעהערט צו גלייבן, אַז אָט־אָט וועלן זיך אָנהייבן באַווײַזן די לעבעדיק געבליבענע טױשװים. ביז וואָס־ווען, האָט ער באַשטימט, דאַרף מען כאָטש אַ פּאָר דעסיאַטינעס ווינטער־טווּע פאַרזייען, וועט איבעראיאָר זײַן אַ ביסל ברויט. אָבער וווּ נעמט מען מיט וואָס צו אַקערן?

„סײַדן זיך אַליין און די בעהיימע אײַנשפּאַנען אין אַקער" — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — נו, און זריִע? וווּ נעמט מען? עפּשער וועט מען קריגן אין די שכיינישע קאַלווירטן?

קיין דרײַ כאָדאָשים זײַנען ניט אַוועק, און מענטשן האָבן זיך טאַקע אָנגעהויבן באַווײַזן.

אַן אָפּגעריסענער, אַן אויסגעמאַטערטער און אויסגעצערטער, ווי נאָך אַ שווערער קרענק, איז מיט פּעקלעך אַף די פּלייצעס אָנגעקומען מיטן וועג, וואָס פירט פון פּאָלוסטאַנאָק, אַבע לײַכטער — אַ הויכער ייִד מיט אַ געל־גראָווער באָרד, מיט אַן אײַנגעשרומפּן פאַרשוויצט פּאָנעם. הינטער אים איז, קוים שלעפּנדיק די פיס, אַן אײַנגעהויקערטע, מיט אַן אָנגעשטאָפּטן זאַק אַף דער פּלייצע געגאַנגען זײַן ווײַב וויכנע. אין דער רעכטער האַנט האָט זי געטראָגן עפּעס אַ פּעקל און אַף דער לינקער, מיט וועלכער זי האָט צוגעהאַלטן דעם זאַק, איז געהאַנגען די געקעסטלטע שאַל, וואָס אַבע האָט איר געקויפט נאָך צו דער כאַסענע. ערגעץ אַפן וועג, היפּש הינטער זיי, האָט, אָנגעשפּאַרט אַף אַ קוליע, געהונקען זייער זון לייזערקע.

אַבע האָט ניט באַוויזן צוגיין צו שאַליטן, ווי וויכנע האָט נאָך פונדערווײַטן מיט אַ טכינע־טאָן זיך צעיאָמערט:

— וויי צו מײַנע פינצטערע יאָרן, וואָס פאַר אַ וויסטעניש דאָ איז! אַן עמעסער בעסוילעם איז געוואָרן פון אונדזער היים... האָט ראַכמאָנעס, זאָגט גיכער, ווער איז לעבן געבליבן?! עפּשער ווייסט איר, וווּ איז מײַן שוועסטער עלקע... וווּ זײַנען מײַנע מעכוטאָנים... מײַנע שכיינים אוראָם קורץ מיט נעסיען... זאָגט מיר, טײַערינקער, ווער איז ניצל געוואָרן פונעם מאַלעכהאַמאָוועסעס הענט?!

אַבע האָט אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד די שווערע פּעקלעך, אָפּגעווישט דעם שוויס, וואָס איז געראָנען פון שטערן. ער האָט געוואָלט עפּעס פרעגן בא שאַליטן, נאָר וויכנע האָט אים ניט געלאָזט.

— וויי, וויי, וווּהין זײַנען מיר עס געקומען, אין אַ וויסטן מידבער... אָך־און־וויי איז אונדז, צו וואָס מיר האָבן דערלעבט, ערגער פון שלעפּער זײַנען מיר געוואָרן. קיין העמד אַפן לײַב איז אונדז אַפילע ניט געבליבן. גיט אַ קוק אַף אונדזער לייזערקען, אַן אייביקער קאַליקע איז ער דאָך געבליבן... אַף איין פוס איז ער געקומען צוריק אין זײַן וויסטער היים...

אַזוי יאָמערנדיק, איז וויכנע צוגעקומען צו אַבען מיט שאַליטן. זי האָט אַ וואָרף געטאָן אַף דער ערד דעם זאַק מיטן פּעקל און איז אַ טויט־מידע געפאַלן אַף זיי.

— ביסט איינער דערווײַל דאָ?.. איינער? — האָט אַבע זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפרעגן.

— מיט אָט דעם כאַווער, — שאַליט האָט אָנגעוויזן אַף זשורבענקאָן, וועלכער איז צוגעגאַנגען צו זיי, — ער איז אויך געבליבן איינער פון זײַן מישפּאָכע.

— איינער... אַן אַרומגעהאַקטער בוים אָן אַ צווײַגל, — האָט וויכנע זיך ווידער צעיאָמערט, — אָן אַ ווײַב, אָן אַ קינד, אָן אַ רינד.

— טאַק, טאַק, פּעוונע, — האָט שאַליט אָנגעהויבן ריידן אַף אוקראַיִניש, זשורבענקאָ זאָל פאַרשטיין. — זײַנען מיר, הייסט עס, אײַנפירען, און מײַן כאַווער איז אַ פינפטער. — ער האָט

נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר וויכנע, וועלכע איז געזעסן אַ ווײַלע שטיל, האָט פּונקט גע־נומען קלאָגן.

— ווו נעמט מען ווערטער אויף אויסצודערציילן מײַן ווייטיק, ווו נעמט מען טרערן אויף צו באַוויינען די אומשולדיקע, וואָס די פאַרשאָלטענע גאַזלאָנים האָבן אומגעבראַכט?!

אויף מאָרגן גאַנצפרי זײַנען שוין וויכנע מיט אַבען אַרומגעגאַנגען איבער די פּוסטע פאַר־יאָסעמטע הויפן און, ווי נאָך אַ סרייפע, געזוכט אין אַש, אין מיסט, עפּעס האָט זיך ווו פאַר־וואַלגערט עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן צוניצקומען אין דער באַלעבאַטישקייט. נאָר אַכוץ האַלב צעפּוילטע שמאַטעס און שערבלעך, האָבן זיי גאָרנישט ניט געפונען.

אין איינעם אַ פּאַליסאַדניק האָבן זיי דערזען עטלעכע פּרוכטביימער מיט אונטערגעבונ־דענע צווײַגן, צעבראָכענע פון שפּליטערס און קוילן, פון ווינטן און בוראַנען.

— שאַליט מיט זײַן כאַוער האָבן זיך שוין דאָ, ווײַזט אויס, געפּאָרעט, — האָט אַבע, באַטראַכטנדיק די ביימער, אַ זאָג געטאָן צו זײַן ווײַב.

— די ביימער וועלן בליִען און די, וואָס האָבן זיי געפּלאַנצט, זײַנען שוין עפּשער לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ, — האָט וויכנע אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ.

זי האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ און דערזען, אַז שאַליט מיט זשורבענקאָ שלעפּן אַ צעבראָכענע באַראָנע.

— וווּהין טראָגן זיי עס? — האָט זי אַ פרעג געגעבן בײַ אַבען.

— מיסטאָמע אין קאָלווירטישאַן הויף. זיי קלײַבן צונויף דעם אינווענטאַר... וואָס דען?

אויפן צווייטן טאָג האָט אַבע צונויפגעשאַרט אַ ביסל קוילן, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט לעבן דער קוזניע, אײַנגעהייצט דעם האָרן און זיך געשטעלט צו דער קאָוואַלדע. לייזערקע האָט אים געהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט.

דערהערט אַ קלינגערײַ פון אײַזן, איז שאַליט אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. פון דער קלינגערײַ איז אים עפּעס פריילעכער געוואָרן אויף דער נעשאָמע. אַזוי, האָט ער זיך דערמאָנט, פלעגט אַלעמאָל אָנהייב פרילינג און האַרבסט קלינגען אין קוזניע. די האַמערס פלעגן קלאַפּן איבער די אָנגעגליטע אײַזנס און זייער קלאַנג פלעגט זיך פריילעך פאַנאַנדערטראָגן איבערן דאָרף.

ער איז צוגעלאָפן צו דער קוזניע און דערזען אַבען. אַ פאַרשוויצטער און אַ צעפּאַליעטער איז יענער געשטאַנען בײַ דער קאָוואַלדע און מיטן שווערן האַמער געקלאַפּט איבער אַ רויט־צעגליטן לעמעך.

— כ'האָב דיר טאַקע געוואָלט זאָגן, אַז מע וואָלט באַדאַרפט... — האָט שאַליט, אַרײַנ־קוקנדיק אַבען אין די אויגן, אָנגעהויבן.

— וואָס דאַרף מען? אַקערן? וואָס, איך ווייס אַליין ניט? צי מע דאַרף מיר דען דערמאָנען?

— מיר וועלן אַקערן, מיר מוזן אופאַקערן און פאַרזייען וויפל מיר וועלן נאָר קאָנען. אַז מיר וועלן איצט ניט פאַרזייען, וועלן מיר איבעראַיאָר לייגן די ציין אויף דער פּאָליצע. פאַר־שטייסט? — האָט געזאָגט שאַליט.

און שוין אין עטלעכע טעג אַרום זײַנען שאַליט, זשורבענקאָ און אַבע מיטן ווײַב אַרויס אין פעלד. די מענער האָבן צוזאַמען מיט דער בעהיימע זיך אײַנגעשפּאַנט אין אַקער, און וויכנע איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן און צוגעהאַלטן דאָס הענטל, דער לעמעך זאָל ניט אַרויסשפּרינגען. די ערד, צו וועלכער עס האָט זיך שוין לאַנג ניט צוגערירט קיין אַקער, איז פאַרהאַרטעוועט גע־וואָרן. דער לעמעך האָט זיך אײַנגעביסן אין איר און איז טייקעף צוריק אַרויסגעשפּרונגען, זיך געגליטשט איבער דער מיט גראָז פאַרוואַקסענער אויבערפלאַך, די בעהיימע האָט זיך קוים געשלעפּט. שאַליט, אַבע מיט זשורבענקאָ האָבן איר מיטגעהאָלפן. נאָר אינגיכן האָבן זיי זיך אויך אָנגעהויבן אַרויסשלאָגן פון די קויכעס.

זיי האָבן באַוויזן ערשט איין מאָל אַרומגיין דעם קלין, ווי פון ערגעץ איז אָנגעקומען אַ מאַשין. לעבן דעם טשיקאַוון שפּאַן האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, און פון איר איז אַרויס אַ הויכער, שטאַלטנער מאַנצבל אין אַן אָפיצערישן קיטעל אָן פּאָגאָנעס, מיט אַ פעלדטאַש אין האַנט.

„געוויס נאַטשאַלסטווע פון ראַיאָן" — האָבן זיך אַלע אָנגעשטויסן.

— זדראַוויאַ זשעלאַיעם¹, — איז זשורבענקאָ דער ערשטער צוגעגאַנגען צו דעם געקומענעם.

— אָט דאָס איז אײַער שלעפּקראַפט? — האָט מיט טרויעריקער איראָניע אַ פרעג געטאָן דער געקומענער.

---

¹ — אַ מיליטערישע באַגריסונג.

— וואָס זאָלן מיר טאָן? ס'קומט אויס טאקע, ווי מע זאָגט, אקערן מיט דער נאָז די ערד... — האָט וויכנע זיך אָנגעהויבן קלאָגן. — איר זעט אָט די בעהיימע, זי איז אלפּינעס גאנץ געבליבן פון אונדזער גאנצער כודאָבע... קומט איר אויס, נעבעך, שלעפּן דעם אקער, אז קוים וואָס זי שלעפּט אליין די פיס... און מיר אליין, איר זעט דאָך די גיבוירים, וואָס מיר זײַנען, דארפן פארבײַטן א טראקטאָר.

— א סאך ערד וועט איר אזוי אָנקראצן!.. — האָט דער געקומענער א זאָג געגעבן מיט מיטגעפיל.

— א ברײרע האָבן מיר? — האָט וויכנע געענטפערט.

— און אין ראיאָן, צו די שכײנישע קאָלווירטן פארוואָס האָט איר זיך ניט געווענדט?

— מיר האָבן נאָך ניט באוויזן אפילע אָפּעטעמען, ארומקוקן זיך, וואָס ארום טוט זיך, — האָט שאליט זיך אָפּגערופן.

— האָט איר באשטימט אופאקערן דערווײַל פאר זיך א שטיקל ערד?

— וואָס הייסט פאר זיך? — האָט שאליט מיט פארוווּנדערונג א קוק געגעבן אפן געקומענעם. — וואָס זײַנען מיר, אינדיווידואלן?.. וואָסי, קיין קאָלווירט וועט שוין בא אונדז ניט זײַן? מענטשן וועלן דאָך קומען, וועלן זיי איבערראיאָר כאָטש האָבן מיט וואָס די נעשאָמע צו דערהאלטן.

— אכוץ אײַך זײַנען מער קיין מענטשן דערווײַל ניט פאראן אין יישעוו?

— פון קנאפּע דרײַ הונדערט מישפּאָכעס איז בא אונדז דערווײַל פאראן א האלבע מישפּאָכע, — האָט שאליט אָנגעוויזן אף אבען מיט וויכנען, — און נאָך א פערטל מישפּאָכע, דאָס בין איך... וועגן מײַן ווײַב מיט די צוויי קינדער ווייס איך דערווײַל גאָרנישט ניט...

— מענטשן וועלן זיך אומקערן, — האָט דער געקומענער זיכער געזאָגט, — מ'דארף ערנסט א טראכט טאָן, וויאזוי אופאקערן וואָס מער ערד, מירן זען אײַך באזאָרגן מיט זריע...

דער געקומענער האָט ארויסגענומען א פּעקל פּאפּיראָסן און, צוטראָגנדיק יעדן באזונדער, פאָרגעלייגט פארייכערן. שאליט מיט זשורבענקאָן האָבן גערן פארייכערט. אבע איז געשטאנען עטוואָס אין א זײַט און האָט פארדײַגעט געקראצט דעם קאָפּ. א רעגע האָט ער זיך געוואקלט — נעמען א פּאפּיראָס, צי ניט נעמען? און כאָטש ער האָט שוין קימאט זיך געהאט אָפּגעווינט פון רייכערן, האָט ער ניט געקאָנט בײַשטיין דעם ניסויען.

— דערלויבט, טײַערער כאווער, דערקוויקן די נעשאָמע כאָטש מיט א פּאפּיראָס, — האָט ער אויסגעשטרעקט די האנט צום געקומענעם. — איר זײַט, קאָנטיק, עפּעס אן אָנפירער... איז דערלויבט צו פרעגן, ווער זײַט איר?

— איך בין דער סעקרעטאר פון ראיפּארטקאָם... קאָמוניסטן זײַנען פאראן צווישן אײַך?

— מיר זײַנען דאָ צוויי מיטגלידער פון פארטיי: איך און דער כאווער זשורבענקאָ. ער איז בא אונדז א צוגעקומענער. זײַן מישפּאָכע איז אומגעקומען, איז ער געבליבן בא אונדז, — האָט שאליט זיך אָפּגערופן.

— צוויי קאָמוניסטן זײַנען שוין א קויעך, — האָט געזאָגט שולימאָוו, — אף דער מילכאָמע פלעגט דאָך טרעפן, אז עטלעכע מענטשן פלעגן אײַנהאלטן פּאָזיציעס פון א גאנצן באטאליאָן... אזוי, כאווײרים, באקומט זיך בא אײַך... עטלעכע מענטשן וועט אויסקומען דערווײַל ארבעטן אָנשטאָט א גאנצן קאָלווירט. די ערשטע צײַט וועט אײַך, געוויס, זײַן שווער... נאָר, נישקאָשע, די ראיאָנע אָרגאניזאציעס וועלן אײַך העלפן... צוביסלעך וועלן זיך נעמען אומקערן די קאָלווירטניקעס, וועלכע ס'האָט זיך אײַנגעגעבן צו עוואקוירן, נײַע מענטשן וועלן זיך ארײַנגיסן צו אײַך... ריכטיק האָט איר געטאָן, וואָס איר פאטערט ניט קיין צײַט און איר זײַט טייקעף ארויס אין פעלד... ווײַל יעדער טאָג איז איצט טײַער.

שולימאָוו האָט זיך אָפּגעזעגנט. שוין הארט בא דער מאשין האָט ער זיך ווי אין עפּעס דערמאָנט, אומגעקערט זיך און געזאָגט:

— כ'פאָר איצט אין „דרוזשבא", כ'וועל זיך פּרוּוון צונויפרײדן, זיי זאָלן אײַך ביז וואָסווען אופאקערן א פּאָר העקטאר, זריע פאר אײַך וועלן מיר זען קריגן און ווי נאָר ס'וועט זײַן מעגלעך, וועלן מיר צושיקן צו אײַך א טראקטאָר.

4

אײנציקווײַז און מישפּאָכעסווײַז האָבן אין יישעוו זיך אָנגעהויבן אומקערן די עוואקוירטע. די ווײַבער — אין וואטניקעס מיט לאטעס פון רויטן טיק און פון צעריסענע ציצענע קליידלעך, אף די פיס שווערע סאָלדאטישע שיך מיט וויקעלעך אָנשטאָט זאָקן. די פּענעמער אויסגעצערטע פון נויט און דאכקעס, פונעם שווערן לעבן אין עוואקואציע. בא די באיאָרטע מענער זײַנען פאר די יאָרן פון דער מילכאָמע די שווארצע, ברוינע און געלע בערד און טשופּרינעס געוואָרן גראָוו.

צוזאַמען מיט די עוואַקויִרטע האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן פאַרוווּנדעטע פראָנטאָוויקעס פון די שפיטאָלן און דעמאָביליזירטע פון דער אַרמיי.

אין פײַער פון שלאַכטן, אין ווײַטע קאַנטן, וווּהין מען איז פאַרוואָרפן געוואָרן, האָבן די מענטשן ניט אויפגעהערט צו בענקען נאָך זייער היים, נאָך די פעלדער, נאָך דעם לויטערן הימל, אונטער וועלכן זיי זײַנען געוואַקסן, נאָך דער זון, וואָס האָט געוואַרעמט און דערקוויקט. און ניט איין מאָל, ווען זיי פלעגן זיך פאַרקוקן אָף טשאַטעס פויגלען, וועלכע קערן זיך אום פרילינג־צײַט מיט אַ פריילעכער צוויטשערײַ צו זייערע אַלטע נעסטן, פלעגן זיי מיט קינאה טראַכטן:

— ווען וועט שוין אונדזער פרילינג קומען, ווען וועלן מיר שוין אומקערן זיך אַהיים?

און איצט קערן זיי זיך אום, ווי אָנהייב פרילינג די פייגל, פון די ווײַטע קאַנטן צו זייער געגאַרטער אויסגעבענקטער היים.

אָף דער פלייצע — דאָס סאָלדאַטישע רענצל, אין וועלכן עס זײַנען געלעגן אַ פּאָר סוכער־לעך מיט עטלעכע שטיקלעך צוקער פונעם „טרוקענעם פּאַיאָק", וואָס דער סטאַרשינאַ האָט אים אַרויסגעגעבן אָפן וועג. אין דער כאַליעווע פון די קירזאָווע שטיוול אַ לעפל, איז געגאַנגען אַהיים מאָטל קאָטקעס, אַ נידעריקער געזעצטער מענטש מיט אַ קאָפּ, ווי אַ קירבעס. ער, דער געוועזענער פּאַסעטשניק, האָט אַמאָל ליב געהאַט צו זאָגן, אַז די בינען זײַנען אים טײַערער פון אַלץ אין דער וועלט.

ליגנדיק אין די שוצגראָבנס, פלעגט ער זיך אָפט פאַרקוקן אָף אַ צופעליק גאַנץ געבליבן בלימל און טראַכטן וועגן זײַנע בינען.

איצט, גייענדיק צווישן די פאַרוואַקסענע פעלדער, אינעם שטילן זומערדיקן טאָג, האָט ער זשעדנע געקוקט אָף די הויכע גראָזן און צעבליטע פעלד־בלומען.

— ווי נעמט מען אַהער מײַנע בינען, — האָט ער געטראַכט, — אַ יאָם מיט האָניק ליגט דאָ. ס'אַראַ גערעטעניש זיי וואָלטן עס אַראָפּגענומען.

זײַנע אויגן האָבן גענישטערט איבער די פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן לענגויס דעם וועג. געזוכט אַ בין אַלס אָנזאָג, אַז עפּעס האָט זיך פאַרהיט פון זײַן פּאַסעקע. ווי אַפּצולאָכעס אָבער האָבן אַרום נאָר געגרילצט די גרילן און פויגעלעך האָבן געצוויטשערט.

אין האַלב וועג ביזן יישעוו, ניט ווײַט פון הייקאָווקע, האָט ער דערזען די ערשטע בינען. דאָס האַרץ איז באַ אים אַזש פאַרציטערט געוואָרן. די בינען זײַנען מיט אַ זשומערײַ געפלויגן פון איין בלימל צום צווייטן, און מאָטל האָט ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פון זיי.

„מײַנע זײַט איר, מײַנע?" — האָט ער ווי געפרעגט.

אין עק דאָרף, אין אַ וועלדל, האָט ער דערזען דרײַ בינשטאָקן. אָף איינעם פון זיי איז געווען אָנגעשריבן מיט יידישע בוכשטאַבן „שאָלעם", אָף די איבעריקע צוויי זײַנען געבליבן איינצלנע אויסיִעס, פון וועלכע מאָטל קאָטקעס האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז זיי האָבן אַמאָל געהייסן „האָרעפּאַשניק" און „שלאָגלער".

— ווי קומען צו אײַך די בינשטאָקן? — האָט קאָטקעס זיך געווענדעט צום פּאַסעטשניק, אַ גראָוון זאָקן, וועלכער איז געזעסן אָנגעשפּאַרט מיט דער קין אָפן שטעקן און האָט געדרעמלט.

— דאָס האָבן מיר זיי געבראַכט פונעם יידישן קאָלווירט „האָפענונג"... די פאַשיסטן האָבן זיי געוואָלט אַרויספירן קיין דײַטשלאַנד, האָבן מיר זיי באַנאַכט שטילערהייט צוגענומען צו זיך, ביז די באַלעבאַטים וועלן זיך אומקערן.

אין איין אָטעם האָט מאָטל זיך געלאָזט לויפן אַהיים. ער האָט זיך אַפילו ניט אָפּגעשטעלט אַ קוק טאָן, וואָס די דײַטשן האָבן געמאַכט פונעם יישעוו. דערוווּסט זיך, אַז שאַליט איז דאָ, איז ער אַ פאַרפאַליעטער אַוועקגעלאָפן צו אים:

— אין הייקאָווקע האָב איך געפונען דרײַ בינשטאָקן... אונדזערע בינשטאָקן...

שאַליט האָט טייקעף צוגערופן זשורבענקאָן.

— גוט, זייער גוט, וואָס עס האָבן זיך אָפּגעזוכט אַ פּאָר בינשטאָקן, — האָט זשורבענקאָ צופרידן געריבן די הענט. — מיר האָבן שוין אַ בעהיימע און וועלן האָבן אַ פּאַסעקע פון דרײַ בינשטאָקן... אַז ס'זײַנען דאָ דרײַ בינשטאָקן, וועלן אינגיכן זײַן פיר, פינף, זעקס און נאָך און נאָך...

— געדענקסט, ווי די בינען האָבן אונדז פאַר דער מילכאָמע אַרויסגעראַטעוועט?.. — האָט שאַליט, שײַנענדיק פאַר פרייד, ווי ער וואָלט געפונען אַן אוצער, זיך אָנגערופן צו קאָטקעסן, — איצט וועלן זיי אונדז ווידעראַמאָל אַרויסראַטעווען.

אינעם קאָלווירטישן סאָד, וווּ עס האָבן זיך פאַרהיט געציילטע פּרוכטביימער, זײַנען איצט געשטאַנען דרײַ בינשטאָקן און אין זיי האָט אָן אופהער געזשומעט, ווי אַ פרילינגדיק וואַסערל.

אָף די פאַרוואָרפענע און מיט ווילדגראָז פאַרוואַקסענע פעלדער האָט שוין געאַרבעט אַ טראַקטאָר, צעבויטענדיק מיט זײַן הודערײַ די אַרומיקע שטילקײַט.

ווי איבערופנדיק זיך מיט אַט דער פרייִדיקער הודעה האָבן פון דער קוזניע נאָך שטאַר־קער א הילך געטאָן די האַמערס.

אין די הויפן האָבן די צוריקגעקומענע רעמאָנטירט זייערע כאַרעווע היַיזער, געגראָבן, גע־קלאַפּט, געטעסעט, געפּורעמט ציגל פון ליים. אפילו אַפּן פּאַרלאָזטן ווייַנגאָרטן האָט מען זיך געוויסעקט ארום די איינציקע גאַנץ געבליבענע קוסטעס.

שאַליט מיט זשורבענקאָן האָבן, ווי פריִער, ניט אופגעהערט צו האַוועז, ניט וויסנדיק פון קיין רו.

די צוויי סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געטראָפן אין דער וויסטעניש, זייַנען פאַר א קורצער צייַט געוואָרן איין גוף און איין נשמה.

ניט שאַליט, ניט זשורבענקאָ האָבן קיין מינדסטע זאַך ניט געטאָן איידער זיי זאָלן זיך פריִער ניט באַראַטן איינער מיטן צווייטן. דערפאַר טאַקע האָט מען יעדערן פון זיי גערופן מיט א צווייענדיקן נאָמען: שאַליט־זשורבענקאָ, און ווען מען האָט מען דערבייַ געמיינט, — שאַליט־צי זשורבענקאָ, — איז שוין שווער געווען צו פאַרשטיין.

5

קיינער האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט אין יישעוו אזא ציכטיקער, אזא אונטערגעצויגן־בראַוועד, ווי אַנשל קאַצין. קיינער איז נאָך ניט געווען אזוי אויסגעפּוצט, ווי ער. דער געוועזנטע־נער ברוינער קיטעל איז געווען ריין אויסגעבערשטלט. אַף דער ברוסט האָבן געפינקלט דרייַ מעדאַלן. פון אונטערן קאַלנער האָט ארויסגעקוקט א שניי־ווייַס קעלנערל. די שטיוול האָבן גע־גלאַנצט.

— קוק אים נאָר אָן, — האָט שאַליט, דערזעענדיק דעם געוועזענעם בריגאַדיר אַנשלען, א געשריי געטאָן, — א כאַסן־באָכער, אן עמעסער כאַסן־באָכער! דו ביסט דאָך גאָר ווי ניט פון דער מילכאָמע געקומען, נאָר פון א כאַסענע.

— וואָס זשע? — האָט אַנשל זעלבסטצופרידן געשמייכלט. — איך וועל אינערגעץ ניט פאַרפאַלן ווערן.

שאַליט האָט געקענט אַנשלען פאַר א באָכער א ברען, אָבער א קריכער, וואָס איז שטענדיק אומעטום פול.

קאָכלעפל, פלעגט מען אים רופן. ווו מע זייט אים ניט, וואַקסט ער. האָבן מענטשן גע־כויזעקט פון אים. ניט געווען קיין פאַרזאַמלונג, ער זאָל דער ערשטער ניט ארויסשפרינגען מיט א רעדע, וועלכע פלעגט זיך געווייינלעך ענדיקן אומגעפער אזוי:

— דערלויבט צו פאַרזיכערן דעם ראַיקאָם פון דער פאַרטיי און די אָנפירונג פון אונדזער קאָלווירט, אז די אופגאַבן, וועלכע שטייען פאַר אונדז, וועלן מיר אויספילן מיט ערע און פאַרן טערמין.

ניט געווען קיין פאַל, אין יישעוו זאָל זיך באַווייַזן עפּעס אן אָנפירער און אַנשל זאָל טייקעף ניט אויסוואַקסן לעבן אים, גלייַך ניט ווערן מיט אים היימיש, ניט אָנרופן אים אַף „דו“, ווי א לאַנגאָניקן גוטן־ברודער.

סאַמע ערעוו דער מילכאָמע איז אַנשל געוואָרן בריגאַדיר און געהאַט א שעם פון אן אַקטיוויסט. איצט, אומקערנדיק זיך אהיים מיט דרייַ מעדאַלן אַף דער ברוסט, איז ער געווען זיכער, אז מע וועט דאָ אָפּשאַצן זייַנע פאַרדינסטן און ער וועט ווערן אן אָנפירער, א מענטש, וועלכן אלע וועלן אנערקענען, שעצן און אכטן.

נאָר דער כורבן, וועלכן ער האָט דאָ געטראָפן, האָט אים אזוי דערשיטערט, אז ער איז גרייט געווען טייקעף אנטלויפן, וווהין די אויגן טראָגן.

— דו האָסט געזען אמאָל א צעקלאַפּטן טייל נאָך א שווערער בלוטיקער שלאַכט? — האָט אים שאַליט אָנגעהויבן דערקלערן. — פון אָנהייב, אז דו רייַסט זיך ארויס פון געהענעם, דוכט זיך דיר אויס, אז אלץ איז שוין פאַרפאַלן. נאָכדעם הייבן זיך אָן יאָוועז מענטשן, ס'באַווייַזט זיך איינער, א צווייטער, א דריטער, ס'קומען צו פרישע קויכעס און ס'ווערט ווידער א טייל, ווי א נייַגעבאָרענער. אזוי איז מיט אונדזער קאָלווירט. ווען איך בין געקומען אהיים, בין איך געווען איינער. איינער, האָט זיך מיר געדוכט, בין איך געבליבן לעבן פון א גאַנצן יישעוו. כ'האָב גע־מיינט, אז די וויסטעניש איז שוין דאָ אַף אייביק. צוביסלעך האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייַזן מענטשן, עוואַקויִרטע, דעמאָביליזירטע, און איצט איז שוין געוואָרן עפּעס א ביסעלע פרייִלעכער אַף דער נשמה. אַף אונדזערע פעלדער הודעט צוריק א טראַקטאָר, עס זשומען צוריק בא אונדז די בינען, עס וואַקסן פּרוכטן אַף דיביימער פונעם סאָד. נאָר ס'ייִווי איז אונדז נאָך שווער, כאַווערל, זייער שווער!..

— טאַקע, ווייַל ס'זייַנען געבליבן בא אונדז ווייניק מענטשן, דאַרפן מיר אויסרעכענען ניט

אף דער צאָל, נאָר אַף דער געניטקייט, — האָט אנשל מיט געמאַכטן פאַטאָס אַרײַנגעשטעלט דעם באַוווּסטן סוּוואָראָווישן אויסדרוק.

— ריכטיק, כאַווערל, ריכטיק! — האָט אים שאליט אונטערגעהאַלטן. — וואָסי, מיר קענען ניט אַרבעטן? מיר זײַנען קיינמאָל, דוכט זיך, ניט פאַרשעמט געוואָרן.

— מיר זײַנען אַף דער מילכאָמע אויך ניט פאַרשעמט געוואָרן, — האָט אנשל אַרויסגע־שטעלט די ברוסט, מע זאָל בעסער זען זײַנע מעדאַלן.

— אַוואַדע, אַוואַדע, — האָט שאליט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — האָסט געהערט?.. באַ אונדז האָט זיך באַזעצט אַ גוטער כאַווער... אַ געוועזענער פּאַרזיצער פון אַ קאָלווירט... כאַווער זשור־בענקאָ הייסט ער... פונעם ערשטן טאָג, זינט איך בין געקומען אַהער, לעבן מיר און מיר אַרבעטן מיט אים צוזאַמען... ער האָט אונדז אַ סאַך געהאָלפן... איצט האָבן מיר אים פאַר אַ פּאַר־זיצער פון קאָלווירט אויסגעוויילט.

— און דו?.. דו וואָלסט זיך ניט ספּראַוועט?

— כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, ער איז באַ זיך אין דער היים אויך געווען אַ פּאַרזיצער פון אַ קאָלווירט. ער איז אַ דערפאַרענער מענטש, אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר... מיר לעבן מיט אים, ווי איין גוף און איין נעשאָמע.

— פונוואַנען איז ער געקומען אַהער? ווען האָסטו עס באַוויזן אים אַזוי צו דערקענען, וואָס דו לייגסט אײַן פאַר אים די וועלט?

— אַ וואָך אַז מע עסט פון איין קעסעלע, אַז מע טיילט זיך מיטן לעצטן שטיקל ברויט און מע שלאָפט אַף איין נאַרע, איז מער ווערט, ווי אַן אַנדערשמאָל אַ יאָר.

— אַן אופּטו פון אַ פרעמדן באַמערקט מען שטענדיק גיכער, — האָט קאַצין פילדײַטיק אַ זאָג געטאָן. — איך בין זיכער, אַז מיר האָבן פאַר דער מילכאָמע געאַרבעט ניט ערגער פון דעם כאַווער זשורבענקאָ, ווען מען דו לויבסט אַזוי. און איצט, האָף איך, וואָלטן מיר זיך אויך ניט שלעכט ספּראַוועט.

שאליט האָט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס קאַצינען פאַרדריסט, וואָס ער לויבט אַזוי זשורבענקאָן. ווײַזט אויס, אַז געקומען איז אנשל אַהיים מיט אַ מיין צו ווערן דער פּאַרזיצער, אָבער איצט, אַז ס'איז שוין פאַראַן אַ פּאַרזיצער, וואָס וועט ער דאָ טאָן? אַבי וואָס פאַר אַן אַרבעט וועט אים ניט אָנשטיין.

פונדעסטוועגן האָט שאליט ניט געוואָלט אַזוי־אַ אָפּלאָזן אַנשלען.

— דו האָסט דאָך אַליין געזאָגט, — האָט ער מיט אים אײַנגעטײַנעט, — אַז געניטע הענט זײַנען באַ אונדז איצט אָפּן וואָג פון גאָלד...

— נו, איז וואָס? — האָט קאַצין זיך אַ דריי געטאָן, אומצופרידן אַ קוק געגעבן אַף שאליטן, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און האַסטיק זיך געלאָזט גיין.

אַ פּאָר טעג האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין יישעוו און איז פּלוצעם נעלעם געוואָרן.

אינגיכן האָט מען זיך דערוווּסט, אַז קאַצין קלײַבט זיך אַריבערגיין אין אַנדער קאָלווירט. שאליט איז פון דער יעדיִע געוואָרן אויסער־זיך:

— וואָס הייסט? אין אַזאַ צײַט, ווען אונדז איז אַזוי טײַער יעדער מענטש, טוט מען עס אָפּ אַזאַ זאַך!.. וואָס, באַ אונדז איז שוין קיין פּאַסיקע אַרבעט ניטאָ פאַר אים?

שאליט האָט געפּרוּווט ריידן מיט אַנשלען, נאָר ס'האָט ניט געהאָלפן. אנשל איז אוועקגעפאָרן אין קאָלווירט „מאַיאַק". דער גוטער שעם, וואָס דער דאָזיקער קאָלווירט האָט שוין צו יענער צײַט געהאַט, האָט געהאָלפן שאַפן אַ גוטן נאָמען דעם נײַעם פּאַרזיצער — אנשל קאַצינען.

6

שאליט מיט זשורבענקאָן האָבן נאָך אַלץ געוווינט אינצווייען אינעם קליינעם צימערל פון דער האַלב אײַנגעפאַלענער שטוב, וווּ זיי האָבן זיך געהאַט באַזעצט פון די ערשטע טעג אָן, זינט זיי האָבן זיך באַוויזן אין יישעוו.

— לאָמיר אַריבערגיין צו מיר אין שטוב וווינען, — האָט שאליט ניט איין מאָל געפּרוּווט אײַנריידן זײַן כאַווער. נאָר זשורבענקאָ האָט זיך אָפּגעזאָגט.

— מיר איז דאָ אויך גוט... וואָס דאַרף איך האָבן, איבערשלאָפן — און גאָר...

— וואָס ביסטו, ערגער פון אַ פויגל?.. אַ פויגל דאַרף אויך אַ נעסט, — האָט שאליט גע־טײַנעט צו אים.

— אַ פויגל זוכט זיך אויסצובאַהאַלטן אין נעסט, און איך זוך שטענדיק אַן אָרט, וווּ מענטשן זײַנען דאָ.

כאָטש שאליט האָט באַ זיך אין שטוב געהאַט אויסגעווײַסט די ווענט, אַרומגעוואַשן די

טירן, די פענצטער און צוגעקליבן אין יעדן ווינקעלע, פונדעסטוועגן אריבערגיין וווינען אהין איינער אליין האָט ער ניט געקאָנט. צו פײַנלעך שווער איז אים געווען צו זײַן דאָרט. יעדע קליי־ניקײַט אין שטוב האָט אופגעוועקט אין זיקאָרן אַן א שיר דערמאָנונגען, עס האָט זיך אים קע־סיידער געדוכט, אז אָט־אָט וועט א סקריפּ טאָן די טיר און עס וועלן זיך באַווײַזן כאַווע מיט די קינדער. צומאָל פלעגט זיך אים אויסווײַזן, אז ער פילט די באַרירונג פון קינדערשע הענטלעך, וואָס נעמען אים ארום, אז ער הערט א פריילעך געפילדער:

— טאַ־טע!.. טאַ!..

נאָר די טאָגטעגלעכע שווערע הארעוואַניע, די דײַגעס וועגן די איניאָנים פון קאָלווירט האָבן אים א ביסל אָפּגעוועגדט פון די שווערע מאַכשאָוועס און פײַנלעכע דערמאָנונגען.

און דאָך, ווי ער איז ניט געווען פארנומען, פלעגט ער געפינען א פרײַע שאָ ארײַנצוגיין צו זיך אין שטוב און זיך פּאָרען דאָרט. אָט האָט ער אָפּגעזוכט אַן אלט טעפל, אויסגעשקראָבעט פון דעם די פּאַרטריקנטע קויט, אויסגעוואַשן עס, אופגעהאַנגען אפן פלויט אויסצוטריקענען און דערנאָך אוועקגעשטעלט מיטן דנאָ ארוף, פונקט ווי זײַן כאַווע פלעגט טאָן, אפן פּריפּעטשיק. אָט האָט ער געמאַכט א פּאַליצקע פאַר די טעלער, אָט אָפּגעזוכט אפן בוידעם צווישן שמאַטעס א פאַרהענגל, עס אויסגעוואַשן, איבערגעקאַטשעט אפן רובעל מיט דער קאַטשלקע און אופגע־האַנגען אפן פענצטער, וואָס האָט ארויסגעקוקט צו דער גאַס. די גרעסטע פרייד איז בא אים געווען, ווען ער האָט געפונען כאַיעלעס אַן אלטע פאָטאָגראַפיע, ער האָט זי ארומגעווישט פון שטויב, ארײַנגעשטעלט אין א רעמעלע און אופגעהאַנגען אף דער וואַנט, לעבן די בילדער, וועלכע ער האָט צוריק מיט א פּאָר טעג געהאַט אויסגעשניטן פון אלטע צײַטונגען. אזוי האָט ער ניט אופגעהערט צו ראַמען, צוקלײַבן די שטוב, עפּשער וועט פּאָרט קומען זײַן מישפּאָכע. נאָר זי איז ניט געקומען.

איינמאָל אין אָוונט, ווען ער האָט זיך געפּאָרעט אין שטוב, איז פאַרבײַ זײַן הויף דורכגע־גאַנגען שיינדל קאַמינער.

דעם ערשטן טאָג, ווי נאָר קאַמינער האָט זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע אהיים, זי האָט נאָך ניט באַוויזן אריבערצוטרעטן די שוועל פון איר כאַרעוווער און פאַרלאָזטער שטוב, איז צו איר אָן אָטעם געקומען צו לויפן נאָכעם שאַליט, ער האָט געוואָלט וויסן, צי האָט זי ערגעץ ניט באַגעגנט זײַן כאַוון מיט די קינדער.

שיינדל איז בלייך געוואָרן ווי די וואַנט, ווען זי האָט זיך דערמאָנט אין דעם שוידער, וועלכן זי האָט איבערגעלעבט.

— הימל און ערד האָט זיך דאַן געמישט, — האָט זי געזאָגט, — ווער ווייסט, ווער ס'איז געפאַלן טויט אף די וועגן, ווער ס'איז דערטרונקען געוואָרן, ווען מע האָט צעבאָמבירט די בריק, ווער ס'איז ארײַנגעפאַלן צו די גאַזלאָנים אין די הענט און ווער ס'איז ניצל געוואָרן.

נאָכעם איז דאַן געזעסן לעבן שיינדלען אף דער פּריזבע פון איר שטוב, ווי א פאַרשטיי־נערטער. געקומען א ביסל צו־זיך, האָט ער פונסנײַ זיך אָנגעהויבן פּאַנאַנדערפרעגן, עפּשער האָט זי שפּעטער פּאָרט עפּעס געהערט וועגן זײַן מישפּאָכע, עפּשער ווייסט זי, ווו זי צו זוכן.

שאַליטס פּאָנעם איז געווען פאַרצאָרנט, די אויגן פול מיט ווייטעק און בענקשאַפט.

וועלנדיק אים אָפּוועגדן פון זײַנע ראַיוינעס, האָט שיינדל פאַרפירט א רייד וועגן זייער יוגנט, וועגן די קאָמיוגישע יאָרן, וועלכע זײַנען פאַרבײַ, ווי א פרילינגדיק געוויטער. בלויז אף א רעגע האָבן בא נאָכעמען א גלאַנץ געטאָן די אויגן און טייקעף איז ער ווידער געבליבן זיצן א פאַרדײַגעטער, פאַרזונקען אין די שווערע מאַכשאָוועס, וועלכע האָבן אים ניט אופגעהערט צו פײַניקן.

איצט האָט שיינדל זיך דערמאָנט אָן איר שמועס מיט נאָכעמען בא איר אף דער פּריזבע און האָט באַשטימט ארײַנגיין צו אים.

— וואָס פאָרעסטו זיך דאָ אליין, נאָכעם? — האָט שיינדל שטיל געפרעגט, אריבערטרעטנ־דיק די שוועל.

דערהערט א פרויען־שטים, האָט נאָכעם פון אומגעריכטקײַט א ציטער געטאָן.

— ווער איז עס? — האָט ער אויסגעשריען.

שיינדל איז צוגעגאַנגען נעענטער און ווידער א פרעג געטאָן:

— וואָס פאָרעסטו זיך עס?

— כ'גרייט זיך, עפּשער וועלן מײַניקע קומען, — האָט ער מיט א באַהאַלטענעם ווייטעק א זאָג געטאָן. שיינדל האָט פאַרשטאַנען, אז וואָס מער ער גרייט זיך צו כאַוועס קומען, אלץ מער הייבט ער אָן צו גלייבן, אז זי וועט טאַקע קומען.

— דו האָסט נאָך כאַטש אף וועמען צו וואַרטן, — האָט שיינדל, צוזעצנדיק זיך אף דער אלטער קאַנאַפּע, וועלכע האָט זיך פאַרהיט אין זײַן כאַרעוווער שטוב, א זאָג געטאָן. — מײַן זעליק

וועט זיך שוין צו מיר קיינמאָל ניט אומקערן. דאָס ווייס איך געוויס. מײַן דינעלע, מײַן איינציק אויג אין קאָפ, וועלכע איז געשטאָרבן אפן וועג בייס דער עוואַקואַציע, וועט שוין אויך פון דער ערד ניט אופשטיין. איז אַף וועמען זאָל איך ארויסקוקן? אַף וועמען זאָל איך וואַרטן?

נאָך קינדווײַז האָט שיינדל זיך געהאַט געכאַוועט מיט נאָכעמען. צוזאַמען האָבן זיי זיך געלערנט אין שול, אָפט צוזאַמען געמאַכט די לימודים און אין איין צײַט ארײַנגעטראָטן אין קאָמיוג.

זינט שיינדל האָט דערזען נאָכעמען אַן איינזאַמען, א פאַרטרויערטן, האָט זי ניט אופגעהערט צו דערמאָנען זיך, זי ווייסט אליין ניט פאַרוואָס, יענע ווײַטע גליקלעכע יאָרן. איינמאָל איז זי געקומען אין שול אַן אויסגעפוצטע, אין א נײַ רויט גאַרעסן קאָפטעלע, די פאַרפלאָכטענע צעפלעך איבערגעבונדן מיט א רויטער סטענגע. נאָכעם איז געשטאַנען אין רוישיקן שול־קאָרידאָר, וואָס האָט געווימלט מיט קינדער, און ניט אַראָפגענומען די אויגן פון איר. ווען זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, איז זי רויט געוואָרן. זי האָט געוואָלט נאָכאַמאָל אופהייבן די אויגן, א קוק טאָן אַף אים, און זיך פאַרשעמט.

א גאַנצן טאָג האָט זיך דעמלט נאָכעם ארומגעדרייט, ביז ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און בא א געלעגנהײַט, ווען זי איז געבליבן אליין אין א ווינקעלע, האָט ער אויסגעשטרעקט צו איר די האַנט און זי א גלעט געגעבן.

שיינדל געדענקט ביז איצט, ווי עס האָט בא איר א צאַפּל געטאָן דאָס האַרץ און א כיִעסדיקע וואַרעמקײַט האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן איבער איר לײַב. נאָר נאָכעם האָט טייקעף צוגענומען די האַנט און איז, ווי ער וואָלט ווער ווייסט וואָס אָפגעטאָן, אַנטלאָפן.

פון דעם טאָג אָן האָט זיי אָנגעהויבן ציִען איינעם צום צווייטן, נאָר ארומגעגאַנגען זײַנען זיי, ווי בערויגעזע, און נאָר ווען־ניט־ווען זיך איבערגעקוקט מיט שעמעוודיק־פאַרטײַעטע בליקן.

שיינדל האָט זיך דעמלט שטאַרק אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט איר אויסזען, זי פלעגט זיך פאַרקלײַבן אין א ווינקל און, ווען קיינער האָט זי ניט געזען, ארויסכאַפן דאָס שפּיגעלע און צוגלעטן די האָר, צונעצן די ברעמען, זיי זאָלן גלאַנצן, און ארומלעקן די ליפּעלעך, זיי זאָלן זײַן זאַפטיקער. ווען שיינדל און נאָכעם זײַנען עלטער געוואָרן, האָבן זיי, ווי ס'טרעפט גאַנץ אָפט אין לעבן, פאַרגעסן די ערשטע ליבע.

נאָכעם האָט באַגעגנט כאַווען, און שיינדל האָט אָנגעהויבן אין די אָוונטן שפּאַצירן מיט זעליקן. נאָר בא שיינדלען אין האַרצן האָט, אפילע, ווען זי האָט שוין כאַסענע געהאַט מיט זעליקן, געטליִעט, ווי א פונק, נאָכעמס ערשטער שעמעוודיקער בליק.

איצט, קוקנדיק אַף זײַן פאַרכוישעכטן, פאַרוואַקסענעם פּאָנעם, האָט זי זיך דערמאָנט אָן דעם שוואַרץ־אויגיקן זשוואַון יאַטל פון אירע קינדער־יאָרן.

בא א האַלבער שאָ זײַנען זיי געזעסן, שווײַגנדיק געקוקט איינער אפן אַנדערן און זיך דורכגעוואָרפן בלויז מיט איינצלנע אָפגעהאַקטע ווערטער.

פלוצעם האָט זיך שיינדל האַסטיק א כאַפּ געטאָן, ווי זי וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט.

— וואָס, קלײַבסט זיך שוין אַוועקגיין? — האָט ער זיך א שטעל געגעבן, געוואָלט איר, קענטיק, דעם וועג פאַרצאַמען.

— כ'דאַרף שוין גיין אַהיים, כ'בין דאָך ארײַנגעגאַנגען אַף א ווײַלע.

— וווּהין אײַלסטו זיך? בלײַב איבער כאָטש נאָך אַף א רעגע, — האָט שאַליט זיך אָנגעהויבן בא איר בעטן.

— כ'קאָן ניט, כ'וועל אַן אַנדערשמאָל ארײַנגיין, — האָט זי זיך אָפגעזאָגט און זיך האַסטיק געלאָזט גיין.

7

שוין העכער א יאָר, ווי שיינדל האָט זיך אומגעקערט אַהיים. פון דעם ערשטן טאָג האָט זי געאַרבעט אפן ווײַנגאָרטן, נאָר אופשטעלן אים האָט זיך דערווײַל ווייניק וואָס אײַנגעגעבן. ס'איז אויסגעקומען פונסנײַ אופצואַקערן „פּערעוואַל"[1], פאַרזעצן נײַע פלאַנצונגען, און דאָס האָט געפאָדערט א סאַך קויכעס און מיטלען. שאַליט פלעגט זיך אַמאָל אַראָפּכאַפּן אפן ווײַנגאָרטן, פאַנאַנדערפרעגן זיך וועגן דער אַרבעט און זיך אָפגיך ערגעץ אַוועקטראָגן. שיינדלען האָט זיך שטאַרק געוואָלט וויסן, צי האָט ער באַקומען עפּעס א יעדיִע וועגן זײַן כאַווען, וועגן די קינדער. נאָר אין ווײַנגאָרטן פלעגט ער זיך קיינמאָל לאַנג ניט פאַרהאַלטן און ארײַנגיין צו אים אַהיים האָט איר ניט געפּאַסט.

[1] — טיפע אופאַקערונג, ווען דער אייבערשטער שיכט ערד רוקט זיך איבער אונטן, און דער אונטערשטער קומט ארויס אויבן.

אין דרויסן איז שוין געווען הארבסטיק־סומנע. ווילדע גענדז האָבן הויך אין הימל סטײַעס־ווײַז, אין דרײַעקן און אין שנירעלעך זיך געצויגן אין די ווארעמע קאנטן. זייערע אומעטיקע געשרייען האָבן געוועקט אומרו אין די הערצער.

באטאָג און באנאכט האָבן הארבסטיק געוואויעט די ווינטן, ארויסגערופן בא שיינדלען אין דער נעשאָמע א נאָגנדיק געפיל פון עלנטקײַט און אײַנזאמקײַט. ווי זי איז ניט געווען פארנומען אפן ווײַנגאָרטן, ווי זי האָט זיך ניט אָנגעהאָרעוועט פארן טאָג, האָט זי זיך אין די אָוונטן קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען.

איינמאָל אין א פארנאכט האָט זי א מידע און אן אָנגעפרוירענע אין איר אלטן וואטניק אײַליק געשפאנט אהיים. שאליט האָט פונקט זיך געפאָרעט אין הויף ארום דער קופע קורײַ, וועלכע ער האָט צונויפגעשלעפּט פון פעלד אף הייצונג. דערזען זי פונדערווײַטן אין גאס, איז ער ארויס איר אנטקעגן.

— ווּהין אײַלסטו זיך עס? — האָט ער זי אָפּגעשטעלט בא זײַן טויער.

— א טאָג זיך אָנגעהאָרעוועט, צײַט אהיים, — האָט זי אָפּגעענטפערט, קוקנדיק אין א זײַט.

שאליטן האָט געדוכט, אז זי איז א ביסל באליידיקט אף אים. פאר וואָס — האָט ער אליין ניט געוווּסט.

— וואָס הערט זיך בא דיר נײַס? — האָט ער זיך אָנגעהויבן פאנאנדערפרעגן.

— מײַנע געשעפטן ווייסטו, דוכט זיך, גוט, — האָט זי אָפּגעענטפערט.

— כ'האָב זיך דאָ ניט לאנג געהאט ארײַנגעכאפּט צו דיר, ביסטו אין דער היים ניט געווען, — דערמיט האָט ער געוואָלט געבן שיינדלען צו פארשטיין, אז ער האָט זי ניט פארגעסן.

— ווען איז דאָס געווען? — האָט שיינדל, עטוואָס פארזשמורענדיק דאָס לינקע אויג, א שמייכל געטאָן, דאָס האָט געזאָלט הייסן, אז זי גלייבט אים ניט שטארק. — אז דו וואָלסט טאקע וועלן, וואָלסטו מיך טרעפן.

— פונוואנען ווייסטו, אז כ'וויל ניט?

— כ'ווייס ניט, — האָט זי א קנייטש געטאָן מיט די אקסלען, — כ'מיין אזוי.

— אומזיסט מיינסטו אזוי, אומזיסט... — נאָכעם האָט אָנגענומען שיינדלען בא דער האנט, — קום ארײַן צו מיר, מיר וועלן זיצן א ביסל, זיך דורכריידן... אז מ'רעדט זיך דורך, ווערט דאָך פאָרט א ביסל גרינגער אפן הארצן.

— כ'אײַל זיך אהיים...

— קום אַרײַן, וואָס איז אף דיר די אײַלעניש, וואָס לאָזסטו זיך אזוי בעטן?..

— כ'גיי דאָך ערשט פון דער ארבעט, כ'האָב זיך אפילע ניט ארומגעוואשן.

— איך רוף דיך אף א כאסענע, צי וואָס? בא מיר איז אויך פאראן וואסער, ועסטו זיך בא מיר אײַנוואשן, — איז נאָכעם ניט אָפּגעשטאנען פון איר, — קום ארײַן...

ער האָט זי ווידער אָנגענומען בא דער האנט און צוגעפירט צו זײַן שטוב. די דרויסנדיקע ווענט, וואָס זײַנען פאריקן מאָל, ווען זי איז געווען בא אים, געשטאנען אויסגעקרימטע, אונטערגע־שפארטע מיט בערוונעס און האָבן געהאלטן באם אײַנפאלן, זײַנען שוין איצט געווען ערטער־ווײַז איבערגעמויערט און פארטינקעוועט. די אויסגעהאקטע שויבן זײַנען געווען אקוראט פאר־קלאפּט מיט ברעטלעך. נאָכעם האָט אפגיך אופגעעפנט די דרויסנדיקע טיר. אין דער פארנאכטי־קער טונקלעניש האָבן די פריש אויסגעקאלכטע ווענט אויסגעזען באזונדערס זויבער. די לעצטע שטראלן פון דער פארגייענדיקער זון האָבן דורך די צוויי גאנץ געבליבענע שויבן געוואָרפן א קאלטע ראָזעווע שײַן אף די ווענט, אף דער סטעליע, אף דעם אײַנגערעמלטן בילד, פון וועלכן ס'האָט א שמייכלענדיקע אראָפּגעקוקט כאווע.

„ער וועט באלד ווידער נעמען ריידן וועגן איר, — האָט זי א טראכט געטאָן. — ער האָט ניט פאר וועמען אויסצוריידן דאָס הארץ, האָט ער מיך פארשלעפּט אהער".

נאָכעם האָט אפגיך אײַנגעהייצט דעם אויוון, אוועקגעשטעלט א טאָפּ קארטאָפליעס, א טשײַניק טיי. נאָכדעם האָט ער דערלאנגט שיינדלען וואסער, געזאָגט, זי זאָל אויסטאָן דעם וואט־ניק און אײַנוואשן זיך. פון דעם קאלטן, ערשט פון ברונעם ארויסגעצויגענעם וואסער איז בא שיינדלען דאָס קײַלעכיקע פארוווינטיקטע פּאָנעם געוואָרן ראָז און פריש, ווי אן עפּל, א באפּײַ־טער מיט פארטאָגיקן טוי. זי האָט צוגעקעמט די שווארצע האָר, געמאכט א קובליק, און, צווצנ־דיק זיך אף דער אלטער קאנאפּע, אָנגעשפּארט זיך אף איר וואטניק, וואָס איז דאָ געלעגן. פון דער ווארעמקײַט, וואָס האָט געשלאָגן פון אויוון, האָט שיינדל ערשט דערפילט, ווי זי איז דער־פראָרן און אָנגעמאטערט פארן טאָג. איר איז געווען ניט באקוועם, וואָס נאָכעם פאָרעט זיך אין שטוב און זי איז אזוי מידע, אז זי קאָן אים ניט העלפן. אָפּגערוט זיך א ביסל, האָט שיינדל געוואָלט אופשטיין און נעמען עפּעס טאָן. אָבער נאָכעם האָט זיך צוגעזעצט לעבן איר. דאָס פײַער, וואָס

האָט געברענט אין אויוון, האָט באַלויכטן שיינדלס פּנים, אירע שוואַרצע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. ער האָט זיך צוגערוקט צו איר נענטער, אַ גלעט געטאָן אירע האָר און זײַן בליק האָט זיך אַראָפּגעגליטשט איבער איר נאַקעטן האַלדז. זי האָט זיך פאַרשעמט אַ דריי געגעבן. נאָכעם האָט מיט דער צווייטער האַנט נאָך שטאַרקער זי אַרומגעכאַפּט און אַ צי געגעבן צו זיך.

— הער אויף, מ'דאַרף ניט! — האָט שיינדל זיך געפּרוווט אַרויסרײַסן פון זײַנע אָרעמס. — הער אויף, אַניט וועל איך אוועק.

— וועסט ניט אוועק, — האָט, שווער אָטעמענדיק, געענטפערט נאָכעם. זײַן בליק האָט זיך נאָר אָף איין רעגע אָפּגעשטעלט אָף כאַוועס פאָטאָגראַפיע... אים האָט זיך געדוכט, אַז זי קוקט אָף אים.

8

קימאַט אַלע לעבן געבליבענע אײַנוווינער פונעם יישעוו האָבן זיך שוין געהאַט אומגעקערט אַהיים, און פון כאַווען מיט די קינדער זײַנען אַלץ קיין שום ידיִעס ניט געווען. שיינדל האָט, ווי פריִער, ווען־ניט־ווען זיך באַגעגנט מיט נאָכעמען, אַמאָל אַפילע זיך אַרײַנגעכאַפּט צו אים, אויסגעגאָסן פאַר אים דאָס האַרץ, און ווידער זײַנען זיי זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. ווי פריִער, האָט זי געלעבט אין דער האַלב־כאַרעווער שטוב מיט אירע צוויי שוועסטערקינדער, וועלכע האָבן, פּונקט ווי זי, פאַרלוירן די מישפּאָכעס און זײַנען אַלפינעס ניצל געוואָרן פון די פאַשיסטן.

שאַליט האָט אַלץ מער זיך אָנגעהויבן פאַרטראַכטן איבער זײַן אייגענעם גוירל. ביזוואַנען קאָן מען גיין צו זיך אַליין צוגאַסט, ביזוואַנען קאָן מען ווײַכן פון די אייגענע ווענט, אַנטלויפן פונעם געשפּענסט פון זײַן כאַווען מיט די קינדער.

אומקערנדיק זיך שפּעט אין אָוונט צו זיך אַהיים, האָט ער געוווּסט, אַז קיינער וואַרט ניט אָף אים, אַז אין שטוב איז ניט געהייצט, קיין וואַרעמס ניט צוגעגרייט און מיט וועמען אויסצוריידן אַ וואָרט איז ניטאָ.

לאַנג האָט ער נאָך אַרויסגעקוקט אָף דער מישפּאָכע, געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז אָט־אָט וועט כאַווע מיט די קינדער זיך אומקערן. איצט, ווען עס איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט שוין ניט וואָס צו וואַרטן, האָט ער אָנגעהויבן אַלץ אָפטער צו טראַכטן וועגן שיינדלען, וועגן בויען אַ לעבן מיט איר.

שיינדל האָט, אייגנטלעך, שוין לאַנג אַרויסגעקוקט אָף דעם. נאָר זי האָט געזאָפּעקט, צי וועט זי אים פאַרבײַטן כאַווען. די גאַנצע צײַט האָט זיך נאָכעם געהאַלטן אין איין גרייטן צו באַגעגענען זײַן מישפּאָכע. ער האָט ניט אופגעהערט צו ריידן וועגן כאַווען, זי דערמאָנען, דערציילן, וואָס פאַר אַ כאַכאָמע זי איז געווען, וואָס פאַר אַ בעריע. און אויב שיינדל וועט כאַסענע האָבן מיט אים, וועט ער זי דאָך קעסיידער פאַרגלײַכן מיט כאַווען.

„ס'בלוטיקט נאָך באַ אים דאָס האַרץ, — האָט זי געטראַכט, — נאָר אַ וווּנד פאַרהיילט זיך דאָך. ס'טרעפט אַפילע, אַז מע פאַרגעסט דאָס אָרט, ווו די וווּנד איז געווען"... זיי זײַנען טאַקע צוויי בראָכשטיקער, אָבער קיין זקיינים זײַנען זיי ניט. קאָן נאָך זײַן אַ לעבן. אין דעם איז זי געווען זיכער. זיי האָבן דאָך אַמאָל ליב געהאַט איינס דאָס אַנדערע.

אַרײַנקומענדיק צו נאָכעמען, האָט זי פון מאָל צו מאָל אַלץ זאָרגעוודיקער זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפרעגן, וואָס ער האָט געגעסן, צי דאַרף ער ניט אויסוואַשן אַ העמד, פאַרלאַטען אַ בעגעד... זי האָט צוגעקליבן אין שטוב, אויסגעווישט די צוויי גאַנץ געבליבענע שײַבלעך פונעם פענצטער אַזוי, אַז זיי האָבן אַזש געפינקלט. אין דער שטוב, וואָס איז אָפּגעוווינט געוואָרן פון אַ באַלעבאָסטע, האָט אַ ווייע געטאָן מיט וואַרעמקײַט, מיט היימלעכקײַט.

און איינמאָל איז געשען דאָס, אָף וואָס זיי האָבן זיך שוין ביידע, אייגנטלעך, לאַנג געריכט. זי איז געקומען צו אים און מער ניט אוועקגעגאַנגען.

ווען שיינדל איז אַרײַן אין שטוב, איז געווען שטאָק־פינצטער. זי האָט אָנגעצונדן אַ קאַנעצל. דאָס קאַנעצל האָט געטשאַדעט, געגרויכערט.

— וואָס דאַרפסטו פײַער? — האָט נאָכעם געפרעגט.

— ס'איז דאָך פינצטער, כאָטש אָן אויג אַרויסצונעמען, — האָט זי, לאַשטשענדיק זיך צו אים, געענטפערט, — ווײַז, כ'וועל דיר אײַנייען אַ קנעפּל אין העמדל.

— זאָל זײַן, אָן אַנדערשמאָל, — האָט ער זי אַ צי געגעבן, זי זאָל זיך זעצן נענטער לעבן אים אָף דער קאַנאַפּע. שיינדל האָט זיך אָפּגערוקט. נאָר טייקעף האָט ער זי ווידער אַ כאַפּ געגעבן אין זײַנע פעסטע אָרעמס. הינטערן פענצטער האָט בייז געפײַפט אַ האַרבסטיקער ווינט. אָט האָט ער אופגעהערט אָף אַ ווײַלע און טייקעף ווידער געגומען סקאַווטשען.

— ס'וועט, ווײַזט אויס, אינגיכן ארויספאלן א שניי, — האָט שיינדל, רײַסנדיק זיך פון נאָכעמס אָרעמס, מיט א פארשטיקט קאָל א זאָג געטאָן.

— וואָס דען?.. ס'איז דאָך טאקע באלד ווינטער...

פון דעם געדאנק, אז עס איז טאקע באלד ווינטער, איז איר נאָך היימלעכער געוואָרן צו זיצן אזוי אין נאָכעמס וואַרעם אָנגעהייצטער שטוב.

שיינדלס זאפטיקע ליפן האָבן עפּעס געפליסטערט. אירע אויגן האָבן געברענט. נאָכעם האָט זיך אָנגעבויגן צו איר, ווי ער וואָלט איר וועלן א סאָד אײַנרוימען, און איז צוגעפאלן צו אירע ליפן, ווי א דאָרשטיקער צו א פרישן קוואל.

די ווילדע פּײַפערײַ פונעם הארבסטיק-עלנטן ווינט האָט זיי אײַנגעוויגט. זיי זײַנען אײַנגעשלאָפן.

אינמיטן נאכט האָט שיינדלען אופגעוועקט א שרעקלעך געשריי:

— אוי, קינדער מײַנע!.. מײַנע קינדער, לאָזט מיך צו זיי!

א דערשראָקענע אָף טויט האָט שיינדל געכומען טאַרקען נאָכעמען.

— וואָס איז מיט דיר, נאָכעם? וואָס כאָלעמט זיך דיר? — האָט זי, צודריקנדיק זיך צו אים, געוואָלט אים בארויקן. נאָר ער האָט אָנגעהויבן שרײַען נאָך שטארקער:

— וואָס שפּילט איר? וואָס איז בא אײַך די סימכע, אז מע פארשיט לעבעדיקערהייט אין גרוב מײַנע קינדער?!..

שיינדל האָט זיך באמיט אײַנאָרדענען וואָס בעסער דאָס לעבן מיט נאָכעמען. זי איז אים געווען געטרײַ, איבערגעגעבן מיטן גאנצן הארצן. נאָכעם האָט זיך אויך צוגעבונדן צו איר. נאָר כאָוען מיט די קינדער האָט ער אָף קיין איין מינוט ניט פארגעסן. עפּשער דערפאר האָט ער זיי קעסיידער געזען אין כאָלעם.

— איך האָב דאָך אויך אָנגעוואָרן א קינד און א מאַן, וואָס מיינסטו, מײַן הארץ איז פון שטיין? פונדעסטוועגן האַלט איך ניט אין איין ריידן וועגן מײַנע צאָרעס, וואָס דארף איך זיך שיטן זאַלץ אָף די וווּנדן און דיר פארביטערן דאָס לעבן?

— ביסט אוודע גערעכט, שיינדל, — האָט נאָכעם זיך פארענטפערט, — נאָר וואָס קאָן איך העלפן, אז די קינדער קומען מיר יעדע נאכט צו כאָלעם.

שיינדל האָט אלץ געהאָפט, אז זי וועט פארגיין אין טראָגן, געבוירן אים א קינד, וועט ער עפּשער מיט דער צײַט פארגעסן אין זײַן אומגליק. אָבער די צײַט איז געגאנגען און זי האָט שוין אָנגעהויבן מיט הארצקלעמעניש צו טראכטן, אז זי וועט שוין, ווײַזט אויס, ניט זוכע זײַן דאָס גליק צו זײַן א מוטער און וועט שוין ניט קאָנען אומקערן נאָכעמען די פרייד צו זײַן א טאטע.

9

עס זײַנען אוועק עטלעכע יאָר. נאָכעם האָט באטאָג באמיט זיך ווײַזן א פריילעך פּאָנעם און באנאכט פלעגט ער שרײַען און רופן כאָוען מיט די קינדער. שיינדל האָט אזוי לאנג זיך גע־מאטערט, ביז זי האָט אין איין שיינעם טאָג באשטימט אומקערן זיך צוריק אהיים, צו די שוועסטערקינדער.

ערשט נאָך שיינדלס אוועקגיין האָט נאָכעם דערפילט, אז זי פעלט אים אָף יעדן שריט און טריט. ער האָט זיך שוין געהאט צוגעוווינט צו איר, צוגעוווינט צו דעם, אז ער האָט פאר וועמען דאָס הארץ אויסצוגיסן, פון וועמען א טרייסט-וואָרט אויסצוהערן. ער האָט דערפילט, אז אין שטוב איז מיטאמאָל צוריק געוואָרן פוסט. ס'איז פארשווונדן די וואַרעמקײַט און היימלעכקײַט, וועלכע שיינדל האָט ארײַנגעבראכט מיט איר קומען.

נאָכעם האָט נאָך בא א וואָך געלעבט בא זיך אין שטוב. ער האָט אלץ געוואַרט, עפּשער וועט שיינדל זיך אומקערן. סאָפעקאָלעסאָף האָט ער ניט אויסגעהאלטן און איז צוריק אריבער צו זשור־בענקאָן. זשורבענקאָ, כאָטש ער האָט מיטגעפילט שאליטן, איז געווען צופרידן מיט זײַן קומען, — מיט וועמען נאָך האָט ער זיך געקאָנט איצט אָן אייצע האלטן, זיך דורכשמועסן וועגן דעם, וואָס איז פארן טאָג פארלאָפן אין קאָלווירט?

אין אָנגעשטרענגטער ארבעט, אין זאָרג וועגן קאָלווירט האָט שאליט געפרוווט פארגעסן זײַנע אייגענע צאָרעס. די קאָלווירטישע באלעבאטישקײַט האָט געפאָדערט א סאך טירכע און אופמערקזאמקײַט. מע האָט געדארפט אי פאריכטן, וואָס עס איז נייטיק געווען אין דער ווירט־שאפט, אי אופאקערן און פארזייען, אי אכטונג געבן אָף דער יונגער טוווע, אי אויסיטען צו דער צײַט, אי מאכן א טאָלק פון יעדן שטיקל יונגפי. אָט פארוואָס זשורבענקאָ און שאליט האָבן באטאָג און באנאכט קיין רו ניט געהאט. דעם מויעך האָבן געעגבערט געדאנקען, ווי בעסער צו פירן די באלעבאטישקײַט.

איינמאָל אינמיטן נאַכט איז זשורבענקאָ איינגעפאַלן אַ געדאַנק — אויסרייניקן די סאַזשלקע, פרילינג אָנפילן זי מיט וואַסער און אַריינלאָזן אַהין פיש.

דער געדאַנק האָט זשורבענקאָן אויסגעזען צו זיין אַזוי וויכטיק, אַז ער האָט ניט געקאָנט דערוואַרטן זיך ביז אינדערפרי און אָנגעהויבן וועקן שאַליטן:

— נאָכעם, אַ, נאָכעם, שלאָפסטו?

— וואָסי?

— ווייסט, וואָס מיר איז איינגעפאַלן?

שאַליט האָט עפּעס אַ בורטשע געטאָן, איבערגעקערט זיך אויף דער צווייטער זייט און איז איינגעשלאָפן. נאָר זשורבענקאָ האָט אין אַ ווײַלע אַרום ווידער אים אָנגעהויבן טאָרקען:

— נאָכעם, אַ, נאָכעם, וויפל וואָלט אונדז, אַשטייגער, געקאָסט אויסרייניקן די סאַזשלקע?

— וועלכע סאַזשלקע? — האָט שאַליט אָפּגעענטפערט מיט אַ פאַרשלאָפן קאָל.

— אונדזער סאַזשלקע... ווייסט, וואָס מיר איז איינגעפאַלן?.. אויסרייניקן זי און אַריינלאָזן אַהין פיש.

— וועלכע פיש? וואָסי, דו רעדסט פון שלאָף, צי ס'כאָלעמט זיך דיר?

— ניין, ניין, הער אויס, ברודערקע... מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק... דו הערסט?

זשורבענקאָ האָט זיך ניט געפוילט, אופגעהויבן זיך, געפונען די רעכנביינדלעך, מיט וועלכע שאַליט פלעגט זיך קיינמאָל ניט שיידן, און ווידער אָנגעהויבן פאַנאַנדערפרעגן זיך:

— וויפל, מיינסטו, דאַרף קאָסטן אויסרייניקן די סאַזשלקע, און וויפל קאָן זי אונדז אַרייַנ־ברענגען האַכנאָסע, אַז מיר וועלן דאָרט פאַרפירן פיש?

— פיש? — האָט שאַליט אַ מורמל געטאָן אונטער דער נאָז און ווידער אָנגעהויבן כראָפּען.

אין דרויסן האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג. דורך די גאַנץ געבליבענע שויבעלעך פונעם איינציקן פענצטער האָט זשורבענקאָ געזען, אַז אויפן מוטנעם גרויען הימל האָבן זיך גענומען לעשן די זילבערדיק־גרינע שטערן. ווי געווינלעך אין פריִען פאַרטאָג, האָט נאָך ניט געקרייעט קיין האָן, ניט געסקריפּעט קיין ברונעם.

זשורבענקאָ האָט זיך געדרייט אויפן געלעגער, איבערגעקערט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, ביז ער איז ענדלעך איינגעשלאָפן. ער איז געשלאָפן אַזוי געשמאַק, אַז ער האָט אפילו ניט געהערט, ווי שאַליט איז אופגעשטאַנען און אָנגעהויבן זיך אייסעקן מיטן פרישטיק.

אַזוי איז שוין געווען בא זיי איינגעפירט: ווער עס פלעגט זיך אופכאַפּן דער ערשטער, פלעגט איינהייצן דעם אויוון, אָנווארעמען אַ ביסל געקעכטס אין אַ קעסעלע אָדער אָפּקאָכן עט־לעכע קאַרטאָפליעס.

ווי יעדן אינדערפרי, האָבן זיך אינעם ענגן צימער אָנגעהויבן צונויפקומען מענטשן: ווער מיט אַ פראַגע וועגן דער אַרבעט, ווער בעטן, מע זאָל אים דערלויבן ביז פרילינג אַוועקגיין צו־פאַרדינען, און ווער מיט אַ באַקאָשע, מע זאָל אים העלפן, מיט וואָס מע קאָן.

פּלוצעם האָט זיך אין שטוב אַריינגעוואַלגערט אַ פאַרסאָפּעטער און אַ פאַרפאַליעטער מאָטל קאָטקעס. זיינע טונקעלע אויגן האָבן געבלישטשעט, ווי ער וואָלט ערשט גענומען אַ גוט גלעזל מאַשקע. אויף דעם פאַרברוינטן, פאַרוואַקסענעם און פאַרווינטיקטן פּנים האָט געשפּילט אַ ווייך שמייכעלע, וואָס איז אויף אַ רעגע ווי אויסגערונען צווישן די טיפע קנייטשן און טייקעף ווידער זיך באַוויזן.

— נו, נאָכעם־סערדצע, — האָט ער זיך גוטברודעריש געווענדט צו שאַליטן, — מיר קאָנען טרינקען טיי מיט האָניק.

— האָסט שוין גענומען אַ „וויזיאַטאַק"?![1] — האָט שאַליט צעראַשט אַזאַ געשריי געגעבן, אַז זשורבענקאָ האָט זיך אַזש אופגעכאַפּט, נאָר ער האָט טייקעף ווידער איינגעדרעמלט.

— גענומען, ברודערקע, גענומען! און היפּש גענומען! — האָט קאָטקעס אַ כאַפּ געגעבן שאַליטן בא דער האַנט, ווי ער וואָלט אים פון פרייד וועלן אַרומנעמען, — ביטערס איז שוין געווען גענוג, איז לאָמיר כאָטש נעמען אַ ביסעלע זיסעס!

קאָטקעס האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ טעפּעלע האָניק. אונטערטאַנצנדיק פאַר פרייד, איז ער צוגעלאָפן צו זשורבענקאָן און אים אָנגעהויבן וועקן.

— שטיי אוף. נו, באַלד וועלן מיר פאַרזוכן אונדזער ערשט ביסל האָניק.

שאַליט האָט אָפּגערוקט דאָס טעפּעלע, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז זשורבענקאָ וועט איינשטימען נעמען דעם האָניק.

— מיר קאָנען זיך נאָך ניט פאַרגינען עסן האָניק, אַז מיר האָבן נאָך ניט קיין ברויט צו

[1] — דער האָניק, וואָס מע נעמט אַרויס פון בינשטאָק.

זאָט, — האָט ער שטרענג געזאָגט. — דאָ איז מיסטאָמע קאָרעוו א קילאָגראַם. וויפל קאָסט א קילאָ האָניק? פאַרן געלט קאָנען מיר דאָך קויפן טשוועקעס, איז עס אויך א יעש, אָדער עפּעס אַן אַנדער זאַך, וואָס מע דאַרף אין דער באַלעבאַטישקײַט...

— עך, נאָכעם, נאָכעם, קיין ביסל האָניק ווילסטו ניט נעמען, קיין קאָפּ בראָנפן אויך ניט, צו וואָס זשע לעבסטו אף דער וועלט? — האָט קאָטקעס זיך געגומען וויצלען.

— מיט דעם ביסל האָניק וועל איך ניט זאַט ווערן, — האָט שאַליט מיטן זעלבן טאָן פאַר־געזעצט. — אז איך מיט זשורבענקאָן זאָלן נעמען דעם האָניק, דאַרף מען אַלעמען געבן, און פאַר אַלעמען איז נאָך דערווײַל ניטאָ, איז דאָך אוואַדע בעסער די גאַנצע האַכנאָסע אַרײַנלייגן אין דער באַלעבאַטישקײַט.

— ריכטיק, ריכטיק, — האָט אים זשורבענקאָ אונטערגעהאַלטן. — וויפל האָסטו האָניק?

— כ'ווייס ניט, קימאַט א פול פּעסעלע. און אין פּעסעלע גייט אַרײַן, דוכט זיך, בא די צוואַנציק קילאָ. טאָמער וועט איר פאַרזוכן א ביסל האָניק, וועט שוין דער קאָלווירט אָרעמער ווערן? — האָט קאָטקעס געפּרוווט אײַנריידן זשורבענקאָן מיט שאַליטן.

— אוואַדע וועלן מיר אָרעמער ווערן, — האָט זשורבענקאָ זיך אָפּגערופן. — בא אונדז איז יעדע קאָפּעקע טײַער. קיין טשוועקל האָבן מיר דאָך ניט פאַר וואָס צו קויפן.

ער האָט זיך אָפּגיך אָנגעטאָן און איז אַרויס אין דרויסן. קאָטקעס האָט איבערגעלאָזט דאָס טעפּעלע האָניק און זיך אויך געלאָזט גיין. נאָר שאַליט האָט אים אומגעקערט:

— נעם עס צו, הערסט, די מינוט זאָלסטו עס צונעמען, אָן שום רייד! ס'וועט זײַן צושטײַער אף ווינטער פאַר די בינען...

10

אַנשל קאַצין האָט, פאַרבײַפאָרנדיק דעם קאָלווירט „האָפענונג“, זיך אָפּגעשטעלט באַם ווײַנגאָרטן.

די יונגע ווײַנטרויבן־קוסטעס, וועלכע מע האָט פאַרצווייַאָרן געהאַט פאַרפלאַנצט אף די דרײַ העקטאַר „פּערעוואַל“, האָבן שוין געבליט און צוגעזאָגט א גוטע גערעטעניש.

— אזוי פּאַוואָלינקע וועט דאָ ווערן א גרויסער ווײַנגאָרטן, — האָט קאַצין א טראַכט געטאָן, — אין א פּאָר יאָר אַרום וועט דער יונגער סאָד שוין נעמען געבן פּרוכט, קאָן „האָפע־נונג“ אזוי א שפּרײַז טאָן פאָרויס, אז די הינטערשטעליקע וועלן מיר ווערן.

אזא געדאַנק האָט קאַצין אפילע דערלאָזן ניט געוואָלט. ער האָט ביכלאַל ניט געקאָנט פאַר־לײַדן, אז אַן אַנדער קאָלווירט, ניט „מאַיאַק“, זאָל זיך מיט עפּעס אויסצייכענען. קאַצין האָט ניט אופגעהערט צו טראַכטן וועגן שאַפן בא זיך א מוסטער־סאָד און א מוסטער־ווײַנגאָרטן, ווו עס זאָלן וואַקסן די סאַמע זעלטענע סאָרטן ווײַנטרויבן און פּרוכטן און גערעטענישן זאָלן זיי געבן אזעלכע, וועגן וועלכע ביז אים האָט גאָר קיינער קיין אַנונג ניט געהאַט.

טרוימענדיק וועגן פאַרפלאַנצן א ווײַנגאָרטן, האָט אַנשל אַלץ אָפטער און אָפטער געוואָרפן אַן אויג אף שיינדלען.

„ס'וואָלט געווען ניט שלעכט איבערצײַען זי צו אונדז“, — האָט ער געטראַכט. — נאָך פאַר דער מילכאָמע, האָט ער זיך דערמאָנט, איז זי דאָך געווען אף קורסן פון ווײַנגאָרטנציכטלער. שוין דאַן האָט זי זיך געהאַט אויסגעצייכנט, ווי א מײַסטער פון איר פאַך, און איז געווען אפילע פאַרגעשטעלט אף דער אַלפאַרבאַנדישער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג. דאָס האָט זי דאָך נאָכן אומקערן זיך פון עוואַקואַציע אופגעשטעלט דעם אַלטן ווײַנגאָרטן, דאָס האָט זי דאָך מיט אירע הענט אופגעהויבן און פאַרפלאַנצט די דרײַ העקטאַר פּערעוואַל.

אַנשלען האָט פאַרדראָסן, לעמײַ האָט ער זיך אָן שיינדלען ניט דערמאָנט פריִער, נאָך איידער זי האָט זיך פאַרבונדן מיט שאַליטן. אין יענע צײַטן האָט ער נאָך וועגן ווײַנגאָרטענער ניט געטראַכט. ער האָט אפילע געכויזעקט פון די אָנפירער פונעם קאָלווירט „האָפענונג“:

— קאָפּצאָנים האָבן אָפּעטיט... קוים וואָס מע ספּראַוועט זיך מיטן פּלאַן, קריכט מען גאָר אַהין, ווו קיינער בעט זיי ניט... זיי קלײַבן זיך פליִען, נאָך איידער די פליגלען זײַנען בא זיי אויסגעוואַקסן.

איצט האָט קאַצין געזוכט א וועג צו שיינדלען. דערוווּסט זיך, אז זי איז אוועק פון שאַליטן, האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט. עמעס, וויפל ער האָט זיך ניט באַמיט דערגיין, וואָס, אייגנטלעך, איז פאָרגעקומען צווישן זיי, האָט זיך אים קיין זאַך ניט אײַנגעגעבן צו דערוויסן. פונדעסטוועגן, האָט ער באַשטימט, קאָן מען אָצינד פּרוּוון א רעד טאָן מיט איר. קאַצין איז געווען זיכער, אז ער וועט זי אײַנריידן.

— וויפל וועט זי זיך דאָ מאַטערן? — האָט ער געטראַכט. — איבערהויפּט, אז מיט שאַליטן איז בא איר אויס. אפילע אויב זי האָט זיך מיט אים נאָר צעקריגט און האָט נאָך אין זינען זיך

אומקערן, איז דאָס אויך אַ סימען, אַז זי לעקט באַ אים קיין האָניק ניט. איז וואָס זשע קאָן איר דאָ האַלטן?

אַרײַן אין ווײַנגאָרטן איז קאַצין שטיל. גאַנווענענדיק זיך ווי אַ קאַץ, איז ער צוגעגאַנגען צו שיינדלען און זי אַרומגעכאַפּט.

— אוי! — האָט שיינדל אַן איבערגעשראָקענע זיך אַרויסגעריסן פון קאַצינס אָרעמס און געבליבן שטיין אַ צעטומלטע און אַ פאַרשעמטע. — וואָס איז דאָס פאַר אַ קונצן?.. האָסט ניט, ווו די הענט אהינצוטאָן?

קאַצין האָט זיך הילכיק צעלאַכט.

— ביסט אַ גלעזערנע? האָסט מוירע, אַז כ'וועל דיך צעברעכן?

— קיין גלעזערנע בין איך ניט, נאָר די הענט זאָלסטו האַלטן באַ זיך, — האָט שיינדל אַ צונטער־רויטע אים געענטפערט מיט אַ באַליידיקטן טאָן.

אַף אַזאַ פּסאַק האָט זיך קאַצין ניט געריכט.

— וואָס גוואַלדעוועסטו? מע קאָן מיינען, אַז כ'האָב דיך אָוועקגעקוילעט... — ער איז שוין ניט גערן געווען, וואָס ער האָט זיך מיט איר פאַרטשעפּעט.

— האָסט נאָך ניט פאַרגעסן דײַנע שטיקלעך, — האָט שיינדל זיך ניט אופגעהערט צו בייזערן. — ווי איז דיר ניט מיִעס? ביסט דאָך אַ פאַרזיצער פון אַ קאָלווירט, אַ טאַטע, קאָן מען זאָגן, פון אַזויפיל מענטשן, און פירסט זיך ווי אַ באָסיאַק.

פון שיינדלס ווערטער „ביסט דאָך, מע קאָן זאָגן, אַ טאַטע", האָט אַנשל שטאַרק האַנאָע געהאַט. זאָל זײַן, אַז זי האָט אים דערבײַ געזידלט, ס'מאַכט ניט אויס, אַבי זי האָט אים אָנגערופן מיט אַזאַ געהויבענעם נאָמען — טאַטע.

— מיט וואָס האָב איך זיך אַזוי פאַרזינדיקט קעגן דיר? טאָמער האָב איך דיך אַרומגע־נומען, איז וואָס איז די אוולע אַזוי גרויס? — האָט ער זי אָנגעהויבן אײַנריידן. — כ'האָב קיין שלעכטס ניט געמיינט... מיר זײַנען דאָך צוזאַמען אויסגעוואַקסן, דו ביסט דאָך מיר טײַערער פון אַ שוועסטער...

קאַצין איז געווען זיכער, אַז זײַנע ווערטער האָבן ווייך געמאַכט שיינדלס האַרץ. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר און געקליבן זיך פאַרזעצן מיט איר דעם שמועס. נאָר זי האָט אים פּלוצעם ווידעראַמאָל אַ שטאָך געגעבן.

— ריידן רעדסטו אַלעמאָל גוט, נאָר טאָן טוסטו שלעכטס.

— וואָס טו איך, אַשטייגער, שלעכטס?.. כ'האָב עפּעס עמעצן באַאוולט, אָפּגענאַרט? פרעג באַ מיר אין קאָלווירט?

— וואָס דאַרף איך פרעגן? אַז מע האַלט דיך אין איין לויבן, האָסטו מיסטאָמע פאַר־דינט, — האָט שיינדל אָנגעהויבן ריידן געלאַסענער. — מעגלעך, אַז באַ זיך אין קאָלווירט אַר־בעטסטו טאַקע גוט, נאָר דאָס, וואָס דו קענסט דײַנע הענט ניט אײַנהאַלטן, איז שלעכטס.

— נו, גענוג, גענוג צו זידלען זיך, איך בין דאָך געקומען צו דיר צוגאַסט, ווי פּאַסט מען דאָס אַזוי אָן אַף אַ גאַסט?.. כ'האָב גאָרניט געוווסט, אַז דו ביסט אַזאַ בייזע, — האָט ער זיך געפּרוווט כאַכמענען.

אַף שיינדלס טונקעלן, פון זון פאַרברוינטן פּאָנעם האָט אַ שפּיל געגעבן אַ שמייכעלע.

— כ'בין גאָר ניט קיין בייזע, — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן, אויסגלײַכנדיק זיך.

אַנשל האָט אופמערקזאַם אַ קוק געטאָן אַף איר, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל דערזען, ווי שלאַנק עס איז איר פעסטער קערפּער, ווי געשיקט עס ציט זי אַרום דאָס בלויע גע־קעסטלטע קלייד.

איצט וואָלט ער זי גערן נאָכאַמאָל אַרומגענומען, נאָר ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן.

— דאָס האָבן דאָך אַלץ דײַנע גאָלדענע הענט אופגעטאָן, — האָט ער אַ ווײַז געטאָן אַפן ווײַנגאָרטן, — ווען מיר האָבן אַזאַ בעריע, ווי דו, וואָלטן מיר זי אַף די הענט געטראָגן, און ווער ווייסט דיך דאָ? ווער האָט באַמערקט, וואָס דו האָסט אופגעטאָן?

— ווער דאַרף מיך באַמערקן?.. איך אַרבעט און גאָר, — האָט זי מיט אַ טמימעסדיקן, אַ ביסל פאַרשעמטן אויסדרוק אַפן מידן פּאָנעם אַ זאָג געטאָן. — איך אַרבעט דען אַליין?.. נאָך מענטשן אַרבעטן דאָך...

— וואָס מאַכסטו זיך אַליין צו נישט, — האָט ער מיט אַ טאָן פון אַן עלטערן און אַ קליי־גערן איר געזאָגט. — זײַ ניט קיין קינד... ס'איז מיר פאַשעט אַ ראַכמאָנעס אַף דיר...

— וואָס דאַרפסטו אַף מיר ראַכמאָנעס האָבן? — האָט זי אים איבערגעשלאָגן.

— ווען איך קען דיך ניט, וואָלט מיך ניט געאַרט, — האָט קאַצין פאַרגעזעצט. — ס'פאַר־דריסט מיך, וואָס דו האָסט אַף זיך אַליין ניט קיין ראַכמאָנעס... ביסט דאָך ניט מער, ווי אַ מענטש, ביסט אַ פרוי, דאַרפסט דאָך סאָפּקאָלסאָף אײַנאָרדענען דײַן לעבן.

שיינדל האָט אין פאַרלעגנהייט געקוקט אַף קאַצינען און ניט געקענט פאַרשטיין, צוליב וואָס ער האָט פאַרפירט מיט איר דעם שמועס.

— האָסט זיך שוין, קאָנטיק, צוגעוווינט צו דיין דאַליע, — האָט ער נאָך א ווײַלע שווײַגן פאַרגעזעצט. — א וואָרעם זיצט אין כריין און מיינט, אַז קיין זיסערס איז ניטאָ... מע זאָגט, אַז דו ביסט שוין ווידער אליין?

— וואָס? — האָט שיינדל א פרעג געגעבן בא קאַצינען. — ווער האָט עס דיר געזאָגט?

— כ'האָב געהערט, אַז דו ביסט זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט שאַליטן, — קאַצין האָט געמאַכט א קורצע פּאַוזע, ווי ער וואָלט אויסוואַרטן, וואָס זי וועט זאָגן. נאָר זי האָט דורך פאַרשטשעמעטע ציין א בורטשע געטאָן:

— וועמעס אייסעק איז עס?

— ס'איז, פאַרשטייט זיך, קיינעמס אייסעק ניט, — האָט קאַצין, אריינקוקנדיק איר גלייך אין די אויגן, געזאָגט. — נאָר איך דאַרף דיר זאָגן דעם עמעס, אַז שאַליט הערט ניט אויף צו טראַכטן וועגן זיין מישפּאָכע. ווו ער גייט און ווו ער שטייט רעדט ער נאָר וועגן איר, און דיך דאַרף ער, ווי א פינפטע ראָד צום וואָגן... זאָלסטו טאַקע וויסן, אַז אויב ס'איז פאַראַן א מענטש, וואָס טראַכט וועגן דיר ערנסט, בין איך דאָס...

— דו? — האָט שיינדל זיך צעלאַכט. — וואָסי, דו האָסט ניט וועגן וועמען צו טראַכטן?

— האָסט אין זינען מיין ווײַב? — האָט קאַצין א מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — ווייס איך וואָס. איך האָב מיט דיר קיינמאָל ניט גערעדט, ווײַל איך האָב ניט געוואָלט צעשטערן דיין לעבן מיט שאַליטן. נאָר איצט... איצט, מיין איך, קאָנען מירריידן אָפן.

— וועגן וואָס? — האָט שיינדל געמאַכט זיך טאַמעוואַטע.

— וועגן דיין אריבערפאָרן צו אונדז, — האָט קאַצין שוין ניט שטאַרק זיכער געענטפערט. — פאַרשטייסט אליין, אַז ס'איז מיר ניט באַקוועם פאָר שאַליטן, איך זאָל פאָרן צו דיר... פאָר אריבער, וועסטו זיין לעבן מיר, מיר וועלן פאַרפלאַנצן א ווײַנגאָרטן... ניט אַזא, ווי בא אייך... א מוסטער־ווײַנגאָרטן. די סאַמע זעלטענע, די בעסטע סאָרטן ווײַנטרויבן וועלן וואַקסן אין דעם ווײַנגאָרטן. מענטשן וועלן פאָרן צו דיר לערנען זיך, ווי צו באַקומען רעקאָרד־געראָטעניישן... וועסט באַרימט ווערן... אומעטום וועט מען וויסן אונדזער שיינדלען.

— שוין גאָר ווי אין א מײַסע־ביכל, — האָט שיינדל מיט כויזעק געענטפערט. זי האָט זיך פאַרטראַכט. קוקנדיק אין דער ווײַט, האָט זי געזאָגט:

— ניין, כ'קאָן פונדאַנען ניט אוועקפאָרן!.. אַז איך זע, ווי עס וואַקסט יעדעס קוסטיקל, יעדעס ביימעלע, וואָס איך האָב מיט מײַנע הענט פאַרפלאַנצט, קומט מיר צו א שטיק געזונט... ווען מענטשן וועלן זיך מעסאַמייעך זײַן און וועלן נעמען א ביסל ווײַן אַף סימכעס, אַף כאַסענעס, וועל איך וויסן, אַז אין זייער פריידּ האָב איך אויך א כיילעק... וואָס קאָן נאָך זײַן טײַערער? דאָס איז בא מיר ווערט מער פון אַלץ אין דער וועלט.

קאַצין האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען שיינדלען אין אַזא שטימונג. איר פּאָנעם האָט געשײַנט. די אויגן האָבן געלויכטן. אים האָט זיך אויך עפּעס געוואָלט זאָגן אין דעם זעלבן נוסעך, נאָר ווי אַפּצולאָכעס איז אים קיין זאַך אַפן זינען ניט געקומען.

די פרויען, וועלכע האָבן אַף די ווײַטע דעליאַנקעס אײַנגעדעקט די ווײַנטרויבן־קוסטעס אַף ווינטער, האָבן געענדיקט די אַרבעט און זיך געלאָזט צו שיינדלען. קאַצינען האָט זיך געוואָלט, ביז זיי וועלן צוגיין אהער, זיך דערריידן מיט שיינדלען, דערגיין צו א טאָלק.

— נו, איז וואָס קאָנסטו מיר זאָגן? — האָט ער זי אָנגעהויבן צוײַלן.

— וועגן וואָס?

— וועגן דעם, וואָס מיר האָבן גערעדט.

— כ'האָב דאָך דיר געענטפערט... וואָס קאָן איך דיר נאָך זאָגן?

— באַטראַכט זיך...

אים האָט זיך שוין געוואָלט וואָס גיכער אוועקגיין, די פרויען זאָלן אים ניט באַמערקן.

— עפּשער וועלן מיר זיך ערגעץ דורכפאָרן? — האָט ער איר פאָרגעלייגט.

— וווּהין? איצט קאָן איך דאָך ניט, כ'בין דאָך אַף דער אַרבעט... מע מוז צודעקן דעם ווײַנגאָרטן.

— מיר וועלן געפינען וווּהין... קיינער וועט ניט וויסן. די ווײַבער וועלן אָן דיר צודעקן דעם ווײַנגאָרטן.

— פריִער דאַרף איך באַקומען א דערלויבעניש... אין שטאָט אָדער אפילע אין ראַיאָן, וואָלט איך זיך דורכגעפאָרן. איך האָב דאָרט אָן איניען, אָבער ניט איצט, כ'דאַרף זיך דאָך אײַנוואַשן, איבערטאָן זיך.

— נו, גוט, — האָט קאַצין זיך אָפּגערופן.

6—2311

דעם עמעס געהערט, האָט זיך אים אַליין ניט געוואָלט פאַר אַלעמען אין די אויגן צופאָרן אהער און נעמען זי אַף דער מאַשין. איז אים אײַנגעפאַלן אַזאַ געדאַנק: זאָל זי אַרויסגיין אַפן וועג, און ער וועט אָנפאָרן מיט דער מאַשין, וועט עס אויסזען, אַז זיי האָבן זיך באַגעגנט צופעליק.

— רעכט, רעכט, — האָט שיינדל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

קאָצין האָט אײַליק זיך צעזעגנט מיט איר און איז אוועק.

11

די ידיעה, אַז שיינדל איז געפאָרן מיט קאָצינען אין ראַיאָן, איז גיך דערגאַנגען צו שאַליטן. מעגלעך, אַז שאַליט וואָלט אַף דעם ניט געלייגט קיין אַכט, ווײַל שיינדל, האָט ער געוווּסט, האָט זיך שוין לאַנג געקליבן צופאָרן צום דאָקטער און קאָצין האָט זי געקאָנט באַגעגענען אין וועג און מיטנעמען אַף זײַן מאַשין. נאָר דאָס, וואָס קאָצין איז צוויי מאָל נאָכאַנאַנד געקומען צו איר אַפן ווײַנגאָרטן, האָט אַרויסגערופן באַ אים אַ חשד.

„ער קער זי וועלן איבערמאַניען צו זיך“, — האָט ער געטראַכט. נאָר טייקעף האָט ער זיך אַליין אָנגעהויבן באַרויִקן: זי וועט אינגערגעץ ניט אַריבערפאָרן פונדאַנען. פונדעסטוועגן איז ער געווען אומרויִק און אַ ביסל טאַקע געייפערט אויך. ווי די זאַך זאָל ניט זײַן, איז זי דאָך זײַן ווײַב. זיי האָבן זיך דאָך ניט צעקריגט. ער האָט זי, דוכט זיך, מיט קיין זאַך ניט געקריוודעט. הײַנט־מאָרגן, איז ער זיכער, וועט זי זיך אומקערן צו אים, און פּלוצעם, נאָ דיר גאָר, קאָצין.

שאַליט האָט באַשטימט דורכריידן זיך מיט איר. צום ווײַנגאָרטן איז ער געגאַנגען מיט אַ פעסטן באַשלוס — ריידן מיט איר קלאָרע דיבורים. נאָר ווי אַפּצולאָכעס האָט זיך אים קיין געלעגנהײַט ניט געמאַכט. די גאַנצע צײַט זײַנען אַרום איר געווען מענטשן, פונקט ווי זי וואָלט אָפּגערעדט מיט די פרויען, מיט וועלכע זי אַרבעט, זיי זאָלן אַף קיין איין מינוט ניט אָפּטרעטן פון איר.

שאַליט האָט זיך שוין געקליבן אוועקגיין. פּלוצעם איז צום ווײַנגאָרטן צוגעפאָרן קאָצין. ער איז ניט געײַלט אַרויס פון דער מאַשין און מיט זיכערע טריט אוועק צו שיינדלען. דערזען שאַליטן, איז קאָצין געבליבן שטיין אַ ביסל אַ פאַרלאָרענער.

— עפּעס ביסטו געוואָרן באַ אונדז אַ צו אָפטער גאַסט, — האָט שאַליט מיט באַהאַלטענער אופגעבראַכטקײַט, קוקנדיק אים גלײַך אין די אויגן, געזאָגט.

— מיר ווילן באַ זיך פאַרפלאַנצן אַ ווײַנגאָרטן, האָב איך באַשטימט דורכפאָרן זיך צו אײַך אַ קוק טאָן, אײַער דערפאַרונג אויסנוצן, — האָט קאָצין ווי פאַרענטפערט זיך.

— מיר דוכט, אַז דו מיינסט ניט אַזוי דעם ווײַנגאָרטן, ווי די ווײַנגאָרטנערן, — האָט שאַליט ניט אויסגעהאַלטן.

— די ווײַנגאָרטנערן אײַערע איז אַ גרויסע בעריע, — האָט קאָצין מיט אָפּשײַ זיך אָפּגעג־רופן. — גיב נאָר אַ קוק, ס'אַרא ווײַנגאָרטן זי האָט אויסגעקאָוועט, דאָס איז דאָך אַן אשרעס!

— ביסטו אונדז מעקאַנע?.. ס'שטעכט דיר אין די אויגן? — האָט שאַליט אָנגעהויבן ריידן שוין הויך אַף אַ קאָל, ווי ער וואָלט וועלן, עס זאָל קומען צו אַ סיכסעך.

— כ'פאַרשטיי ניט, נאָכעם, וואָס ביסטו אַזוי בייז? ניט אַנדערש, ווי דו ביסט הײַנט אופ־געשטאַנען אַף דער לינקער זײַט.

— פאַרבייד מיר ניט די ציין, — איז שאַליט געוואָרן נאָך מער אופגעבראַכט, — אַף דײַנע קונצן בין איך אַ מיוון.

קאָצין האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען שאַליטן אַזוי אופגעבראַכטן. זײַן פּאָנעם איז געוואָרן שטרענג, די אויגן — פול מיט בייזע פונקען.

„זי זאָל אים האָבן איבערגעגעבן אַלץ, וועגן וואָס ער האָט גערעדט מיט איר?“ — האָט קאָצין אַ טראַכט געטאָן. — „איז וואָס, אייגנטלעך, האָט זי אים געקאָנט דערציילן, אַז ס'איז באַ זיי גאָרנישט ניט פאָרגעקומען“...

דער עמעס איז דאָך טאַקע, אַז וויפל קאָצין האָט ניט געפּרווט נויסע־כיין זײַן באַ שיינדלען, וויפל ער האָט איר ניט געפּרווט אײַנריידן, אַז מיט זײַן איצטיקן ווײַב איז ער זיך צונויפגעגאַנ־גען צופעליק, אַז זי איז אים דערעסן און אַז נאָר זי, שיינדלען, באַדאַרף ער, האָט שיינדל אַף זײַנע רייד קיין אַכט ניט געלייגט און די גאַנצע צײַט געטראַכט וועגן עפּעס אירס. אין ראַיאָן, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז זי אויך געפאָרן נאָר וועגן אירע אייגענע איניאָנים און האָט אויסגעמיטן כאָטש איין רעגע בלײַבן מיט קאָצינען אויג אַף אויג.

איצט האָט זיך שוין קאָצינען אַמאָל אַליין געדוכט, אַז אַלץ, וואָס ער פּרווט אײַנשמועסן שיינדלען וועגן זײַן באַציִונג צו איר, איז עמעס, און כאָטש אים איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז זי איז נאָך שטאַרק צוגעבונדן צו שאַליטן, פונדעסטוועגן האָט ער באַשלאָסן נאָכאַמאָל זיך דורכ־ריידן מיט איר, און דאָ — נאָ דיר גאָר, געטראָפן שאַליטן.

— כ'ווייס ניט, וואָס דו ביסט אָף מיר בייז, — האָט קאַצין געזאָגט צו שאַליטן. — ניט אַנדערש, עמעצער האָט דיר אָנגערעדט אָף מיר... מע וויל אונדז, ווייַזט אויס, צעקריגן... כ'פּיל ניט, אַז כ'זאָל מיט עפּעס זייַן שולדיק קעגן דיר.

פון ערגעץ איז אָנגעקומען שיינדל. שאַליט האָט ניט געוווּסט, צי זי האָט אונטערגעהערט, וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט, און זיך געוואָלט אַרייַנמישן אין זייער שמועס, צי זי איז צופעליק פאַרבייַגעגאַנגען.

## 12

אין יִשְׁעוּ האָבן געהאַלטן אין איין צוקומען נייַע מִשְׁפָּחָות. צווישן זיי זייַנען געווען אַ סאַך מענטשן פון פאַרשיידענע קאַנטן און פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע דאָס מיל־כאָמע־געווירבל האָט אַהער פאַרוואָרפן.

דער פאָרזיצער זשורבענקאָ, דער פאָרטאָרג שאַליט און די היגע טוישווים האָבן באַגעגנט די נייַ־אָנגעקומענע ברייטהאַרציק, פרייַנטלעך. מע האָט זיי באַזעצט אין די פוסטע הייַזער פון די אומגעקומענע, געהאָלפן אָפּרעמאָנטירן די וווינונגען, אַרייַנגענומען זיי, ווי ברידער, אין דער קאָלווירטישער מִשְׁפָּחָה.

ווי נאָר די נייַ־אָנגעקומענע האָבן זיך אייַנגעאָרדנט, האָט מען זיי פאַרטיילט איבער די ברי־גאַדעס און די אַרבעט איז אַוועק פריילעכער.

פאַר די קרעדיטן, וועלכע מע האָט באַקומען אין ראַיאָן, האָט מען אייַנגעקויפט עטלעכע שטיקלעך פי, אַ פּאָר כאַזער־מוטערס.

— איבעראיאָר וועלן פון די טעלעצעס ווערן בעהיימעס, און נאָך אַוועלכע בעהיימעס! — האָט זשורבענקאָ, אַ שייַנענדיקער, אייַנגעטייַנעט מיט שאַליטן, פּונקט ווי יענער וואָלט אים דער־ווידערט. — פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע וועט באַ אונדז ווערן אַן עמעסע פערמע, וועסט נאָך זען, ס'אַרא טשערעדעס עס וועלן אַרומגיין איבער אונדזערע לאָנקעס... קיינער וועט ניט גלייבן, אַז ערשט צוריק מיט עטלעכע יאָר, איז באַ אונדז געווען אַן איין־און־איינציקע קו.

אין איינעם אַ טאָג, ווען אין דער ראַיאָנער צייַטונג איז אָף דער ערשטער זייַט ווידער געווען אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן די נייַע דערפאָלגן פונעם קאָלווירט „מאַיאַק", האָט זשורבענקאָ, טייַטלענדיק מיטן פינגער אָף דעם אַרטיקל, געזאָגט: — זעט נאָר, ווי דער קאַצין קערט די וועלט! גיט נאָר אַ קוק, ווי ער פליט עס אין די הימלען, ס'איז, קאַנטיק, יענער אָדלער!

— ס'איז ניט קיין אָדלער, נאָר אַ זשוק, — האָט שאַליט מיט ביטל אַ זאָג געטאָן, — אַ זשוק קאָן זיך אויך אופהייבן אין דער לופט און זשומען.

זינט דער געשיכטע מיט שיינדלען האָט זיך שאַליטן ניט געוואָלט זען מיט קאַצינען, ער וואָלט אפילו גערן געווען זייַן נאָמען ניט הערן. נאָר דערקונדיקן זיך וועגן די געהיימניספולע סיבעס פון „מאַיאַקס" דערפאָלגן האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט.

„מע האַלט דאָך אָט דעם קאָלווירט אין איין לויבן", — האָט ער געטראַכט. — „די, וואָס זינגען אים שוואָכים, זייַנען דאָך פון זינען ניט אַראָפּ. פונדעסטוועגן וועט מען זיך מוזן זען מיט קאַצינען, עפשער קאָן מען זיך פאַרט באַ אים עפּעס אָפּלערנען".

קאַצין האָט דאָס געפילט. ער איז אַ פּאָר מאָל אַרייַנגעפאָרן צו שאַליטן, ווי צווישן זיי וואָלט גאָרנישט ניט פאָרגעקומען, אייַנגעלאַדן אים צוגאַסט און אפילו געפּרווּוט פאַרוואַרפן אַ פּאָר ווערטער וועגן שיינדלען. איינמאָל האָט ער זיך אָטוואָזשעט צו קומען מיט אַן איניען, וועלכער האָט געדאַרפט, לויט זייַן מיינונג, פאַרינטערעסירן סייַ שאַליטן, סייַ זשורבענקאָן.

ער איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אָפן שליטן, אין וועלכן עס זייַנען געווען אייַנגעשפּאַנט אַ פּאָר זאַטע גניאַדע שקאַפּעס. צופאָרנדיק צו דער שטוב, ווו ס'האָבן געוווינט זשורבענקאָ מיט שאַליטן, האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם כאַקענעם פלאַשטש און איז געבליבן זיצן אינעם ווייַסן פּעלצל און אין דעם נייַעם גרויען אָפיצערישן ווינטערהיטל, וואָס איז געווען ווויליונגעריש פאַרוקט אָף אַ זייַט.

— וואָס מאַכן מייַנע טייַערע לאַנדסלייַט? — האָט ער זיך געווענדט צו שאַליטן מייַסע גוטער־ברודער.

— מע האָרעוועט, וואָס קאָנען מיר נאָך מאַכן? — האָט שאַליט געענטפערט מיט אַ ביטל־שמייכעלע. — מע באַשרייַבט שוין ווייַטער, זע איך, דייַן קאָלווירט אין די צייַטונגען... ס'טומלט מיט דיר די וועלט...

— וואָסי, מיר האָבן דאָס ניט פאַרדינט? — האָט קאַצין, כיטרע צוזשמורענדיק דאָס לינקע אויג, אַ פרעג געטאָן.

— כ'ווייס ניט, אז מע שרײַבט, האָט איר, מיסטאמע, פאַרדינט. אָט שרײַבט מען דאָך וועגן אונדז גאָרניט, וואָס קאָן מען וועגן אונדז, מישטיינסגעזאָגט, שרײַבן?

— וואָס הייסט, וואָס קאָן מען וועגן אײַך שרײַבן? וואָס מאכסטו זיך טאמעוואטע? איר האָט דען ווייניק דערגרייכונגען?

ארויסגעזאָגט די ווערטער, האָט קאַצין טייקעף כאראַטע געהאט, טאָמער וועט שאליטן, כאסוועשאָלעם, אײַנפאלן זיך פאַרגלײַכן מיט אים. דעריבער האָט ער גלײַך צוגעגעבן:

— ס'פאַרשטייט זיך, אז צו אונדז קאָנט איר זיך נאָך ניט גלײַכן, נאָר אוועקמאכן מיט דער האַנט אײַערע אופטוען דאַרף מען אויך ניט.

קאַצינס באַרימערישער טאָן האָט ווי א ברי געגעבן שאליטן.

— כ'וואָלט געוועזן א באַלן א קוק טאָן אײַער ווירטשאַפט, — האָט קאַצין זיך אליין אָנגעבעטן בא שאליטן.

— נו, אז דו ווילסט שטאַרק, קאָנען מיר א קוק טאָן, — האָט שאליט א בורטשע געטאָן.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט לעבן קאַצינען אין שליטן און זיי זײַנען צוגעפאָרן צו די בינען.

קאַצין האָט מיט באַלעבאַטישער באַהאַוונטקײַט באַטראַכט די געבײַדע, זיך נאָכגעפרעגט, צי די בינען וועלן קאָנען איבערווינטערן אין איר. פאַרבײַווײַגס האָט ער זיך אינטערעסירט, וויפל האָניק די בינען האָבן געגעבן פאַרן זומער און ווי טײַער ס'האַלט איצט האָניק אפן מאַרק. נאָכדעם זײַנען זיי אוועקגעפאָרן אָף דער פערמע, צו די נײַע שטאַלן.

— נו? — האָט שאליט א פרעג געגעבן. לויטן אויסדרוק פון אנשלס פּאָנעם האָט ער געוואָלט דערקענען, ווי יענעם זײַנען געפעלן די נײַע געבײַדעס.

— נישקאָשע, — האָט קאַצין א זאָג געטאָן.

שאליטן האָט פאַרדראָסן, לעמײַ ער האָט אזוי קאַלט זיך אָפּגערופן וועגן די שטאַלן, אין וועלכע מע האָט ארײַנגעלייגט אזויפיל האַרעוואַניע.

— אליק, וואָס א סקאָטינע דאַרף, איז דאָ פאַראַן, איז וואָס זשע ווילסטו נאָך? — האָט זיך בא אים ארויסגעכאַפּט.

— זאָג איך דאָך, אז ס'איז נישקאָשע, — האָט קאַצין נאָכאַמאָל אונטערגעשטראָכן. — וואָלסט א קוק געטאָן, ווי מיר פּאַסן אוף די פּי, ווי די קייסערינעס לעבן זיי בא אונדז, די בעהיימעס... אינגיכן וועלן מיר מאכן אווטאָפּאָיִלקעס. וועט זיך זיי נאָר פאַרוועלן טרינקען, וועלן זיי א קוועטש טאָן מיט די מאָרדעס און דאָס וואַסער וועט זיך זיי גיסן גלײַך אין מויל ארײַן...

— פּונקט ווי אין דער ליד וועגן דעם, ווי דער קייסער טרינקט טיי, — האָט אים שאליט איבערגעשלאָגן.

— נאָך שענער, — האָט קאַצין זיך געכאָכמעט.

— וואָס קאָן נאָך זײַן שענער?..

— ספּעציעלע מילן מאָלן איבער די שפּײַז... און מע טראָגט זיי עס גלײַך אין מויל ארײַן... — קאַצין האָט שוין ניט געקאָנט אָפּשטעלן זיך, ווי עמעצער וואָלט אים געצויגן פאַר דער צונג:

— ס'איז נאָך גאָרניט, „מאיאַק" וועט ווײַזן, אז ער איז שטענדיק און אומעטום א מאיאַק[1].

— נו, נו, אדעראַבע, באַווײַז! — האָט שאליט, ארויסגייענדיק מיט קאַצינען פון שטאַל, אים נאָך צוגעגעבן היץ. — אונדז וועט זײַן אָנגענעם, וואָס אונדזער האַדאַוואַניק, קאָן מען זאָגן, איז אזוי באַרימט.

קאַצין האָט זיך דערמאָנט, אז געקומען איז ער ניט אָף צו באַרימען זיך מיט זײַנע אופטוען, נאָר וועגן אן איניען.

— כ'האָף, אז מיר וועלן נאָך אײַך אויך קאָנען מיט עפּעס מיטהעלפן, — האָט ער געזאָגט מיט א טאָן פון א באַלטויווע.

— א דאַנק, מיר זוכן ניט קיין רײַכן פעטער, — האָט שאליט געענטפערט.

— וואָס האָסטו זיך באַליידיקט? כ'האָב דיר דאָך, כאסוועשאָלעם, קיין נעדאַוועע ניט פאַרגעלייגט, כ'בין דאָך ניט קיין פרעמדער. אזויפיל יאָרן דאָ אָפּגעאַרבעט. דאָס האַרץ, מיינסטו, בלוטיקט מיר ניט פאַר די וווּנדן, וועלכע מײַן היים קאָן נאָך ביז איצט ניט פאַרהיילן?

— דערפאַר טאַקע האָסטו זיך דערשראָקן פאַר די וווּנדן, ביסט אנטלאָפן, געזוכט, ווו גרינגער... — האָט אים שאליט אויסגעוואָרפן.

— בא מיר אין קאָלווירט זײַנען דען קיין וווּנדן ניט געווען? — האָט קאַצין זיך פאַרענטפערט.

---

[1] מאיאַק באַטײַט א לײַכטטורעם.

שאליט האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין שליטן און פֿאַרגעלייגט קאַצינען אומקערן זיך צום שטיבל, ווו ער האָט געוווינט מיט זשורבענקאָן.
אין הויף האָט קאַצין אויסגעשפּאַנט די פֿערד, געגעבן זיי א ביסל היי און איז אַרײַן מיט שאליטן אין שטיבל. זשורבענקאָ האָט שוין באַוויזן אופֿזידן טיי.
— לאָמיר עפּעס איבערבײַסן, — האָט זשורבענקאָ פֿאַרבעטן דעם גאַסט צום טיש, — מיט קיין גרויסע זיבן זאַכן קאָנען מיר נאָך אײַך דערוווײַל ניט מכבד זײַן.
— א דאַנק, כ'בין ניט הונגעריק. מיט א ביסל האָניק ווען איר זײַט מיך מכבד, וואָלט איך אײַך עפּשער שוין געטאָן די טויווע און אויסגעטרונקען א גלאָז טיי, — האָט קאַצין זיך געכאָכמעט.
ער האָט ווידער פֿאַרפֿירט א רייד וועגן די אווטאָפּאַילקעס, וועלכע ער אָרדנט אײַן אין אַלע שטאַלן פֿון זײַן פֿערמע, פֿאַריינוועגס, האָט ער געזאָגט, וואָלט ער געקאָנט העלפֿן דעם קאָלווירט „האָפֿענונג" מעכאַניזירן די פֿערמע.
— דעריקער איז קריגן טרויבן, — האָט ער אונטערגעשטראָכן, — טרויבן קאָן מען קריגן בא מײַנע שעפֿן אין זאַוואָד, נאָר איר פֿאַרשטייט אַליין...
קאַצין האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, א קוק געגעבן פֿריַער אַף שאליטן, דערנאָך אַף זשורבענקאָן. ער האָט געהאָפֿט, אַז עפּשער וועלן זיי זיך אָנשטויסן, וואָס ער מיינט.
— כ'האָב געוואָלט אוועקפֿירן איינעם פֿון די נאַטשאַלניקעס א מאַטאָנע — א פֿעסעלע האָניק, — האָט ער נאָך א ווײַלע שווײַגן פֿאַרגעזעצט. — איר פֿאַרשטייט אַליין... איך וואָלט באַקומען טרויבן און אַלץ, וואָס מע באַדאַרף צו די אווטאָפּאַילקעס, פֿאַר זיך און, נאַטירלעך, פֿאַר אײַך אויך. איך בין שוין געפֿאָרן אַפֿן מאַרק, געזוכט צו קויפֿן האָניק און ווי אַפּצולאָכעס מאַכט זיך מיר ניט...
— ווען בא אונדז וואָלטן געוואַקסן טײַכן האָניק, וואָלט איך דיר אויך ניט געגעבן, — די שטים בא שאליטן האָט אזש געציטערט פֿון אופֿרעגונג.
— וואָס הייסט? מע טאָר שוין גאָר קיין מאַטאָנע ניט געבן? ס'איז דאָך מײַן געלט, מײַן האָרעוואַניע, — האָט קאַצין זיך געפּרוּווט פֿאַרענטפֿערן. — אַנדערש, פֿאַרשטייסט... א מענטש ווערט זיך סטאַרען... דערפֿאַר איז אײַך טאַקע אַזוי שווער, ווײַל די שרײַפֿעלעך בא אײַך אין קאָפּ אַרבעטן ניט. איר ווערט ניט טאָן א מענטשן קיין טויווע, ווערט מען אײַך אויך ניט טאָן... פֿאָלגט מיך, איך בין דאָך אײַערער א האָדאָוואַניק... קיין פֿרעמדע וואָלט איך ניט געגעבן אַזא אייצע...
— מיר נייטיקן זיך ניט אין אַזעלכע אייצעס! — האָט זשורבענקאָ ווי אָפּגעשניטן.
קאַצין איז געבליבן זיצן אַן אָפּהענטיקער. ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר די צונג האָט זיך בא אים ווי צוגעקלעפּט צום גומען.

## 13

איינמאָל איז שאליט געקומען אַהיים א טויט־מידער און געטראָפֿן שיינדלען זיצן בא זשורבענקאָן.
— „וואָס טוט זי דאָ?" — האָט בא אים א טיאָכקע געגעבן אין האַרצן. — „זשורבענקאָ האָט שוין אויך געוואָרפֿן אַף איר אַן אויג? און פֿאַרוואָס איז זי מאסקים געווען צו קומען אַהער, זי ווייסט דאָך, אַז זי קאָן מיך דאָ טרעפֿן? ניט אַנדערש, ווי אַפּצולאָכעס, צו ווײַזן, אַז זי דאַרף מיך אַף קאַפּאָרעס".
שאליט האָט מיט זשורבענקאָן קיינמאָל ניט גערעדט וועגן זײַנע באַציִונגען מיט שיינדלען. מעגלעך, יענער טראַכט אַפֿילע, אַז זיי זײַנען נימעס געוואָרן איינער דעם צווייטן און זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען.
דערזען שאליטן, האָט שיינדל זיך פֿאַרויטלט.
— וואָס מאַכסטו עפּעס? — האָט זי פֿאַרשעמט, ניט אופֿהייבנדיק די אויגן, א פֿרעג געגעבן.
— מע לעבט צו ביסלעך, — האָט שאליט אָפּגעענטפֿערט און איז געבליבן א רעגע שטיין אינמיטן שטוב אין פֿאַרלעגנהײַט. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן: צוגיין צו איר נעענטער אָדער האַלטן זיך ווי מיט א פֿרעמדן מענטשן. שיינדל האָט אויך ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. אייגנטלעך, איז זי דאָך אוועק פֿון אים, וואָס איז ער שולדיק?
שאליט האָט דערפֿילט, אַז זי וויל אים עפּעס זאָגן און ווייסט ניט, ווי אָנצוהייבן. ער איז אוועק אין א ווינקל, זיך אַפּגיך איבערגעטאָן, אײַנגעוואַשן זיך.
זשורבענקאָ האָט עפּעס דערציילט שיינדלען. נאָר זי האָט ניט שטאַרק זיך צוגעהערט, ווײַל זי האָט געקוקט אין א זײַט, אַהין, ווו שאליט איז געשטאַנען, און, קאָנטיק, געוואָלט, ער זאָל צוגיין צו איר. שאליט האָט שנעל איבערגעביסן און זיך אָנגעהויבן קלײַבן אוועקצוגיין.
— ווהין אײַלסטו זיך עס? — האָט אים זשורבענקאָ געפּרוּווט פֿאַרהאַלטן.

— כ׳דארף צוגיין אין איינעם אן אָרט, כ׳וועל באלד קומען, — האָט א ביסל צעשטרייט געענטפערט שאליט.

ווי נאָר ער איז ארויס, האָט שיינדל זיך טייקעף אופגעהויבן, זיך צעזעגנט מיט זשורבענקאָ און זיך געלאָזט נאָך אים. אין דרויסן האָט זיך שיינדל ארומגעקוקט און גלײַך דערזען שאליטן. איצט האָט ער זיך גאָר ניט געײַלט. זי האָט אים דעריאָגט.

— וואוהין גייסטו עס? — האָט זי מיט א באהאלטענעם שמייכל א פרעג געגעבן.

— כ׳גיי... דאָ ניט ווײַט...

שיינדל האָט א פיר געגעבן מיט די אויגן איבער דער טונקעלער אָוונטיק-סומנער גאס, צי מע זעט קיינעם ניט. ערשט דאן האָט זי גענומען נאָכעמען פאר דער האנט, אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און א שעפטשע געגעבן:

— כ׳האָב דיר געוואָלט עפּעס זאָגן...

— נו, זאָג...

שיינדל האָט זיך שטארקער צוגעדריקט צו אים. איר האָט זיך געוואָלט, ער זאָל הערן, ווי עס קלאפּט איר הארץ, ווי עס שפּרודלט אין איר די פרייד, ס׳איז איר א ביסל א ביזויען געווען, וואָס זי פירט זיך ווי א מיידל פון צוואנציק יאָר. נאָר די בסורע, וואָס זי האָט אים געדארפט אָנזאָגן, האָט זי געמאכט מאָדנע שעמעוודיק. זי האָט זיך אופגעהויבן אף די שפּיצפינגער און שטיל אין אויער ארײַן אים געזאָגט:

— קום אהיים, דאָרט וועל איך דיר זאָגן...

— נו זאָג, זאָג שוין!

— כ׳וועל דיר האָבן א קינד...

— פארוואָס זשע ביסטו אוועק פון מיר?

— כ׳האָב ניט געוווסט...

ס׳האָט איר פארשלאָגן דער אָטעם און זי האָט ניט געקאָנט מער קיין וואָרט ארויסברענגען. זי האָט אים געוואָלט דערציילן, אז ס׳איז איר שווער געווען צו הערן, ווי ער באוויינט נאכט נאָך נאכט אין שלאָף זײַנע קינדער, אז זי האָט געוואָלט געפינען פאר אים א טרייסט און האָט ניט געקאָנט, איז זי אוועק. אָבער איצט, אז זי וועט געבוירן א קינד, וועט עס אים העלפן פארהיילן די ווונדן. און זי וועט ווערן א ווײַב און א מאמע, צי קאָן נאָך זײַן א גרעסערע פרייד?

— ביסט צופרידן? — האָט זי עטלעכע מאָל, ארײַנקוקנדיק אים אין די אויגן, איבער־געפרעגט.

— ווען וועט עס זײַן?.. ס׳איז נאָך לאנג? — האָט ער געפרעגט און טרערן האָבן זיך אים באוויזן אין די אויגן.

## 14

שאליט מיט זשורבענקאָ האָבן זיך לאנג געקליבן צופאָרן אין „מאיאק", נאָר געפינען א פרײַען טאָג האָט זיך זיי אלץ ניט אײַנגעגעבן. האָבן זיי אָפּגעלייגט דאָס פאָרן פון הארבסט אף ווינטער, פון ווינטער אף פרילינג, און יעדעס מאָל האָבן זיך געפונען נײַע סיבעס, וועלכע האָבן זיי פארהאלטן. צוזאמען מיט פרייד פארן אופגעטאָנענעם איז געווען אויך פארביטערונג פון ניט געלונגענע פּרוון, אנטוישונגען און ווידעראמאָל פרייד פון ניצאָכן.

אזוי איז געגאנגען די צײַט. ס׳האָבן זיך געמאכט לײַכטערע יאָרן און יאָרן שווערערע.

נאָך א פרילינג מיט שטורמישע געוויסערן, וואָס האָבן אופגעריסן די הרעבליע פון דער סאזשלקע און פארטרונקען רונד ארום אלע פעלדער און באלקעס, איז געקומען א הייסער זומער, אָן רעגנס.

אפן דנאָ פון דער סאזשלקע האָט זיך געבויטעט א שיטערע בלאָטע, וואָס איז שפּעטער אינגאנצן אויסגעטריקנט געוואָרן. אָבער שוין אין א יאָר ארום, פרילינג, ווען דער שניי איז צעגאנגען, האָט דאָס וואסער דורך די ריטשקעס, וועלכע מע האָט לויט זשורבענקאָס אייצע בא־צײַטנס אויסגעגראָבן, אָנגעפילט די סאזשלקע ביז אריבער די ברעגן.

אין אָט דעם וווּנדערלעך־וואַרעמען פרילינג, ווען דער הימל האָט געהאלטן אין איין שפּאלטן זיך פון בלענדיקע בליצן, און די ערד, אָן איבערגעזעטיקטע מיט זון און זאפט, האָט געציטערט פון דונערן, האָט אין דער שטילער סאזשלקע אָנגעהויבן צאפּלען פלינק יונגוואַרג — קומענדיקע קאַרפּן.

אין די בינשטאָקן האָבן, ווי א געוויסער, געזרושט בינען, זיי זײַנען זשעדנע צוגעפאלן צו די צעבליטע געלע קאַטראַנען, צו די פּיאָלעטע בורקונען, צו דעם בלענדיק ווײַסן צוויט פון קארשן־און פלוימען־ביימער.

אזוי האָבן צוזאמען מיט די טוועס אין פעלד, מיטן גרינס אין די גערטענער, מיט די אויבסן

אין די סעדער און ווײַנגאַרטנער זיך געמערט און געפּרוכפּערט די בינען אין די בינשטאָקן, די פיש אין די סאַזשלקעס, די פי אין די פערמעס — דאָס גאַנצע האָב און גוטס פונעם קאָלווירט „האָפענונג".

פונקט אין די טעג, ווען דער קאָלווירט איז, דוכט זיך, געגאַנגען באַרג־אַרוף, האָט זיך אין דער ראַיאָנער צײַטונג באַוויזן אַן אַרטיקל „דער קאָלווירט „האָפענונג" שטייט ווידער אָפּ אינעם אויספילן דעם פּלאַן".

מענטשן האָבן געלייענט די צײַטונג מיט פאַרדראָס.

— מע ברעכט זיי די ביינער! פאַרוואָס קומט עס זיי? — האָבן אייניקע געטײַנעט.

— באַדאַרפט אַרבעטן, ווי א סאַך קאָלווירטן אַרבעטן, — האָבן אַנדערע זיך אָפּגערופן.

— עפּשער טאַקע! — האָט שאַליט איינמאָל א זאָג געטאָן צו זשורבענקאָן. — מעגלעך, אַז מענטשן זײַנען גערעכט. ווען מיר נעמען זיך ניט מיטאַמאָל פאַר א סאַך זאַכן, וועלכע קיינער האָט פון אונדז ניט געפאָדערט, וואָלטן מיר, פונקט ווי אַנדערע, רויִק אויסגעפילט דעם פּלאַן און קיינער וואָלט אונדז ניט געזידלט...

— ני, ני, ני! — האָט זשורבענקאָ אײַנגעשפּאַרט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — ני, ני!!.. ווּעסט זען, ברודערקע, מיר וועלן נאָך באַווײַזן, ווער ס'איז גערעכט! איך האַלט אויך פון פּלאַן... אויספילן דעם פּלאַן איז אונדזער הייליקער כּויוו... נאָר מ'קאָן, ברודערקע, אָף פאַרשיידענע אויפאַנים אויספילן דעם פּלאַן... מ'קאָן אָנשרײַבן א שיינעם ראַפּאָרט, פליִען, טומלען און פאַר־טויטשן אַלעמען דעם מויעך.

— דאָרט, ווו מע האָט צונויפגעשטעלט דעם פּלאַן, האָט מען דען ניט געטראַכט? ניט געכעזשבענט?.. דאָרט זיצן דאָך אויך מענטשן מיט קעפּ, — האָט שאַליט דערווידערט זשורבענ־קאָן. — פאַרוואָס האָט פאַר דער מילכאָמע אונדזער קאָלווירט איינער פון די ערשטע אויסגעפילט די פּלענער און מיר האָבן אומעטום געהאַט א גוטן שעם?

— וואָס ס'איז געווען פאַר דער מילכאָמע אין אײַער קאָלווירט, ווייס איך ניט, — האָט זשורבענקאָ רויִק פאַרגעזעצט. — איך ווייס נאָר, אַז ווען א קאָלווירט זייט נאָר טוווע אליין, איז זײַן ווירטשאַפט קיין ווירטשאַפט ניט. דאָ, בא אונדז, דאַרף א קאָלווירט זיך פאַרנעמען אי מיט פּיצוכט, אי מיט בינענצוכט, אי מיט סאָדצוכט... אין ראַיאָן שערט מען אַלע בערד אָף איין אויפן. אָבער יעדער קאָלווירט האָט דאָך זײַן ספּעציפיק, און מע מוז זיך דערמיט רעכענען, אַנדערש וועט בא אונדז קיין טאָלק ניט זײַן!..

— ווילסט זײַן קליגער פון אַלעמען? — האָט שאַליט געזאָגט. — קאָצין מאַכט ניט קיין קונצן און פּילט אויס דעם פּלאַן דער ערשטער, מענטשן האָבן האַנאָע פון זייער אַרבעט, און מיר...

— כ'ווייס ניט, וואָס פאַר א ניסים זײַנען דאָרטן בא קאָצינען, — האָט זשורבענקאָ א קנייטש געטאָן מיט די אַקסל.

שאַליט האָט געוווּסט, אַז קאָצין קאָן מאַכן א טראַסק אַרום דעם מינדסטן אופטו זײַנעם. נאָר יעדעס וואָרט אין דער צײַטונג איז געווען בא אים הייליק, טאַקע דערפאַר האָט ער באַשלאָסן מער ניט אָפּלייגן און צופאָרן א קוק טאָן מיט זײַנע אייגענע אויגן, וואָס עס טוט זיך אינדער־עמעסן אין דעם קאָלווירט, וועלכן מע הערט ניט אויף צו לויבן.

אָף מאָרגן גאַנצפרי האָט שאַליט זיך אויסגעפוצט אין זײַן געטראָגענעם, נאָר ריינעם קאָר־טענעם אָנצוג, אײַנגעשפּאַנט אין דער בעדאַרקע די בורע נידעריטשקע שקאַפּע, וועלכע דער קאָלווירט האָט פאַרצווייאָרן געקויפט פאַר דער האַכנאָסע פונעם האָניק, און איז אַרײַנגעפאָרן נאָך זשורבענקאָן.

— נו, זעץ זיך, — האָט ער געזאָגט, — און הײַדאַ אין „מאיאַק"!

זשורבענקאָ איז שוין אויך געווען גרייט. ווי געוויינלעך, ווען ער פלעגט זיך ערגעץ קלײַבן, האָט ער אָנגעטאָן די בלויע הויזן גאַליפע מיט די רויטע קאַנטן, די טונקעלע גימנאַסטיאָרקע מיט די צוויי מעדאַלן.

פון אָנהייב זײַנען זיי געפאָרן לאַנגזאַם. נעענטער צו די פעלדער פון „מאיאַק" האָבן זיי גענומען אונטערטרײַבן דאָס פערדל.

די בלאָנדיקע זונשטראַלן האָבן געשניטן די אויגן, און מע האָט געמוזט די גאַנצע צײַט קוקן אין א זײַט. זשורבענקאָ האָט פאַרדרייט א ציגאַרעט. אַרויסלאָזנדיק קנוילן רויך, האָט ער וועגן [illegible] געטראַכט.

— קיין פּראָפּאַשנע קולטורן[1] זעט מען אין „מאיאַק" ניט, — האָט ער מיטאַמאָל שאַרף א קער געגעבן דעם קאָפּ צו שאַליטן.

— אויב פּראָפּאַשנע, ברודערל, דאַרף מען האָרעווען, — האָט שאַליט געענטפערט. —

---

1 — דורכאַקער־קולטורן (קוקורוזע, סאָרגאָ, פּראָסע, זונרויזן, קאַרטאָפל, טאַבעק, מאַכאָרקע אאַ).

מיט פיליאַריקע גראָזן איז אַ גרינג לעבן, מע קאָסיעט עס אָפּ און פאַרטיק. אייסעקן זיך מיט דער מאַדאַם קוקורוזע איז אַ זאַך אָן ערנסטע. זי פֿאָדערט, מע זאָל נאָך איר אוכאַזשעווען, אַניט ווערסטו האָבן פון איר אַ מאַקע.

— פאַראַן קונצנמאַכער, — האָט אים איבערגעשלאָגן זשורבענקאָ, — מע געפינט אַ גוט שטיקל ערד, מע באַאַרבעט עס, אַז ס'זאָל ווערן ווייך, ווי אַ פּערענע. נאָכדעם קלײַבט מען אָפּ יעדעס קערנדל זריַע, ווי אַ קאַפּריזנע קאַלע קלײַבט פאַר זיך אַ כאָסן. מע הייבט אָן קעכלען, כאַליען יעדעס שפּראָצל, און אַז ס'וואַקסט אויס אַף דעם שטיקעלע ערד אַ גערעטעניש, הייבט מען אָן קלאַפּן אין אַלע טאַצן וועגן רעקאָרדן.

— כ'האָב גאָרניט געוווסט, אַז דו ביסט אַזאַ כאָכעם, איגנאַט סאַוועליטש, — האָט שאַליט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, — פונוואַנען קומסטו עס צו וויסן וועגן אַזעלכע קונצן?

— דערצו דאַרף מען קיין גרויסער כאָכעם ניט זײַן. איך דערצייל דיר דען אַ מײַסע, ווי אַ קאַלב איז געפלויגן איבערן דאַך און געלייגט אַן איי?

אָן אַ שיר העל־גאָלדענע, פּיאָלעט־גרינלעכע, אָראַנזשעווע שפּרענקעלעך האָבן געבלענדט די אויגן. מיטאַמאָל זײַנען פון דעם אָנגעגליטן ציטערנדיקן רויכל אַרויסגעשוווּמען אומקלאָרע, צעשווומענע סילועטן פון הײַזער. וואָס נעענטער שאַליט מיט זשורבענקאָ זײַנען צוגעפאָרן צום יישעוו, אַלץ בוילעטער האָבן זיך אָנגעהויבן אויסטיילן אַפן הימל, אַ ווײַסן פון היץ, די שפּיצן פון סילאָס־טורעמס. אין אַ רעגע אַרום האָבן זיך באַוויזן רויטע און ווײַס־געשטרײַפטע טשערע־פּענע דעכער, — ווײַזט אויס, די שול, דער קלוב, די קאָלווירט־פאַרוואַלטונג. עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן דערטראָגן אַ פּאַרטויבטע בילערײַ פון הינט, אַ רעווען פון קי און דאָס מעקען פון שעפּסן.

— דאָס איז „מאַיאַק", — האָט שאַליט זיך אַ קער געגעבן צו זשורבענקאָן.

אין אַ האַלב שאָ אַרום זײַנען זיי צוגעפאָרן צו דער טאָלאָקע פון „מאַיאַק", וועלכע האָט זיך געצויגן פון די טוווע־פעלדער הארט ביזן יישעוו. דאָ האָבן זיך איבערגעקרייצט און זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען צוויי וועגן — לינקס צו דער פערמע און רעכטס צו דער ברייטער גאַס פונעם יישעוו.

שאַליט האָט אַ צי געגעבן די לייצעס, אַ טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּן, און דאָס פערדל האָט ווידער מיט אַן אימפּעט אַ טראָג געגעבן די בעדאַרקע. ניט דערפאָרנדיק צו דער אַרקע, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן יישעוו, האָט דאָס פערדל אָנגעהויבן גיין לאַנגזאַמער.

זשורבענקאָ האָט הויך אַף אַ קאָל איבערגעלייענט די מילך־ווײַסע אויפשריפט אַפן פראָנטאָן פון דער אַרקע:

Добро пожаловать![1]

— זעסט, ווי מע דאַרף אויפנעמען געסט? — האָט שאַליט אַ ווונק געטאָן זשורבענקאָן, — אַ ווערטעלע, „מאַיאַק"! אַלע דעלעגאַציעס פאַרן אהער!..

— מיר זײַנען דאָך אויך אַ דעלעגאַציע, — האָט זשורבענקאָ זיך אָנגערופן און מיט אַ כיטרע שמייכעלע צוגעגעבן: — זאָל זײַן, אַז מיר זײַנען אַ דעלעגאַציע פון אָן אָרעמען קאָלווירט, אָן אָפּגעשטאַנענעם, אָבער פאָרט אַ דעלעגאַציע...

אין יישעוו איז געווען פּוסט. קיין לעבעדיקן נעפעש האָט מען ניט געזען. ס'איז אַפילע ניט געווען, באַ וועמען צו פרעגן עפּעס. זשורבענקאָן און שאַליטן האָט שוין אָנגעהויבן פאַרדריסן, וואָס זיי האָבן ניט אָפּגערעדט מיט קאַצינען, ווען זיי וועלן קומען. ערשט אַפן גאַנעק פון דעם ווײַסן הויז, וואָס לעבן דער אַרקע, האָט זיך באַוויזן אַנשל קאַצין אין פולן פּוץ־פאַראַד — אין דעם האַלב־מיליטערישן אָנצוג מיט די מעדאַלן און אַלע איבעריקע צייכנס.

— זע, פונוואַנען האָט איר זיך גענומען? — האָט ער אַ געשריי געטאָן, ווען ער האָט דער־זען שאַליטן מיט זשורבענקאָן אַף דער בעדאַרקע, — ניט אַנדערש ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן... אַ שאָד, וואָס איר האָט פאַרשפּעטיקט, נאָרוואָס האָבן מיר אַרויסבאַגלייט אַ דעלעגאַציע. אַלע טאָג האָבן מיר, באָרעכהאַשעם, דעלעגאַציעס, נאָר איר זײַט באַ אונדז גאָר אַ באַזונדער מין דעלעגאַציע... פאַרוואָס האָט איר ניט צו וויסן געגעבן, אַז איר פאָרט?.. מיר וואָלטן אײַך באַ־געגנט, ווי עס פּאַסט פאַר אַזעלכע געסט... — ער האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און פאָרגע־זעצט, — מע האַלט אין איין פאָרן צו אונדז, טײַערע כאַווירים, מיר האָבן ליב געסט. די טירן זײַנען באַ אונדז אָפן פאַר אַלעמען... זאָלן מענטשן זען, ווי מיר לעבן, ווי מיר אַרבעטן!.. כ'גלייב, אַז ס'איז פאַראַן וואָס באַ אונדז זיך אָפּצולערנען.

קאַצין איז געווען אַזוי פאַרכאַפּט מיט די שוואָכים, וועלכע ער האָט זיך אַליין געזונגען, אַז ער האָט פאַרגעסן אײַנלאַדן די געסט ערגעץ פאַרפאָרן. ערשט ווען שאַליט האָט אַ פרעג געגעבן,

---

[1] — זײַט געגריסט.

ווו מע קאָן אוועקשטעלן דאָס פערד אַף א פּאָר שאָ, האָט זיך קאַצין געכאַפּט, אז ער האָט פאַר־געסן, ווו ער האַלט אין דער וועלט, און ס׳איז אים געוואָרן שטאַרק אומבאַקוועם.

— אדרעבע, פאַרפאַרט צו מיר, איר וועט זײַן בא מיר אָנגעלייגטע געסט, — האָט קאַצין אײַנגעלאָדן שאַליטן מיט זשורבענקאָן. — איר זײַט דאָך, מיסטאַמע, מיד פון וועג? בא מיר וועט איר זיך קאָנען אײַנוואַשן, איבערבײַסן...

אײַנגעאָרדנט די געסט, איבערגעביסן איניינעם מיט זיי, האָט ער זיי אוועקגעפירט באַווײַזן די קאָלווירטישע באַלעבאַטישקײַט.

— נו, פון וואָס וועלן מיר אָנהייבן? — האָט קאַצין, ארויסגייענדיק פון שטוב, א פרעג געגעבן בא די געסט. — עפּשער וועלן מיר זיך ארײַנכאַפּן אין אונדזער קלוב? ס׳איז דאָ ניט ווײַט. איר מעגט שוין דאַפקע א קוק טאָן, ס׳אַרא פּאַלאַץ מיר האָבן אויסגעבויט... ער האָט אונדז אָפּגע־קאָסט א גוטע פּויטעקע!..

— אין קלוב וועלן מיר צוריקוועגס ארײַן, — האָט פאָרגעלייגט זשורבענקאָ, — לאָמיר פריִער פאָר אַלץ א קוק טאָן אײַער פערמע.

— נו, גוט, — האָט צוגעשטימט קאַצין. — הײַנט איז בא אונדז פונקט קינאָ, וועט איר שוין פאַריינס דאָס בילד א קוק טאָן. מיר באַקומען די בעסטע פילמען.

קאַצין האָט געוואָלט זען, וואָס פאַר א רושעם וועט מאַכן אַף די געסט דער טראַקטאָר פון דער הויפּט־גאַס ביז דער פערמע, דער ערן־טאָוול, וועלכן ער האָט אוועקגעשטעלט אַפן פּלאַץ, ניט ווײַט פון דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג. נאָר זשורבענקאָ מיט שאַליטן האָבן אים פאַרשאָטן מיט פראַגן וועגן דעם זיי־פאַרקער אין „מאיאַק" און וועגן דעם אָרט, וואָס עס פאַרנעמען די דורכאַקער־קולטורן אין קאָלווירט.

— אונדז אינטערעסירן דעריקער טוווע־קולטורן, — האָט קאַצין אָפּגעענטפערט. קעדיי באַווײַזן ווי ווײַט ער איז באַהאַוונט אין דעם געביט, האָט ער שוין געוואָלט ברענגען עפּעס א ציטאַטע וועגן דער באַזונדערער וויכטיקײַט פון דער טוווע־פּראָבלעם. נאָר זשורבענקאָ האָט אים איבערגעשלאָגן:

— מיר ווייסן די וויכטיקײַט פון טוווע־קולטורן... מיר לייענען אויך צײַטונגען און פאַר־שטייען עפּעס אין באַלעבאַטישקײַט... מיט די דורכאַקער־קולטורן ווילט איר זיך, מיסטאַמע, פּאַשעט ניט אייסעקן... ס׳איז א סאַך ארבעט ארום זיי... מיט טוווע איז ניטאָ אַזויפיל קאָפּדרייע־ניש, דערפאַר טאַקע פילט איר אויס פריִער פון אַנדערע קאָלווירטן דעם פּלאַן...

— מיר פילן אויס פריִער פון אַנדערע דעם פּלאַן, ווײַל בא אונדז איז די ארבעט בעסער אָרגאַניזירט, איידער בא אַנדערע, — האָט קאַצין אים דערווידערט. — וואָס דאַרפן מיר קלערן, וואָס צו זייען, אז מע טראַכט פאַר אונדז אין ראַיאָן און נאָך העכער, דאָרט ווייסט מען בעסער, וואָס מע דאַרף זייען.

— מיר קאָנען אַמאָל אונטערזאָגן אַזוינס, וואָס אין ראַיאָן און אַפילע נאָך העכער באַמערקט מען ניט, — האָט זיך שאַליט ארײַנגעמישט, און קאַצין האָט דערפילט, אז ער דאַרף זיך ניט אַרײַנלאָזן אין קיין דיסקוסיע מיט יענעם, וואָרעם ער, אַנשל, האָט וועגן אַזעלכע זאַכן אַפילע ניט געגעבן זיך די מי צו טראַכטן. ער האָט אַפּגיך אוועקגעפירט ביידע געסט אַף דעם געראַמען הויף פון דער פערמע. דאָ האָט קאַצין פרײַ אָפּגעעטעמט. איצט, האָט ער באַשטימט, וועט מען ניט דאַרפן ענטפערן אַף פאַרשיידענע קאַשעס. דאָ וועלן די דאָזיקע אַקשאָנים אָנשוילעך דער־זען, וואָס הייסט קענען באַלעבאַטעווען. די פּרעכטיקע געבײַדעס, די אויסשטאַטונג פון דער פערמע וועלן זיי דאָך מוזן באַוווּנדערן.

— נו, — האָט קאַצין צוגעפירט די געסט צו א געבײַדע מיט הויכע מאַסיווע געמויערטע ווענט, מיט קונציק באַפּוצטע פענצטערלעך פון ביידע זײַטן, מיט א שיינעם פאַסאַד. קאַצין האָט מיטאַקיוון זיך פאַרהאַלטן א ביסל, די געסט זאָלן האָבן צײַט צו באַטראַכטן די געבײַדע, זיי זאָלן זען, מיט וואָס פאַר א ברייטער האַנט זי איז געבויט. נאָך א פּאַוזע האָט ער צעעפנט די טיר און א זאָג געטאָן:

— דאָס איז בא אונדז א שטאַל פאַר רעקאָרדיסטקעס.

די געסט זײַנען ארײַן אינווייניק און זיי אַנטקעגן האָבן א שײַן געטאָן די זויבערע ווײַס־געקאַלכטע ווענט, די צוגעקערטע ריינע סטאָילעס. לעבן יעדער סטאָילע איז געווען צוגעקלאַפּט א ברעטל מיטן נאָמען פון דער רעקאָרדיסטקע, איר ראַציאָן און דער גראַפיק פון פיטערן און מעלקן זי.

— נו, קולטורנע, אַ? — איז קאַצין אַלע ווײַלע צוגעלאָפן צו די געסט. — וואָס זאָגט איר, קולטורנע?

— הארנאַי[1], — האָט זשורבעקאָ זיך אָפּגערופן.

— הארנאַ? — האָט קאַצין איבערגעפרעגט. — אין וועלכן קאַלווירט בא אונדז אין ראיאָן, און ניט נאָר בא אונדז אין ראיאָן, זײַנען פאראן אַזעלכע שטאלן?

— וואָס קאָסט אײַך אזא שטאל אויסבויען? — האָט שאליט זיך פארינטערעסירט. — ס'איז, דוכט זיך, א צו טײַערער ביסן.

— איך האָב ליב, — האָט קאַצין זיך געהיצט, — אז אויב בויען, איז זאָל זײַן געבויט, ס'זאָל זײַן, אַף וואָס א קוק צו טאָן!.. בא ווענען זיך צו לערנען...

— עפשער לוינט בעסער צוויי געוויינלעכע שטאלן אויסבויען, — האָט שאליט אים איבער־געשלאָגן, — אָנשטאָט איינעם א פאלאץ?

— איך האלט ניט דערפון, — האָט קאַצין דערווידערט. — בא אײַך איז א קאַפּצאַנישער צוגאנג. מיר האָבן שוין מיט קאַפּצאַנישקײַט לאנג א סאָף געמאכט.

— ס'איז ניט קיין קאַפּצאַנישער, נאָר א באלעבאַטישער צוגאנג, — האָט זשורבעקאָ הארב א זאָג געטאָן. — בא א גוטן באלעבאָס איז יעדע קאָפּעקע געלט.

— דערצו נאָך, ווען יעדע קאָפּעקע קומט אָן מיט בלוט, — האָט שאליט צוגעגעבן. — יעדע קאָפּעקע איז ביטערע האָרעוואניע פון אונדזערע מענטשן, ווי זשע קאָן מען זי ווארפן אַפן ווינט?

— וואָס הייסט, אַפן ווינט? — איז קאַצין געוואָרן אופגעבראכט. — איך שטרעב צו דעם, אז בא מיר זאָל זײַן אלץ מוסטערהאפט. פארגעסט ניט, אז מיר זײַנען אָן אוניווערסיטעט!..

— ווילן מיר זיך טאקע לערנען אין אײַער אוניווערסיטעט, צוליב דעם, אייגנטלעך, זײַנען מיר דאָך געקומען... מיר ווילן זיך באקענען מיט דער גאנצער פערמע, ניט נאָר מיט דער מוס־טערהאפטער שטאל פאר די רעקאָרדיסטקעס... מיר ווילן א קוק טאָן אַף אײַערע פעלדער, ריידן מיט די מענטשן.

— אדעראבע, קוקט, ס'איז בא אונדז בעפיירעש פאראן וואָס צו זען, — האָט קאַצין ניט אופגעהערט צו בארימען זיך.

די געסט זײַנען נאָך א שטיקל צײַט ארומגעגאנגען איבער דער שטאל, באטראכט די קי, געשמועסט מיט די פיציכטלער, מיט די מעלקערנס, פארשריבן אלץ.

— נו, און געוויינלעכע קי, ניט קיין רעקאָרדיסטקעס, זײַנען בא אײַך פאראן? — האָט זשורבעקאָ א פרעג געגעבן.

— פאראן, — האָט קאַצין שוין אָן ענטוזיאזם אָפּגעענטפערט.

— עפשער וועלן מיר זיך דורכגיין אין א געוויינלעכער שטאל? — האָט שאליט פאר־געלייגט.

— געוויינלעכע שטאלן זײַנען דאָך בא אײַך אויך פאראן, — האָט קאַצין זיך אָפּגערופן. — וואָס איז דאָרט פאראן וואָס צו זען?

— ס'איז אינטערעסאנט א קוק צו טאָן, ווי איר ווענדט אָן אײַער אייגענעם פארגעשרי־טענעם מעטאָד, — האָט זשורבעקאָ געזאָגט. — מיר האָט זיך געוואָלט פארגלײַכן דעם קערנ־קאָסט פון אַ ליטער מילך בא די רעקאָרדיסטקעס און בא א געוויינלעכער קו.

— פארשטייט זיך, אז ס'איז פאראן אן אונטערשייד, — האָט קאַצין געזאָגט.

פירן די געסט אין א געוויינלעכער שטאל האָט קאַצין ניט געוואָלט. האָט ער אויסגעטראכט טערוצים, אז ס'איז ווײַט צו גיין אהין, אז ער האָט נאָך וויכטיקערס זיי צו ווײַזן, אז צײַט איז פאראן ווייניק. ס'האָט אים אָבער ניט געהאָלפן, און ער האָט געמוזט ווײַזן די געסט א געוויינלעכע שטאל. דאָ איז אלץ געווען וואָכעדיק: ניט קיין ווײַסע ווענט, ניט קיין ליכטיקע פענצטער. ענגע סטאָילעס. שלעכטער קאָרם.

— וויפל ליטער מילך גיט א בעהיימע? — האָט זשורבעקאָ א פרעג געגעבן. — און וויפל באטרעפט בא אײַך דער קערנקאָסט פון א ליטער מילך?

— פארשיידן, — האָט קאַצין אומבאשטימט אָפּגעענטפערט.

— אָבער פאַרט? — איז זשורבעקאָ באשטאנען אַף זײַנס.

— נו, פארשיידן. בא די רעקאָרדיסטקעס איז דער קערנקאָסט קלענער און בא די איבעריקע...

— וויפל רעקאָרדיסטקעס האָט איר? אינגאנצן צוועלף? — האָט שאליט איבערגעשלאָגן. — און וויפל העקטאר פארנעמט אײַער מוסטער־קלין?

— וואָס איז די נאפקעמינע, וויפל? וויכטיק איז דאָס, וואָס אַף אונדזערע רעזולטאטן לערנען זיך מענטשן.

[1] — פײַן.

— און איך זע ניט, מע זאָל זיך בא אײַך קאָנען לערנען, — האָט שאַליט אָן פּנים א זאָג געטאָן. — צוועלף אויסדערוויילטע בעהיימעס האָט איר אוועקגעשטעלט אין דער בעסטער שטאַל, געשאַפן פאַר זיי די סאַמע גינסטיקע באַדינגונגען און איצט מאַכט איר א טומל ביזן הימל... דאָס זעלבע איז מיט אײַער מוסטער־קלין. פריִער פאַר אַלץ נאַרט איר זיך אַליין אָפּ, און דערנאָך שוין אַלע איבעריקע.

קאַצין איז געווען זיכער, אַז שאַליט מיט זשורבענקאָן, ווי א סאַך געסט, וואָס באַזוכן זײַן קאָלווירט, וועלן ווערן געפּלעפט פון אַלץ, וואָס ער וועט זיי ווײַזן, און דאָ — נאַ דיר גאָר! דאָס ברענט אין זיי פאַשעט די קינע, וואָס ניט וועגן זיי שרײַבט מען קעסיידער אין די צײַטונגען, ניט זיי שטעלט מען אַרויס פאַר א מוסטער.

— וואָס זשע מיינט איר, אַז איר פאַרשטייט שוין מער פון אַלעמען? — האָט קאַצין, קוקנדיק מיט בייזע אויגן אױף די געסט, א זאָג געטאָן. — אָקאָרשט פאַר אײַך זײַנען געווען בא אונדז מענטשן, און זיי זײַנען באַגײַסטערט געווען פון אַלץ, וואָס זיי האָבן געזען.

— ווײַל איר האָט זיי אַרײַנגעפירט דורכן פּאַראַדנעם אַרײַנגאַנג גלײַך אין צוגעקליבע־נעם זאַל, — האָט זיך אָפּגערופן זשורבענקאָ.

— עפּשער האָב איך זיי געדאַרפט אַרײַנפירן דורך דער הינטערטיר אין קיך?.. די סמיט־ניקעס עפּשער באַווײַזן זיי?.. — האָט קאַצין איראָניש א זאָג געטאָן. — מיר באַווײַזן אונדזערע געסט דאָס בעסטע, וואָס מיר פאַרמאָגן, זיי זאָלן האָבן, פון וואָס אָפּצולערנען זיך. בא אײַך זײַנען קאָפּצאָנישע האָסאַגעס... טאָמער האָט איר דערזען גוטע שטאַלן, אויסגעפּלאַסטערטע גאַסן, א קולטור־הויז, ווי אין שטאָט, הייבט איר אָן צו דרייען מיט דער נאָז!

— מיר ווילן, אַז ס׳זאָלן זײַן בא דיר וואָס מער גוטע שטאַלן, — האָט אים זשורבענקאָ מיט א פרײַנטלעכן שמייכל געזאָגט. — טאַקע דערפאַר, מיינען מיר, האָסטו ניט געטאָרט אַרײַנבראַקן אַזויפיל געלט אין איין שטאַל...

— אַלע שטאַלן וועלן בא מיר זײַן אַזעלכע! — האָט קאַצין זיך געהיצט.

ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז זשורבענקאָ מיט שאַליטן זײַנען געקומען צו אים ניט לערנען זיך, נאָר לערנען אים.

פאַרבײַגייענדיק דעם גאַראַזש, האָט קאַצין באַפוילן דעם שאָפער טייקעף צופאָרן מיט דער מאַשין צו דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג, פונוואַנען ער איז אין א פּאָר מינוט אַרום אַרויסגע־פאָרן מיט זשורבענקאָן און שאַליטן באַטראַכטן די טוווּע־פעלדער.

ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט פון דאָרטן, האָבן זיך שוין אויסגעלאָשן די לעצטע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון, איבערלאָזנדיק אױפן הימל־ראַנד ראָזעווע צעשווומענע פלעקן. כאָטש דער זומערדיקער ביין־האָשמאַשעס איז געווען אײַנגעטונקט אין העלער בלוילעכער ליכט, האָט קאַצין געהייסן אָנצינדן עלעקטרע אױף די גאַסן. צום מאָמענט, ווען זשורבענקאָ מיט שאַליטן האָבן זיך אומגעקערט פון פעלד, האָט שוין לעבן קלוב, אַרומגעצוימט מיט עלעקטרישע לעמפּלעך, געברענט א פײַערדיקער לאָזונג: „א גרוס די געסט פונעם שכייניש ברידערלעכן קאָלווירט“.

— איצט וועלן מיר אײַך ווײַזן אונדזער אויסשטעלונג, — האָט קאַצין מיט א ברייטן זשעסט אײַנגעלאַדן זשורבענקאָן מיט שאַליטן אין קלוב.

די געסט זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין וועסטיביול פונעם גערוימען ליכטיקן קלוב. א צײַג־פינגער האָט אָנגעוויזן אױפן צימער, וווּ עס געפינט זיך די אויסשטעלונג.

אױפן ערשטן סטענד איז געהאַנגען א גרויסער פּאָרטרעט פונעם קאָלווירט־פאַרזיצער מיט אַן אונטערשריפט — אנשל מענדעלעוויטש קאַצין, קאַוואַלער פון אַזעלכע און אַזעלכע מעדאַלן, אָפּ־געמערקט מיט גראַמאָטעס פון ראַי־אויספּירקאָם און פון ראַיאָנעם ערד־אָפּטייל.

ווײַטער זײַנען געגאַנגען סטענדן מיט פּאָרטרעטן פון אַרבעטס־העלדן: פעלדציכטלער, פי־ציכטלער, מעלקערנס. פאָטאָמאָנטאַזשן, דיאַגראַמעס, לאָזונגען, אויסצוגן פון באַשלוסן, סנאָפּעס טוווּע און אַנדערע קולטורן.

— נו, קולטורנע? — האָט קאַצין געוואָלט אַרויסציִען א וואָרט בא די ניט באַריידעוודיקע געסט.

— זייער פײַן! — האָט שאַליט זיך אָפּגערופן. — אַן עמעסע אויסשטעלונג! עס קאָסט, קאַנטיק, א היפּשע קאָפּעקע!

— אַוואַדע קאָסט, וואָדען, אומזיסט?.. ס׳איז אָבער קולטורנע, אַ?

— וואָלסט בעסער א פּאָר שטאַלן אויסגעבויט, וואָלט געווען מער פּולע פאַר דער באַלע־באַטישקײַט, — האָט שאַליט אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג.

— ביסט, דוכט זיך, ניט אַזוי אָפּגעשטאַנען, זאָלסט פאַרגלײַכן א שטאַל מיט אַזא אויס־שטעלונג, — איז קאַצין געוואָרן אויסער־זיך.

— צו וואָס דאַרפן מיר קוקן אױף דײַן פּאָרטרעט, אַז מיר קאָנען דיך זען א לעבעדיקן, —

האָט שאַליט איראָניש אַ זאָג געטאָן. — די איבעריקע עקספּאָנאַטן, מיין איך, קאָן מען אויך געפינען אין קאַלווירט. וואָס איז שײַך אײַערע אַרבעטס־העלדן, האָט איר דאָך אַן ערן־טאָוול, צוליב וואָס זשע האָסטו געדאַרפט פאַטערן אַזויפיל געלט אַף דער אויסשטעלונג?

— די אויסשטעלונג האָט אונדז באַוווּסט געמאַכט, — האָט קאַצין זיך צעליאַרעמט. — גיט אַ קוק, ס'אַרא אָפּרופן מיר האָבן וועגן איר!.. וואָס מיינט איר, אַז אַלע, וואָס שרײַבן די אָפּרופן, זײַנען שוין טאַקע שוטים?

קאַצין איז צוגעלאָפן צום בוך מיט אָפּרופן און צוגעטראָגן עס זשורבענקאָן:

— גיט אַ קוק, לייענט!.. לייענט, וואָס מע שרײַבט... נו, וואָס?

קאַצין איז געשטאַנען און געוואָלט הערן, וואָס יענער וועט זאָגן. ניט דערוואַרט זיך אַף קיין ענטפער, איז ער צוגעלאָפן צו שאַליטן, געטאָרעט אים פאַרן אַרבל און געמאָנט, ער זאָל זאָגן זײַן מיינונג וועגן די אָפּרופן:

— נו, וואָס ווּעסטו זאָגן?

## 15

מאַשענקע, שולימאָווס סעקרעטאַרשע מיט די בלאָנדע, דינע, עטוואָס געקרײַזלטע האָר, האָט, פאַרענדיק זיך צווישן אירע פּאַפּירן, זיך אײַנגעהערט, ווי שולימאָוו האָט בא זיך אין קאַבינעט הויך, אַף אַ קאָל, אופגערעגט אויסגערעדט זשורבענקאָן:

— ביזוואַנען וועט איר מאַכן קונצן און דעם פּלאַן ניט אויספילן?

— מיר פילן אויס אַלץ, וואָס ס'פאָדערט זיך פון אונדז, — האָט זשורבענקאָ אים געענטפערט. — נאָר אונדז פאַרדריסט, לעמײַ איר באַמערקט ניט אונדזער אַרבעט, לעמײַ אַלץ, וואָס מיר טוען, זעט אויס אין אײַערע אויגן שלעכט...

אַ ווײַלע איז בא שולימאָוון אין קאַבינעט שטיל געוואָרן. דערנאָך האָט זיך ווידער דערהערט דעם סעקרעטאַרס שטים:

— מיך אינטערעסירט פריִער פאַר אַלץ, פאַרוואָס איר פילט ניט אויס דעם פּלאַן, און דו דערציילסט מיר וועגן זײַטיקע זאַכן!

— מיר האָבן אַרײַנגעלייגט אַ סאַך קויכעס און מיטלען אין אונדזער סאָד, — האָט די סעקרעטאַרשע דערהערט זשורבענקאָס קאָל, — אינעם ווײַנגאָרטן, אין דער סאַזשלקע און אין אַנדערע געביטן פון אונדזער ווירטשאַפט, דאָס אַלץ וועט געבן רעזולטאַטן שפּעטער... טאַקע דערפאַר איז אונדז געווען שווער צו דער צײַט אויספילן דעם פּלאַן.

— דאָס איז קיין טערעץ ניט! — האָט שולימאָוו געזאָגט שוין רויִקער, — אַז מע קאָן ניט, נעמט מען זיך ניט. קיינער האָט דאָך אײַך ניט געצוווּנגען דאָס אַלץ צו טאָן!..

— פּאַוואָלנע... פּאַוואָלנע, — האָט זיך דערהערט זשורבענקאָס זינגעוודיקע שטים.

ווײַטער זײַנען צו דער סעקרעטאַרשע דערגאַנגען אָפּגעריסענע שטיקלעך רייד. מע האָט דערמאָנט דעם קאַלווירט „מאַיאַק".

— ס'איז אַלץ אופגעבלאָזן, — דאָס האָט זשורבענקאָ עפּעס געפּרווּווט דערווײַזן שולימאָוון. — קוקט זיך גוט צו, וועט איר אַליין זען, קאַצין נאַרט זיך אָפּ און נאַרט אַלעמען אָפּ...

אין אופנעם־צימער איז אַרײַנגעקומען אַ הויכער מאַנצבל.

— איך קאָן זען דעם סעקרעטאַר פון ראַיפּאַרטקאָם? — האָט ער, צוגייענדיק האַרט צום טיש, אַ פרעג געגעבן באַם בלאָנדן מיידל.

— בא אים איז איצט אַ כאַווער. ווען ער וועט אַרויס, וועל איך פרעגן. וואָס זאָל איך אים זאָגן? ווער זײַט איר?

— כ'בין פון מאָסקווע, אַ קאָרעספּאָנדענט.

דער גאַסט האָט נאָך געהאַלטן אין פאָרשטעלן זיך, ווי פונעם סעקרעטאַרס קאַבינעט איז אַן אופגערעגטער, אַ פאַרפּאַליעטער אַרויס זשורבענקאָ.

— גייט אַרײַן, — האָט דאָס מיידל אַ ווינק געגעבן צום קאָרעספּאָנדענט.

דער קאָרעספּאָנדענט האָט אַן עפן געטאָן די טיר און געבעטן אַ דערלויבעניש אַרײַנצוגיין. דער סעקרעטאַר האָט אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ. ס'איז קענטיק געווען, אַז זײַנע געדאַנקען זײַנען נאָך אַלץ פאַרנומען מיטן געשפּרעך, וואָס האָט זיך אָקאָרשט געענדיקט. כאָטש שולימאָוו האָט האַרב אָפּגעענטפערט זשורבענקאָן, איז ער אָבער ניט שטאַרק זיכער געווען, אַז ער איז טאַקע גערעכט, ער האָט זיך נאָך געדאַרפט גוט פאַנאַנדערקלײַבן אין זשורבענקאָס טײַנעס.

— איך הער אײַך, — האָט ער ענדלעך אופגעהויבן דעם קאָפּ.

דער קאָרעספּאָנדענט האָט אַרויסגענומען זײַן צײַגעניש און זיך פאָרגעשטעלט.

— אַ פען־קראַצער, הייסט עס, — האָט שולימאָוו אַ שמייכל געטאָן. — זייער גוט, בא אונדז

האָט מען ליב קאָרעספּאָנדענטן. ס'איז דאָ בא אונדז, כאַווער טײַערער, וועגן וואָס צו שרײַבן, ס'איז פאַראַן וועמען צו לויבן, אונדזערע מענטשן האָבן פאַרדינט, עס זאָל וועגן זיי וויסן דאָס גאַנצע לאַנד.

— ניט שטענדיק לויבן קאָרעספּאָנדענטן, עס מאַכט זיך, אַז מע דאַרף זידלען אויך, — האָט געזאָגט דער געקומענער מיט אַ שמייכל.

— נו, זײַט זיכער, אונדזער ראַיאָן איז ניט פון די, וועמען מע זידלט, — האָט שולימאָוו געענטפערט האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס.

דער קאָרעספּאָנדענט האָט זיך אָנגעקוקט, ווי אַ מענטש, וואָס פאַרמעסט זיך אויף אַ לאַנגן שמועס.

— נו, איז וואָס אינטערעסירט אײַך? — האָט שולימאָוו אויך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפרעגן.

— איך זוך אינטערעסאַנטע מענטשן, אינטערעסאַנטע אופטוען.

— אַזוינס וועט איר בא אונדז געפינען. אָט פאָרט זיך דורך, צום בײַשפּיל...

ער האָט געוואָלט אָנרופן, ווי געווײנלעך, דעם קאָלווירט „מאַיאַק", נאָר דער שמועס, וואָס ער האָט ערשט געהאַט מיט זשורבענקאָן, האָט אים געצווונגען צו פאַרטראַכטן זיך.

— כ'פאַרשטיי, אַז אײַך אינטערעסירט אַ גוטער קאָלווירט, וועגן וועלכן מע זאָל קאָנען עפּעס רעכטס אָנשרײַבן, — האָט שולימאָוו געזאָגט דעם קאָרעספּאָנדענט. — פאַראַן בא אונדז אַזאַ קאָלווירט.

— כ'האָב נעכטן אין אָוונט באַוויזן דורכצובלעטערן אײַער ראַיאָנע צײַטונג, דאָרט זײַנען פאַראַן אַ סאַך מאַטעריאַלן וועגן איינעם אַ קאָלווירט. „מאַיאַק", דוכט מיר, הייסט ער. דאָס איז בא אײַך אַ מוסטער־קאָלווירט?

— יאָ, דאָס איז בא אונדז, קאָן מען זאָגן, דער בעסטער קאָלווירט. — שולימאָווס שטים האָט געקלונגען ווײַט ניט אַזוי זיכער, ווי פריִער, ווען ער פלעגט ריידן וועגן „מאַיאַק".

— נו, און אין אַנדערע קאָלווירטן זײַנען בא אײַך גאָר קיין דערגרייכונגען ניט פאַראַן?

— ס'זײַנען בא אונדז פאַראַן אַ סאַך גוטע קאָלווירטן... די לעצטע צײַט האָט אונדזער ראַיאָן ביכלאַל שטאַרק אַ שפּאַן געטאָן פאָרויס... בא אונדז וועט איר זען גיבוירים... עמעצע גיבוירים, פאָרט זיך טאַקע דורך אין „מאַיאַק".

— נו, און כוץ „מאַיאַק", וווהין אייצעט איר מיר נאָך פאָרן?

ווײַל ער האָט נעכטן אַ סאַך געלייענט וועגן דעם קאָלווירט אין דער ראַיאָנער צײַטונג, האָט דעם קאָרעספּאָנדענט עפּעס ניט געצויגן פאָרן אַהין. צו יאָמטעוודיק ווערט דאָרט אַלץ באַשריבן, קיין איין קרום וואָרט, קיין איין כיסאָרן ווערט ניט דערמאָנט, און די מענטשן זײַנען דאָרטן גאָלע גיבוירים, ווי אין אַ קינדער־מײַסעלע.

— ס'קאָן זײַן, אַז „מאַיאַק" איז ווירקלעך אַ גוטער קאָלווירט, — האָט דער קאָרעספּאָנ־דענט געזאָגט. — נאָר איך וויל אַ קוק טאָן אויף אַ געווײנלעכן קאָלווירט מיט זײַנע פריידן און ליידן, מיט זײַנע טאָגטעגלעכע זאָרגן.

— איך זע, אַז איר האָט ניט קיין כיישעק צו באַקאָנען זיך מיט אונדזער „מאַיאַק", — האָט שולימאָוו געזאָגט.

— אײַער „מאַיאַק" איז שוין, קאָנטיק, גענוג באַרימט, עפּשער האָט איר נאָך עפּעס אַ קאָלווירט, וואָס פאַרדינט באַרימט צו ווערן?

— טײַערער כאַווער, טויזנטער קאָלווירטן האָבן זיך דערשלאָגן גרויסע דערפאָלגן אַדאַנק דער פאָרגעשריטענער דערפאַרונג פון אַזעלכע קאָלווירטן, ווי „מאַיאַק", — האָט שולימאָוו דער־ווידערט דעם קאָרעספּאָנדענט.

— ניט נאָר אַדאַנק דער דערפאַרונג פון איינצלנע מוסטערהאַפטע קאָלווירטן, — איז דער קאָרעספּאָנדענט ניט מאַסקים געווען מיט שולימאָוון. — מיט איינצלנע גוטע קאָלווירטן האָט מען פריִער געוואָלט פאַרשטעלן צענדליקער שלעכטע, און מיר גייען איצט צו אַ מאַסן־אופשטײַג פון דער לאַנדווירטשאַפט.

טיף אין האַרצן איז שולימאָוון אַפילע געפעלן, וואָס דער קאָרעספּאָנדענט דערווידערט אים אַזוי היציק. ער האָט געפילט, געוווּסט, אַז גערעכט איז יענער. נאָר, ווי ס'מאַכט זיך גאַנץ אָפט, איז ער געווען איבערצײַגט, אַז דאָס אַלץ, וועגן וואָס דער קאָרעספּאָנדענט האָט גערעדט, אַלץ, וועגן וואָס עס שרײַבן לעצטנס די צײַטונגען, האָט אַ שײַכעס צו עמעצן אַנדערש, און ניט צו אים, ניט צו זײַן ראַיאָן. און איצט איז ער שוין עפּשער גאָר ניט אַזוי איבערצײַגט, אָבער די אינערץ פון אַזויפיל יאָרן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט ניט געקאָנט זיך אָפּזאָגן פון די אַלטע פאָרשטעלונגען. אַ ווײַלע איז אַוועק אין שווערן שווײַגן.

דער קאָרעספּאָנדענט האָט געדולדיק געוואַרט.

— נו, איז אָט וואָס איך לייג פאָר, טײַערער כאַווער, — האָט דער סעקרעטאַר זיך ענדלעך

געוואונדט צום קאָרעספּאָנדענט. — אין אַ פּאָר שאָ ארום דארף זיך אומקערן איינער פון די אינסטרוקטאָרן פון ראַיקאָם. מיר וועלן זיך מיט אים אָן אייצע האַלטן, און וועלכן קאָלווירט איר זאָלט צופאָרן... איר וועט קאָנען אַרײַנגיין שפּעטער?

דער קאָרעספּאָנדענט האָט זיך שוין געלאָזט גיין, אָבער שוועל האָט אים שולימאָוו פאַרהאַלטן און אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערפרעגן, צי ער האָט באַקומען אַ נומער אין האָטעל און צי נייטיקט ער זיך אין נאָך עפּעס.

16

שולימאָוו האָט באַשטימט אַליין דורכפאָרן זיך מיטן קאָרעספּאָנדענט אין קאָלווירט „מאַיאַק״. ער איז דאָך אַ פאָרשטייער פון אַ צענטראַלער צײַטונג און זײַנס אַ גוט וואָרט קאָן פאַרשאַפן קאָוועד דעם ראַיאָן און אים, ווי דעם אָנפירער פון דער ראַיאָנער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. און דערעכאַגעוו וועט ער שוין זיך צוקוקן צו קאַציגען. שולימאָוו האָט אָפילו קיין איין רעגע ניט געקאָנט פאַרגעסן זשורבענקאָס ווערטער: „ער נאַרט זיך אָפּ און נאַרט אַלעמען אָפּ״.

דער קאָרעספּאָנדענט האָט נאָך ניט באַוויזן אַרויסגיין פון ראַיקאָם, ווי ס'איז אָנגעקומען אַ טעלעפאָנאָגראַמע, אַז מע רופט שולימאָוון דרינגענדיק אַרויס אין געגנטקאָם פון דער פּאַרטיי. שולימאָוו האָט געוווּסט, אַז אויף דער זיצונג אין געגנטקאָם וועט גיין אַ רייד וועגן פּראַקטיש אָנ־ווענדן די באַשלוסן פון סעפּטעמבער־פּלענום פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

די מאַטעריאַלן פונעם פּלענום, וועלכע זײַנען די לעצטע צײַט געווען פאַרעפנטלעכט אין דער פּרעסע, האָבן אים אויפגערודערט. ניט איין מאָל האָט ער דאָך געטראַכט וועגן אַ ריי זאַכן, וועגן וועלכע ס'האָט זיך גערעדט אויפן פּלענום. נאָר קיין ריכטיקע לייזונג פון די פראַגן האָט ער ניט געקאָנט געפינען.

שולימאָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז אויף דער זיצונג אין געגנטקאָם וועט נאָכאַמאָל גיין אַ רייד וועגן די אָפּגעשטאַנענע קאָלווירטן. ער וועט דאַרפן אין זײַן אַרויסטרעטונג אויפדעקן די סיבעס פון זייער הינטערשטעליקייט. וויפל מאָל האָט עס אים געפײַניקט, ער האָט געזוכט אַן אויסוועג פון דער שווערער לאַגע. קיין נײַע וועגן האָט ער ניט געזען, און די אַלטע... נו, די אַלטע האָבן שוין איצט אינערגעץ ניט געפירט.

פאָרנדיק שוין אין געגנט־צענטער, אַ פּאָר קילאָמעטער פון דער היים, האָט שולימאָוו זיך דערמאָנט, אַז ער האָט געהאַט אָפּגערעדט מיטן קאָרעספּאָנדענט, יענער זאָל קומען אין ראַיקאָם מיקויעד אַרויספאָרן אין אַ קאָלווירט, און אַז ער, שולימאָוו, האָט וועגן דעם קיין שום פאַראָר־דענונג ניט איבערגעלאָזט.

— ווער ווייסט, אין וואָס פאַר אַ קאָלווירט ער קאָן אַרײַנפאַלן און וואָס ער קאָן נאָכדעם אָנשרײַבן, — האָט שולימאָוו מיט פאַרדראָס אַ טראַכט געטאָן.

ער וואָלט זיך אָפילע אומגעקערט, אָבי באַוואָרענען, דער קאָרעספּאָנדענט זאָל אַרויספאָרן, וווהין מע דאַרף. נאָר פאַרשפּעטיקן אויף דער זיצונג פון געגנטקאָם האָט ער בעשום־אויפן ניט געוואָלט.

17

מאַשענקע, וועלכע האָט גוט דערלערנט שולימאָוון, האָט גלײַך, לויט זײַן נערוועזן גאַנג, באַמערקט, אַז ער איז געקומען פון געגנט אין אַ געדריקטער שטימונג.

כאָטש זי האָט אים באַגעגנט מיט אַ שמייכל, האָט ער, קיין וואָרט ניט אַרויסברענגענדיק, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַ פיר געגעבן מיט די אויגן איבערן אויפנעם־צימער, ווי ער וואָלט עמעצן זוכן, און איז אַרײַן צו זיך אין קאַבינעט.

מאַשענקע האָט צונויפגעלייגט אירע פּאַפּירן, פאַרשלאָסן די טישקעסטלעך, אַ קוק געטאָן אין שפּיגעלע און זיך שוין געקליבן אוועקגיין. בײַ שולימאָוון אין קאַבינעט איז געווען שטיל. דער־נאָך האָט ער מיט עמעצן זיך דורכגערעדט אין טעלעפאָן און אָנגעהויבן נערוועז אַרומגיין איבערן צימער. פּלוצעם האָט ער אָן עפן געטאָן די טיר און געפרעגט:

— איידער איך בין געפאָרן אין געגנטקאָם, איז צו אונדז געקומען אַ קאָרעספּאָנדענט, איר ווייסט ניט, וווהין ער איז אוועקגעפאָרן?

— איך ווייס ניט, — האָט מאַשענקע געזאָגט, — ער איז אוועקגעפאָרן אין אַ קאָלווירט, דוכט זיך, אין „האָפענונג״.

— אין „האָפענונג״? — האָט שולימאָוו אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן.

— כ'ווייס ניט, כ'האָב אים געזען מיט זשורבענקאָן אַרומגיין.

— מיט זשורבענקאָן?.. אויב אַזוי, איז ער געוויס אַהין אוועקגעפאָרן, — האָט שולימאָוו אויפגערעגט אַ זאָג געטאָן. — אָט קרומע קעפּ! ווו זײַנען געווען די אינסטרוקטאָרן? זיי האָבן דען ניט פאַרשטאַנען, וווהין מע דאַרף שיקן דעם קאָרעספּאָנדענט?

— איר האָט דאָך קיין פאַראָרדענונג וועגן דעם ניט איבערגעלאָזט, — האָט מאַשענקע זיך געפּרוּווט פאַרענטפערן, — דער קאָרעספּאָנדענט האָט זיך דאַפקע נאָכגעפרעגט אָף אײַך.

— נו, יאָ, כ'האָב אים געבעטן אַרײַנגיין, נאָר איר ווייסט דאָך, אַז כ'האָב דרינגענדיק גע־מוזט אַוועקפאָרן, — האָט שולימאָוו זיך ניט אופגעהערט צו בייזערן.

מאַשענקע האָט מיט שולדיקע אויגן געקוקט אָפן סעקרעטאַר.

— פון די אינסטרוקטאָרן איז קיינער ניטאָ? — האָט שולימאָוו מיטן זעלבן שטרענגן קאָל א פרעג געגעבן.

— אַלע זײַנען אין די קאָלווירטן, — האָט מאַשענקע שטיל געענטפערט.

— ווי נאָר עמעצער וועט זיך באַווײַזן אין ראַיקאָם, זאָלט איר זאָגן, אַז איך האָב געבעטן אַרײַנגיין צו מיר, — האָט שולימאָוו געזאָגט און האָט פאַרמאַכט די טיר.

באַרויִקט זיך א ביסל, האָט ער א טראַכט געטאָן: אײַ, גוטער־ברודער, דו גייסט, דוכט זיך, נאָך אַלץ אָף אַלטע וועגן. דיר כאַלעמט זיך נאָך אַלץ „מאַיאַק".

ער האָט א מידער, נאָר מיט א בעסער געמיט, זיך אַוועקגעזעצט צום טיש. און ווידער האָבן אים פאַרכאַפּט די מאַכשאָוועס וועגן דער זיצונג פון געגנטקאָם, וואָס האָט אים דערמאָנט אָן א באַראַטונג פון א שטאַב ערעוו א גרויסער שלאַכט, — א שלאַכט פאַר שעפע און אַלדאָס־גוטס פאַרן פאָלק; ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און דערזען ראַכוועסדיקע פעלדער מיט שטיל שורשענדיקע זאַנגען, וואָס בייגן צו דער ערד די שווערע קעפּ, זונרויזן אָף הויכע שטענגלעך, גלײַכע רייען גרינע, הויכוואוקסיקע מיט צוויט באַקרוינטער קוקורוזע, באַהאַנגענע מיט שווערע קאָלבעס, שניי־ווײַסע צעבליטע גריקע, בלוילעך־צאַרטן לײַן, סעדער, באַשאָטענע מיט פּרוכטן, ווײַנגערטנער מיט לויכטנדיקע בינטלעך ווײַנטרויבן, פולע קעלערס ווײַנען, פעסער האָניק, שפּײַכלערס מיט גריגס און אויבס.

וויפל מאָל האָט ער אין פרעסט און זאַווייען, אין היצן און אין שלאַקסרעגנס צוזאַמען מיט די קאָלווירטניקעס פון זײַן ראַיאָן זיך אופגעהויבן אין שלאַכט פאַר אָזא שעפע...

זאָל זײַן, אַז ער האָט געמאַכט פעלערן, געהאַט דורכפאַלן, נאָר ער ווייסט: אויב דאָס אַלטע פון זיך אַראָפּטרייסלען, איז שוין ניט אַזוי שווער צו דעקן דעם כויוו פאַרן פאָלק.

## 18

פון זינט שולימאָוו האָט זיך דערוווּסט, אַז דער קאָרעספּאָנדענט איז טאַקע ווירקלעך געווען אין „האָפענונג", האָט ער מיט א באַזונדער אָנגעשטרענגטקײַט אָנגעהויבן נאָכשפּירן נאָך די צײַטונגען.

ס'זײַנען דורכגעגאַנגען טעג און וואָכן און קיין איין וואָרט האָט זיך אין דער צענטראַלער פרעסע וועגן „האָפענונג" ניט באַוויזן. שולימאָוו האָט שוין אפילו אָנגעהויבן פאַרגעסן, אַז דער קאָרעספּאָנדענט איז געווען אין ראַיאָן. ער האָט ווי פריִער אַלע אינדערפרי אַרײַנגעקוקט אין די צענטראַלע צײַטונגען, נאָר שוין אָן דעם אומרו, וואָס אין די ערשטע טעג נאָך דעם באַזוך פון דעם קאָרעספּאָנדענט. און גראָד דאַן, ווען שולימאָוו האָט שוין אופגעהערט צו וואַרטן, איז איין־מאָל אינדערפרי אַרײַנגעלאָפן אין זײַן קאַבינעט איינער פון די אינסטרוקטאָרן — א יונגער באָכער מיט געדיכטע שוואַרצע וואָנצעס, וועלכע ער האָט, קענטיק, פאַרלאָזן צוליב סאָלידקײַט.

— נו, וואָס זאָגט איר אָף אונדזער „האָפענונג", אַ? — האָט ער אין איין אָטעם אויסגעשאָסן.

— וואָס איז געשען?

— איר האָט דען ניט געלייענט? — האָט דער אינסטרוקטאָר פאַרווּנדערט א קוק געגעבן אָף אים.

— ס'איז שוין טאַקע אָפּגעדרוקט?.. ווו? — האָט שולימאָוו זיך א כאַפּ געטאָן.

די פאַרצייכענונג האָט געהייסן: „פון אָנהייב זײַנען זיי געווען אינצווייען". שולימאָוו האָט זיך מאַמעש אײַנגעזויגן מיט די אויגן אין דער צײַטונג.

וואָס ווײַטער ער האָט געלייענט, אַלץ מער האָט ער געשטוינט. ער האָט דאָך אַלץ, וועגן וואָס עס שטייט געשריבן אין דער צײַטונג, געוווּסט, ווי זשע האָט ער עס ניט באַנומען? אים האָט אויסגעדוכט, אַז ניט דאָ, פאַר זײַנע אויגן, ניט דאָ אין ראַיאָן איז עס פאָרגעקומען, נאָר ס'איז עפּעס א לעגענדע וועגן צוויי פאַרווּנדעטע סאָלדאַטן, וועלכע זײַנען געקומען אָף א כורווע, אין א וויסטעניש... אומדערטרעגלעך שווער, פול מיט פּײַן איז פון אָנהייב געווען זייער לעבן. דערנאָך האָבן זיך באַוויזן נאָך מענטשן, עס האָבן אָנגעהויבן וואַקסן טווועס, פּרוכטביימער האָבן זיך צעצוויטעט, בינען האָבן גענומען זשומען אין די פּאַסעקעס...



ריווע באליאסנע

# איז דען אין מײַנע טרוימען מיר פארווערט...

מײַן מאמע האָט געטײַנעט:
פלי ניט אין די הימלען,
שטיי בעסער מיט די פיס אף אונדזער ערד...
און מיר איז אומעטיק אָן שטורעם, אָן געווימל,
אָן סאָסנעס, אָן בעריאָזעס אף די בערג.
פון דאָרט איז נעענטער
צו מארס, צו דער ווענערע,
פון דאָרט איז די לעוואָנע צו דער האנט,
דאָרט ווערן גרעסער אלע, אלע שטערן,
די זון איז גרינגער אָנכאפן באם ראנד.
מיר דאכט: עס הוידען מיך, עס וויגן מיך די ווינטן,
און אויסגעוואַרעמט פייגעלע — כ'בין גרינג און פרײַ.

ניטאָ אזאמין קראפט,
וואָס זאָל די פליגל מײַנע בינדן,
כ'בין שטארקער פון א גאָט,
כ'בין יונג אפסנײַ,
ווײַל מיך געקנאָטן האָט די ערד,
געפויעט מיך מיט אירע זאפטן,
געגערט מיט האָניק און מיט זאלץ.
אין מײַנע קאנטן וואקסן קאסמאָנאווטן,
פארכלינעטע, ווי איך מיט לידער ביזן האלדז.
מײַן ייכעס שטאמט דאָך אויך
פון יונגע פיאָנערן,
איז דען אין מײַנע טרוימען מיר פארווערט
זיך אופהייבן ביז מארס און ביז ווענערע, —
פארברידערן לעוואָנע מיט דער ערד?

# טיק-טאַק

טיק-טאַק,
טיק-טאַק, —
קלאפט דאָס הארץ אזוי אין טאקט...
ס'איז מיר גוט אצינד און וויל,
לידער פון דעם פולן מויל.
לידער, לידער, גאנצע סטאָסן,
ריין פון ווייען און פארדראָסן,
שטייען בא מײַן קאָפּ אף וואך,
היטן מיך א גאנצע נאכט.

טיק-טאַק,
טיק-טאַק! —
קלאפט דאָס הארץ אזוי אין טאקט...
ס'איז שוין באלד אזייגער אכט,
וואָס זשע ליג איך נאָך און ווארט?

ס'זאָל זיך עפענען די טיר,
דו זאָלסט קומען הײַנט צו מיר.
ליג איך מיט פארמאכטע אויגן,
ווו ביסטו, מײַן טרוים, פארפלויגן?

טיק-טאַק,
טיק-טאַק! —
קלאפט מײַן הארץ אזוי אין טאקט...
ס'איז מיר גוט אצינד און וויל,
דײַנע ליפּן בא מײַן מויל,
האלט איך צוגעמאכט די אויגן —
ניט געשטויגן, ניט געפלויגן...
גוט, וואָס דיכטער קאָנען טרוימען,
קיינער קאָן זײַן ליד ניט צוימען!

* * *

ווי טונקל ווערט אין וואלד,
ס'וועט באלד אראָפּ א רעגן.
איך בין בא פערציק אלט
און לויף אים אלץ אנטקעגן...
אָט דאָרטן, בא דעם טײַך,
כ'וועל כאפן ערשטן טראָפּן,
איך גלייב, אז אויך מיט אײַך
דאָס זעלבע האָט געטראָפן.

עס לאכט פון אײַך דער זון,
עס לאכט פון אײַך דער אייניק,
און אײַך איז ווייניק זון,
און אײַך איז רעגן ווייניק.

ווי טונקל ווערט אין וואלד,
אָט, אָט וועט גיין א רעגן.
איך בין... בא פופציק אלט
און לויף אים אלץ אנטקעגן.



# מאָטיע גאָלבשטיין

געבוירן אין 1918 אין שטעטל נײַ־אוקראַינקע. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1934. וווינט אין סעוואַסטאָפּאָל.

* *
*

א מענטש איז געקומען צום בוים אינעם האַרבסט
און זעט: ס׳פאַלן בלעטער אַף דר׳ערד.
דאַן פרייט זיך דער מענטש און ס׳ליכטיקט זײַן האַרץ,
וואָס וועלקן איז אים ניט באַשערט...

נאָר פרילינג דער מענטש קומט צום זעלביקן בוים
און זעט: עס וועט זײַן אַף אים פרוכט.
דאַן איז ער מעקאַנע ניט זיך, נאָר דעם בוים
פאַר זײַן אייביקןווידערגעבורט...

* *
*

אין די בלויע וואַסערן פון הימלען
שווענקט לעוואַנע בלוטיק־רויטן פליגל.
און עס שוויַגט שוין יעדעס גראָז און בלימל,
יעדעס זאַנגל אינעם פעלד שוין שוויַגט.
נאָר איך איינער קאָן נאָך אַלץ ניט פאָלגן
נאָך דער שטילקײַט. אומרויִק איך שטוין:
ווי מיט אײַזערנע פּאָדקאָוועס, וואָלקנס
שלאָגן אויסעט פונקען אינעם רוים...

* *
*

פון א טראָפּן ווערט א קוואַל,
פון א קוואַל — א וואַסערפאַל.
פון א טײַך עס ווערט א יאַם,

פון א פונק — א העלער פלאַם.
פון א קערנדל — א זאַנג,
פון א קלאַנג — א שיין געזאַנג!..

* *
*

ווי אמאָל טוט א קלונג
א שטיק אײַזן אין א שטיין אין אַן אַלטן
און ס׳באַווײַזט זיך א פונק,
וואָס פאַרלייקנט דעם שטיין דעם קאַלטן, —

אַזוי גליקלעך־באַהעלט
פון דײַן האַרץ דורך די בלוטן־געוועבן
קומט די ליד אַף דער וועלט, —
אָט דער גאָלדענער פונק פון דײַן לעבן.



# ליטעראטור און קונסט



## גע‌אָרגי מארקאָוו

געבוירן אין 1911 אין דאָרף נאָוואָקוסקאָווא, סיביר. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1936. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פּאַטעריאָטישער מלחמה. פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. וווינט אין מאָסקווע.

# הײַנטצײַטיקײַט און ליטעראטור

אינעם גאַנצן לאַנד, צווישן די ברייטסטע מאַסן זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן די סאַכאַקלען פון די היסטאָרישע באַגעגענישן פון די אָנפירער פון דער פּאַרטיי און רעגירונג מיט די טוער פון ליטעראַטור און קונסט, ניקיטע סערגייעוויטש כרושטשאָווס מערקווירדיקע רעדע „הויכע אידייִשקײַט און קינסטלערישע מײַסטערשאַפט — די גרויסע קראַפט פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און קונסט". אין אָט דעם דאָקומענט זײַנען פאָרמולירט די וויכטיקסטע פראַגן פון דער פּאַרטיי־פּאָליטיק אין געביט פון ליטעראַטור און קונסט אויפן הײַנטצײַטיקן עטאַפּ פון דער אַנטוויקלונג פון אונדזער געזעלשאַפט.

די סאָוועטישע שרײַבער האָבן אין משך פון די לעצטע יאָרן אַרײַנגעטראָגן אַ גרויסן צושטײַער אינעם אוצר פון דער סאָציאַליסטישער קולטור. די ליטעראַטור אונדזערע אַנטוויקלט זיך אויף אַ ריכטיקן וועג. טיפער און ענגער ווערן אירע פאַרבינדונגען מיטן פאָלק, עס וואַקסט די קינסטלערישע מײַסטערשאַפט, עס העכערט זיך איר דערציִערישע ראָליע.

די העלדן פון אונדזערע ווערק זײַנען מענטשן פון די סאַמע טיפענישן פונעם פאָלק. טאַקע אַזאַ מענטש ווערט איצט דער צענטער פון דער אויפמערקזאַמקײַט פון די ליטעראַטן. די דאָזיקע דערשײַנונג איז ניט קיין צופעליקע, זי איז אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס אומעטום איז אויסגעוואַקסן די אַקטיווקײַט פון די מאַסן.

פולבלוטיקער איז געוואָרן דער רעאַליזם פון אונדזער ליטעראַטור. די שרײַבער שטרעבן צו באַווײַזן דעם סאָוועטישן מענטשן אין די רעאַלע באַדינגונגען פון אונדזערווירקלעכקײַט. פאַרטיפערנדיק אין זייערע ווערק דעם רעאַליסטישן פאָלקס־יסוד, שטעלן זיי דערמיט גופא אויף אַ רעאַלן באָדן די קאָמוניסטישע אידייִשקײַט אין דער ליטעראַטור, דעם פּאַטאָס פון דער קאָמוניסטישער בויונג. דעריבער טאַקע איז דער מענטש, וועמען מיר טרעפן הײַנט אין די בעסטע ווערק פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור, בײַ זײַן גאַנצער אויסערלעכער פּאַשטעס, באַצייכנט מיט די אייגנשאַפטן פון אַן אַקטיווער סאָציאַליסטישער פּערזענלעכקײַט.

דער מענטש פון אַרבעט ווערט אין דער ליטעראַטור אַלץ רײַכער אין גײַסט און פּילזײַטיקער. די שרײַבער קוקן זיך אַלץ אויפמערקזאַמער צו, ס'אַראַ ראָליע עס שפּילט אין דער אַרבעטס־טעטיקײַט פון אונדזערע מענטשן די קאָמוניסטישע איבערצײַגטקײַט, ס'אַראַ גרויסן סטימול עס שטעלט מיט זיך פאָר די קאָמוניסטישע מאָראַלישע ריינקײַט פונעם מענטשן. די ווערק, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט די גרונט־ריכטונג פון אונדזער לעבן, די רײַכע גאַמע פון אַלע שעפערישע מעגלעכקײַטן פון דעם מענטשן און דער געזעלשאַפט, — אַזעלכע ווערק באַווײַזן זיך אַלץ מער אין אַלע ברידערלעכע סאָוועטישע ליטעראַטורן.

איך וועל אָנרופן עטלעכע פרישע ליטעראַרישע דערשײַנונגען. די פּאַבול פון אָ. גאָנטשאַרס נײַעם ראָמאַן „טראַנקע", וואָס איז אָפּגעדרוקט אינעם אוקראַיִנישן זשורנאַל „וויטשיזנאַ", וויקלט זיך פונאַנדער אויפן פאָן פון די געשעענישן פון אונדזער צײַט (אין די יאָרן 1961—1962). דאָס איז אַ ראָמאַן אין נאָוועלן. די האַנדלונג קומט פאָר אין דאָרעם־אוקראַיִנע, אין איינעם פון די שאָפּציכטלערישע סאָווירטן פון טאַווּרישן קאַנט. די העלדן זײַנען די האָרעפּאַשניקעס פון אָט דעם סאָווירט — די שאָפּציכטלער, מעכאַניזאַטאָרן, סאָדציכטלער, פּליִער פון דער רעאַקטיווער אַוויִאַציע — פאָרשטייער פון עטלעכע דורות. אין יעדער פון די צוועלף נאָוועלן שטייען אין צענטער פון דעם אַווטאָרס אויפמערקזאַמקײַט די גיבאָרעס פון עטלעכע העלדן. אַלע נאָוועלן צוזאַמען בילדן איין גאַנצעס — אַ באַדײַטנדיק ווערק וועגן די מענטשן פון אונדזער צײַט, וועגן זייער לעבן, קאַמף פאַרן קאָמוניזם, זייערע געדאַנקען און האָפענונגען.

דער ראָמאַן איז אָנגעשריבן, ווי דאָס איז אייגנטימלעך אַלעס גאָנטשאַרן, מיט קענטעניש פונעם פאָלקס־לעבן. דאָס ווערק איז פּאָעטיש, די מענטשן זײַנען געמאָלט שטאַרק און בולעט, פאַרבונדן זײַנען באַווײַזן די טאַווּרישע פּייזאַזשן. דאָס זײַנען אייגנאַרטיקע לירישע ראַיוּנעס וועגן דעם לעבן, באַזירט אויף אַ רעאַליסטישן און קאָנקרעטן מאַטעריאַל. נאָר דאָס טײַערסטע און ווערטפולסטע אין אָ. גאָנטשאַרס ווערק זײַנען די נײַע שטריכן פון די מענטשן — שטריכן, וועלכע האָבן זיך אויסגעבילדעט הײַנט, אין אונדזער צײַט, און וועלכע הייבן אויף די מענטשן צום שטאַפּל פון עכט סאָציאַליסטישע קעגנזײַטיקע באַציִונגען.

די געשעענישן, וועלכע עס שילדערט דער ווײַסרוסישער שרײַבער אי. מעלעזש אין זײַן ראָמאַן „מענטשן אויפן זומפּ", זײַנען דערווײַטערט פון אונדז מיט אַ סך יאָרן. און פונדעסטוועגן נעמען מיר אויף דעם ראָמאַן ווי די לעבעדיקע הײַנטצײַטיקײַט. דער שרײַבער שטעלט

אויף א בילד פונעם לעבן און פון דער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, ער שפּירט נאָך, ווי מע זאָגט עס, פונעם סאמע מאָקער דעם אופקום פון די נײַע שטריכן פונעם נאציאָנאלן כאראקטער אין די באדינגונגען פון דער סאָוועטישערווירקלעכקײַט. אי. מעלעזש געפינט אזעלכע מאָטיוון און אזעלכע טענער און פארבן, וועלכע באַרײַכערן וועזנטלעך אונדזער סאָוועטישע פּראָזע. פול מיט כיין איז דער דאָזיקער ראָמאן אויך דערפאר, ווײַל דער שרײַבער האָט אין גאנג פונעם סיפּער־האמײַסע געקענט צונויפגיסן דאָס רעאלע לעבן פון די מענטשן מיט זייערע טיפע אימפּולסן צו בעסערס, צו אידעאלס. באשרײַבנדיק די הארבע לעבנס־באדינגונגען פון זײַנע העלדן, שילדערט ניט דער אוטאָר קיין גײַסטיק־אָרעמע מענטשן, פארקערט — ער אנטפּלעקט אין זיי די אומגעצוימטע שטרעבונג צו טראכטן וועגן דער צוקונפט, פון קערנדל צו קערנדל שאפן אָט די צוקונפט שוין הײַנט. דער אוטאָר איבערצײַגט אונדז, אז די טרוימען פון אָט די מענטשן זײַנען רעאל, ווי שווער עס זאָלן ניט זײַן זייערע לעבנס־באדינגונגען.

די פארפעסטיקונג פונעם אידעאלן אין אונדזער רעאלער ווירקלעכקײַט איז אינעם ראָמאן באוויזן זייער איבערצײַגנדיק. דערעכאגעוו מוז איך באמערקן, אז די לעצטע צײַט טראכטן מיר ביכלאל ווייניק אף דער דאָזיקער טעמע, עפּעס גליטשן מיר זיך לײַכט איבער דער אויבערפלאך פון דער ווירקלעכקײַט, צײַטנווײַז באגרעניצן מיר קינסטלעך די שילדערונג פון די פארבאָרגענע אין אונדזער סאָוועטישן לעבן טענדענצן און קרעפטן, וועלכע זײַנען געריכטעט אין דער צוקונפט. ווען מע לייענט אייניקע אונדזערע ווערק וועגן דער הײַנטצײַטיקײַט, שאפט זיך אן אײַנדרוק, ווי מיר וואָלטן לעבן בלויז מיט די אינטערעסן פונעם איצטיקן מאָמענט, מיט די אינטערעסן, וועלכע ווערן צומאָל קליינלעך פארשטאנען און זײַנען קורצווײַליק. דאָס איז ביכלאל ווייניק פאר ליטעראטור, און אוודע איז דאָס ווייניק פאר דער ליטעראטור פון סאָציאַליסטישן רעאליזם. ווײַזט אויס, אז יעדער שרײַבער וועט מוזן ערנסט א טראכט טאָן וועגן יענער זײַט פון אונדזער מעטאָד, וועלכע פארפליכטעט צו קוקן אין דער צוקונפט, ווײַל די דאָזיקע צוקונפט ליגט דאָך אין דער רעאלקײַט, פונקט ווי אין דער רעאלקײַט פון א קערנדל ווערט רײַף די קינפטיקע פּיירע.

עס ווילט זיך דאָ אָנרופן די גרויסע דערציילונג פונעם רוסישן שרײַבער וו. ליפּאטאָוו „דער שנעלשטראָם“. די געשעענישן, וועלכע ווערן דאָ באשריבן, קומען פאָר אין סיביר, אפן טײַך אָב, אין א פישער־בריגאדע. דער שרײַבער האָט אויסגעמאָלט אייגנארטיקע און רעליעפע כאראקטערן. ווי אינערלעך צונויפגעשמאָלצן עס איז דער דאָזיקער קליינער קאָלעקטיוו, ווי לעבהאפטיק עס זײַנען אין אים די ניט געשריבענע געזעצן פון סאָוועטישער מאָראל און עטיק, ווי קאָמפּליצירט עס זײַנען די קעגנזײַטיקע באציִונגען צווישן די מענטשן — באציִונגען, וועלכע זײַנען באזירט אף הויכע פאָדערונגען און אין דער זעלבער צײַט אף קעגנזײַטיקער שטיצע און הילף!

און מיט וואָס איז אינטערעסאנט, לעמאָשל, דער ראָמאן פון באָריס פּאָלעוואָי „אפן ווילדן ברעג“? מיר שאפן די מאטעריעל־טעכנישע באזע פונעם קאָמוניזם, מיר באהערשן נײַע ראיאָנען פון אונדזער ראכוועסדיקן לאנד, מיר טוען אונדזער ארבעט אין קאָמפּליצירטע באדינגונגען, מיר ווענדן אָן נײַע פאָרמען פון אָרגאַניזירן די מי און דעם שטייגער. און אָט די סימאָנים פון דער צײַט זײַנען אויסדרוקספול געמאָלט אינעם ראָמאן. דעם שרײַבער האָט זיך אײַנגעגעבן צו שילדערן א קאָלעקטיוו פון א גרויסער בויונג, באווײַזן דאָס געפיל פון פאראנטוואָרטלעכקײַט, וואָס הערשט אין דעם דאָזיקן קאָלעקטיוו און דינט אלס ריכט־ליניע אין זײַן ארבעט. פּאָלעוואָי מײַדט אָבער ניט אויס אויך די שארפע מאָמענטן פון דער אידייִשער און מאָראלישער אנטוויקלונג פון אונדזערע מיטצײַטלער.

זייער רעליעף און אייגנארטיק האָט זיך אנטפּלעקט דער טאלאנט פונעם יונגן קירגיזישן שרײַבער טשינגיז אײַטמאטאָוו. די קאָנפליקטן, וועגן וועלכע ער שרײַבט, אנטפּלעקן פארשיידענע זײַטן פון אונדזער ווירקלעכקײַט.

דאָס סאָוועטישע לעבן האָט אקטיוויזירט די שטרעבונג צו נײַע ווערטן. די רעשטן פונעם פארעלטערטן לעבנסשטייגער, די שאבלאָנע באגריפן וועגן גליק שטערן אָפט דעם מענטשן צו אנטפּלעקן מיט דער גאנצער פולקײַט זײַן גײַסטיקע וועלט. אײַטמאטאָווס העלדן געפינען אין זיך גענוג קויכעס, קעדיי אָפּשלײַדערן פון זיך די אָבערגלויבנס, אריבערשפּאנען דעם קאָנסערוואטיוון נאציאָנאלן שטייגער און אָנהייבן לעבן אף א נײַעם אויפן, אין נײַע באדינגונגען, וועלכע זיי האָבן געשאפן מיט די אייגענע הענט.

די העלדן פון די בעסטע ווערק זײַנען אינטערעסאנטע פּערזענלעכקײַטן. די מאָראלישע קראפט, וואָס איז פארלייגט אינעם לעבן פון אונדזערע מענטשן, מאכט זיי פאר אומבאזיגבאר אינעם קאמף קעגן קאָלערליי קריוודעס און קעגן די שוועריקײַטן פון דער אנטוויקלונג. אזעלכע מענטשן גייען מיט די שווערסטע לעבנס־וועגן און זיגן מיט דער קראפט פונעם פאָלקס־עמעס, וואָס זיי פארמאָגן אין זיך, מיט דער מאָראלישער שטיצע פון די טיפסטע פאָלקס־שיכטן. זיי שטרעבן צו לעבן אזוי, אז זיי זאָלן קלאָר פארשטיין דעם ארום, זיי באציִען זיך צו זייער ארבעט, ווי צו א באוווסטזיניקן בײַטראָג אין דער אלפאָלקישער מי. אָט אזעלכע זײַנען די העלדן אין מ. סטעלמאכס ראָמאן „דער עמעס און דער שעקער“, אין וו. קאָזשעווניקאָווס דערציילונג „דער פליִענדיקער טאָג“, אין ד. גראנינס ראָמאן „איך גיי דעם שטורעמווינט אנטקעגן“, אין א. אנדרייעווס ראָמאן „קלײַבט זיך אליין פאנאנדער אין אונדזער שטרײַט, מענטשן“, אין אי. מוראטאָווס דערציילונג „צעפראלטע פענצטער“ און אין א סאך אנדערע ווערק.

אונדזער קריטיק האָט שוין ניט ווייניק געשריבן וועגן א. רעקעמטשוקס שאפונגען. מיר ווילט זיך באזונדערס באטאָנען דעם פּאָלעמישן כאראקטער פון די ביכער פון אָט דעם שרײַבער. מע שרײַבט און מע רעדט בא אונדז א סאך וועגן דער אזויגערופענער ניט אײַנגעאָרדנטקײַט פונעם לעבן פונעם הײַנטצײַטיקן יונגן מענטשן. נו, איז ווי זאָל זײַן מיט יענעם יונגן מענטשן (ער שטעלט מיט זיך פאָר די גרונט־מאסע פון דער יוגנט), וואָס שאפט די מאטעריעלע באזע פאר דער עקזיסטענץ פון די קאָלערליי „ניט אײַנגעאָרדנטע“? עס איז שוין, דוכט זיך, לאנג צײַט מיט מער באגײַסטערונג, הייסער שרײַבן וועגן אים — וועגן אונדזער הויפּט־העלד! וואָס שײַך צו ריידן, אזא געשטאלט איז א סאך שווערער צו מאָלן, איידער א בונט, פּילפארביק מענטשל, וואָס פלאָנטערט זיך אינעם שפּינוועבס פון זײַנע עגאָיִסטישע אימפּולסן. בונטקײַט ליגט דאָך שטענדיק אויבן־אויף, און דעם עמעסן גרונט־כאראקטער פונעם פאָלקס־לעבן דארף מען

דערלאנגען פון די טיפענישן. נאָר גראָד ער, דער מענטש, וואָס פארמאָגט אזא כאראקטער, לייזט דאָך די קאָמפּליצירטסטע פראגן פון דער הײַנטצײַטיקייַט.

א. רעקעמטשוק אין זײַן לעצטער דערציילונג „יונג און גרין“ באשרײַבט טאקע אזא העלד, דערבײַ אין אזעלכע באדינגונגען, ווען דער יונגער מענטש איז זורכן לעבן גופא אוועקגעשטעלט פאר דער נויטווענדיקייַט צו לייזן אף א סאָציִאליסטישן אויפן סײַ די פראגע וועגן פרײַנטשאפט, סײַ די פראגע וועגן ליבע, סײַ די פראגע וועגן אויספילן דעם כויוו בענעגייע דער מעלוכע, בענעגייע מענטשן. און רעקעמטשוקס העלד ניקאָלײַ באבושקין געפינט אין זיך קרעפטן ניט בלויז צו בויען נײַע שטעט (ער איז אן אויסגעצייכנטער בויער!), נאָר אויך צו שאפן און פארפעסטיקן נײַע גײַסטיקע ווערטן און עכט מענטשלעכע צווישנבאציִונגען. אָט דער העלד איז טאקע יענער צענטראלער טיפּ פון אונדזער לעבן, וואָס איז דער געזעצגעבער פון זיטלעכקייַט און מאָראל. ער דריקט אויס סײַ דעם ניוואָ פון פּאָליטישן דענקען, סײַ די העכסטע מאָס פון לײַדנשאפט אין דער ארבעט, סײַ די גײַסטיקע ציכטיקייַט, סײַ דעם לעבנסבאשטעטיקנדיקן אָפּטימיזם, וועלכע זײַנען כאראקטעריסטיש פאר אונדזערע מענטשן, די באלעבאטים פונעם לעבן. עס איז באטירלעך, אז א ווערק וועגן אזא העלד ווערט פּאָלעמיש קעגנגעשטעלט יענע ווערק, וואָס זייערע העלדן האלטן בלויז אין איין מאָראליזירן, לאָזן זיך ארײַן אין פּסיכאָלאָגישע פּילפּולים, און וועגן ברויט מיט פּוטער פאר זיי זאָלן זאָרגן אנדערע.

עס איז אלגעמיין באקאנט, אז בעשאס אן איבערבראָך אינעם לעבן פון דער געזעלשאפט ווערט שטענדיק פארשארפט דער אינטערעס צו דער פּראָבלעם פונעם יונגן מענטשן. דער יונגער מענטש שטייט ווי אפן שיידוועג — ער איז די פארגאנגענהייַט, די קעגנוואַרט, די צוקונפט. דערפון, ווהין ער וועט גיין, וואָס ער וועט איבערנעמען פון דער פארגאנגענהייַט, ווערט אין פיל הינזיכטן באשטימט אויך דער כאראקטער פון דער צוקונפט. ווי פארדריסלעך דאָס זאָל ניט זײַן, נאָר מע מוז אנערקענען, אז די ליטעראטור און קונסט גיבן נאָך ניט דעם לייענער און צושויער קיין גרויסע טיפּישע פאראלגעמיינערונגען פונעם געשטאלט פון דעם סאָוועטישן יונגן מענטשן פון אונדזער צײַט. קוידעמקאָל ווײַזט זיך ארויס די שוואכע, ניט פינקטלעכע, זייער לעפּיִערעכדיקע באקאנטשאפט מיטן רעאלן לעבן פון דער יוגנט. איך האָב דאָ אין זינען, פארשטייט זיך, די קינסטלערישע באזיניקונג פון אָט דעם לעבן, — די אינערלעכע באקאנטשאפט, די עמאָציִאָנעלע און קאָנקרעטע, א באלויכטענע מיט דער מארקסיסטיש־לענינישער וועלט־אָנשויונג. דאָס לעפּיִערעכדיקע און אויבערפלעכלעכע הייבט זיך אָן דאָרט, ווו מיר פרווון שילדערן די געדאנקען און לײַדנשאפטן פונעם יונגן מענטשן, וועלכער געפינט זיך אפן רעכטן מיטן פונעם שנעלשטראָם פון אונדזער אנטוויקלונג, אפן פאָדערשטן באצירק פונעם קאמף, ווו יעדן טאָג און יעדע שאָ ווערט געלייזט די פראגע וועגן דעם פוד ברויט, קובאָמעטער ווינפלאץ, טאָן קוילן, קילאָמעטער וועג. באווײַזנדיק דעם מענטשן, וואָס קעמפט פאר אָט דעם אלעם, פארגעסן מיר צומאָל אין יענער הויכער אידייִשער צילגעווענדטקייַט, וואָס סטימולירט זײַנע מײַסים.

שטעלט זיך פאָר אף א ווײַל, אז א סאך פון די הײַנטיקע ביכער וועגן דעם יונגן מענטשן פון אונדזער צײַט וועלן לייענען די קומענדיקע דורעס, וועלנדיק זיך דערוויסן וועגן דעם פּעריִאָד, אין וועלכן מיר מיט אײַך לעבן. און די ערשטע פראגע, וואָס וועט בא זיי אופקומען, וועט זײַן אזא: ניט שוין זשע האָבן זיי זיך ערנסט פארנומען מיט קליינלעכע, צומאָל פּוסטע פראגן, אף וועלכע עס איז געבויט א היפּש ביסל פון אונדזערע ביכער וועגן דער יוגנט? ס׳איז דאָך א פאקט, אז גראָד אין אָט דער צײַט האָבן די יונגע מענטשן פון דער דאָזיקער עפּאָכע די ערשטע זיך אוועקגעלאָזט אין קאָסמאָס, באהערשט די ענערגיע פונעם אטאָם, אויסגענוצט זי אין די אינטערעסן פון שאָלעם, געשאפן די סאמע קאָמפּליצירטע און קלוגע מאשינעס, געענדערט דאָס אויסזען פונעם לאנד, אנטדעקט נײַע האָריזאָנטן פאר דער אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט; אין פּראָצעס פון קאמף פאר דער פארפעסטיקונג פון די נײַע סאָציִאלע יעסוידעס האָבן זיי, לערנענדיק זיך איינער באם אנדערן גוטס און יוישער, פאָרמירט דעם נײַעם מענטשן... טאקע אזא פּאָעזיע פון גרויסן היסטאָרישן באטײַט פעלט אונדז אין די ווערק וועגן דעם יונגן מענטשן.

אונטער דער פעדער פון די רוסישע ליטעראטן פון נײַנצעטן יאָרהונדערט איז דער קליינינקער מענטש — סײַ דער קליינינקער טשינאָווניק, סײַ דער פינצטערער דאָרפישער פויער, סײַ דער אָרעמער באלמעלאָכע, סײַ די דערשלאָגענע רוסישע פרוי — געוואָרן א געשטאלט פון אומגעהערטער מאָראלישער שיינקייַט, א קינסטלעריש געשטאלט פון וועלט־באטײַט. און בא אונדז איז די לאגע אזא, אז דער ווירקלעך גרויסער, בעעמעס היסטאָרישער מענטש זעט אָפּט אויס אין די קונסט־ווערק ווי א קליינע, גײַסטיק גרויע און אומבאדײַטנדיקע באשעפעניש.

מע זאָגט, אז אין אונדזער צײַט טרעפט זיך נאָך אלץ צווישן די יוגנטלעכע א מענטש אָן אן אידעאל. יאָ, אזא מענטש טרעפט זיך נאָך צומאָל, און מיר פארמאכן ניט דערויף די אויגן. און באשרײַבן אים דארף מען אזוי, ווי ער איז אין לעבן. די גאנצע פראגע באשטייט אָבער דערין, וויִאזוי צו שרײַבן: כיינדלען זיך צו אים, קוויקן זיך מיט אים, פּאָעטיזירן זײַן באלעבעסלדיקע באגרענעצטקייַט און צומאָל אויך די רעצידיוון פון אנארכיש־אינדיווידואליסטישע שטימונגען? אָדער אופדעקן זײַן קליינלעכקייַט און ניט־פולווערטיקייַט, ארויסשטעלן צו אים בירגערלעכע און מאָראלישע פאָדערונגען, באווײַזן ווי ער קאָן פארוואנדלט ווערן אין אן עמעסן סאָוועטישן מענטשן? עס האנדלט זיך דאָ ניט וועגן צופוצן און א הייב טאָן העכער דעם דאָזיקן פּערסאָנאזש, ניט וועגן בליצשנעל „איבערשמידן“ אים און וועגן א „גליקלעכן סאָף“, — דאָס פארמאָגן מיר איבערגענוג, — עס האנדלט זיך וועגן דעם קוק פונעם שרײַבער אפן מענטשן, וועגן דער פּאָזיציע פונעם שרײַבער. עס איז לעכערלעך צו קלאָגן זיך אפן מאנגל אין העלדן מיט אידעאלן, ווען די מעסירעסנעפעש און דער העראָיִזם איבערפילן אלע צעלעכלעך פונעם פאָלקס־לעבן און זײַנען געוואָרן אן אָרגאנישער שטריך פונעם גײַסטיקן אָנבליק פון אונדזער מענטשן! קעדיי אָבער באשרײַבן אזא יונגן מענטשן, דארף מען ארײַנדרינגען אין זײַן לעבן, מיטן געדאנק און מיטן הארצן זיך אָפּגעבן דער זאך, פאר וועלכער ער איז זיך מאקריוו ביז לעצט, ווערן אן אייגענער מענטש אין דער ספער פון זײַנע געפילן און געדאנקען.

די הויפּט־זאָרג פון דער ליטעראטור איז — ערלעך דינען דעם פאָלק און דער פארטיי. דאָס איז אן אומבא־

שטרײַטבארער עמעס. מיר דארפן טיף פארשטיין, אז די אנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראטור גייט אין דער געהעריקער ריכטונג און אז איר פילבארקײַט צום פאָלקס־לעבן האָט זיך געהעכערט.

צי קאָן מען אָבער זאָגן, אז מיר זײַנען באפרידיקט מיט דער קוואליטעט פון אונדזערע ווערק, מיט דער קינסטלעריש פולווערטיקער שילדערונג פונעם מענטשן? ניין, אין דעם פראט דארף זיך בא אונדז שטענדיק פילן אן אומרו, לויט דער ליניע דארפן מיר זייער א סאך טראכטן און ארבעטן.

עס טרעפט נאָך אויך ביז איצט, אז מיר פארייניפאכן דאָס געשטאלט פון אונדזער סאָוועטישן מענטשן, מיר שרײַבן וועגן אים מיט א פאָרויסגענומענער מיינונג, וולגאריזירן זײַנע געפילן און געדאנקען, מאָלן אים לויט א סכעמע, שילדערן אים מיט פרימיטיווע מעטאָדן. און — וואָס עס רופט ארויס נאָך א גרעסערן אומרו — מיר פארקלענערן די פאָדערונגען צו אים, דערבײַ לאכלוטן ניט דערפאר, ווײַל ער איז ניט אימשטאנד אויסצוהאלטן די העכסטע פאָדערונגען, נאָר דערפאר, ווײַל צומאָל דענקען מיר אליין אין קליינע מאסשטאבן און אונדזערע געפילן זײַנען קליין. אלס עטאלאָן פון א פאָזיטיוון מענטשן נעמען מיר אָפט אָן אזא איינעם, וואָס איז פרײַ פון עלעמענטארע כעסרוינעס, — לעמאָשל, ער גאנוועט ניט, ער קריכט ניט ארײַן א צווייטן מענטשן אין דער לעבער ארײַן, ער באקט ניט קיין ליגנס אאוו. און אָביעקטיוו באקומט זיך, אז מיר דערנידעריקן אונדזער סאָציאַליסטישן מענטשן ביז די נאָרמעס פון א קליינלעכן באלעבעסל. און די עמעס סאָציאַליסטישע, עמעס פראכטפולע און מענטשלעכע שטריכן, וועלכע ער פארמאָגט אין זיך, זעען מיר שוואך און שרײַבן וועגן זיי בלאס און ניט אינטערעסאנט.

ביז צום הויכן אידייִש־קינסטלערישן ניוואָ אין שילדערן דעם סאָוועטישן מענטשן פעלט אונדז נאָך זייער א סאך. דעם טראדיציאָנעל מענטשלעכן מאטעריאל באשרײַבן מיר בוילעט, שארף, אָבער דאָס עכט סאָציאַליסטישע, דאָס עמעס נאָוואטאָרישע לויטן מאָראלישן טאָך באשרײַבן מיר אָפט אויבערפלעכלעך, בלאס, אבי־ווי. אונדז פעלט צומאָל אויס געזעלשאפטלעכע לײַדנשאפט און טעמפעראמענט, ווען עס האנדלט זיך וועגן די סאָציאַלע געפילן פונעם הײַנטצײַטיקן מענטשן, וועגן זײַנע געזעלשאפטלעכע ראַיוינעס און מײַסים.

בעדערעך־קלאל שטאמען די דאָזיקע כעסרוינעס דערפון, וואָס דער שרײַבער, כאָטש ער ווייסט — און ווייסט ניט שלעכט — דעם פאקטישן לעבנס־מאטעריאל, געפינט ער אָבער ניט דעם נייטיקן שטאנדפונקט. דערפאר וואקסט זײַן העלד ניט אויס ביז א העכער פון די מויכעס. דער סאָציאַליסטישער רעאליזם, די פרינציפן פון פארטייִשקײַט און פאָלקישקײַט רופן די שרײַבער צו קוקן אפן לעבן און אָפשאצן דאָס, וואָס אין לעבן קומט פאָר, אין שײַן פון דער מארקסיסטיש־לענינישער וועלט־אָנשויונג, פון שטאנדפונקט פון די מיליאָנען, וועלכע מאכן הײַנט די געשיכטע.

די פרינציפן פון פאָלקישקײַט און פארטייִשקײַט זײַנען די לעבעדיקע נעשאָמע פונעם סאָציאַליסטישן רעאליזם. און מיר דארפן האלטן טײַער די דאָזיקע פרינציפן, באשיצן די אידעאָלאָגישע ריינקײַט פון דער סאָוועטישער ליטעראטור קעגן אלע פרווון אָפצוטעמפן איר קעמפערישע פארטייִשקײַט, אָפצושוואכן איר לעבנס־באשטעטיקנדיקע פאָלקישקײַט. יעדער איינער פון אונדז דארף יארשענען דאָס בעסטע, וואָס די סאָוועטישע ליטעראטור האָט אָנגעזאמלט, אנטוויקלען און פארמערן דאָס דאָזיקע בעסטע, געדענקען, אז ביז אונדז האָבן געלעבט און געקעמפט גאנצע דוירעס, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן דעם קאמף פאר די אידעאלן פונעם קאָמוניזם זייער גאנצן לעבן, געדענקען וועגן דער פאראנטוואָרטלעכקײַט פונעם שרײַבער בענעגייע דעם פאָלק. אייניקע יונגע ליטעראטן פירן זיך צײַטנווײַז אזוי, ווי פון זיי וואָלט זיך קלוימערשט אָנגעהויבן די געשיכטע, ווי זיי קומט קלוימערשט אויס צו לייגן די ערשטע ציגל אף א ריינעם פלאץ. דאָס איז דאָך אָבער ניט אזוי, און דער ניהיליזם אין דעם פראט, וואָס איז קריטיקירט געוואָרן אין נ. ס. כרושטשאָווס רעדע, אין ל. פּ. איליטשאָווס ארויסטרעטונג, האָט געבראכט א קענטיקן שאָדן אונדזער ליטעראַרישער אנטוויקלונג. סאָציאַליסטישער רעאליזם — דאָס איז ניט קיין פאראגראף פון א לערנבוך, וועלכן מיר דארפן אויסכאזערן, נאָר די לעבעדיקע דערפארונג פון דער קינסטלערישער אנטוויקלונג פאר העכער א האלבן יאָרהונדערט, דאָס בלוט און פלייש פון דער גרויסער צאָל פרעכטיקע ווערק, וועלכע האָבן זיך אײַנגעקריצט אינעם פאָלקס־זיקאָרן און זײַנען געוואָרן וועלט־בארימט.

עס איז באוווּסט, אז די פרינציפן פון פארטייִשקײַט און פאָלקישקײַט האָט וולאדימיר איליטש לענין פאָרמולירט ערעוו דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, ווען עס האָבן זיך ערשט קוים־קוים אָנגעמערקט די קאָנטורן פון א ליטעראטור פון א נײַער קוואליטעט, — פון א סאָציאַליסטישער לויט איר ריכטונג ליטעראטור, וועלכע איז אומיטלבאר פארבונדן מיט דער רעוואָליוציאָנערער דערפארונג פון דער פארטיי און פון די פאָלקסמאסן. ארויסרוקנדיק די דאָזיקע פרינציפן, האָט לענין אונטערגעפירט א סאכאקל אונטער א גאנצער היסטאָרישער טקופע אין דער אנטוויקלונג פונעם געזעלשאפטלעכן געדאנק און קולטור און האָט פאָרמולירט די הויפּטליניעס פון דער אנטוויקלונג פון דער קולטור, ליטעראטור און קונסט אין דער צוקונפט, אין די נײַע באדינגונגען.

די לעבנס־באדײַטונג פון די דאָזיקע פרינציפן איז באשטעטיקט געוואָרן דורך דער דערפארונג פון דער קולטור־בויונג און ליטעראַרישער אנטוויקלונג אין די ערשטע יאָרן פון דער סאָוועטנמאכט אונטער לענינס אָנפירונג און דורך דער גאנצער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג אונדזערער, ניט געקוקט אף די פארקריפלונגען, וועלכע האָבן געהאט אן אָרט אין דער צײַט פונעם סטאלין־קולט. די באדײַטונג פון די דאָזיקע פרינציפן באשטעטיקט אויך די דערפארונג פון דער קולטור־בויונג אין די ברידערלעכע לענדער פון סאָציאַליזם.

די פרינציפן פון פארטייִשקײַט און פאָלקישקײַט, ווי דער גאנצער מארקסיזם־לעניניזם, איז דאָס אייגנס פון דער גאָרער פראָגרעסיווער מענטשהײַט.

האָבנדיק אין דער טאָגטעגלעכער קינסטלערישער פראקטיק אלס ריכט־ליניע די דאָזיקע פרינציפן, וועלן די סאָוועטישע שרײַבער מיט ערע אויספילן זייער כויוו בענעגייע דעם פאָלק און דער פארטיי, — זיי וועלן שאפן נײַע, הערלעכע ווערק וועגן אונדזער העראָישן מענטשן — דעם בויער פונעם קאָמוניזם.

מוישע נאַטאָוויטש

# אין שעפערישן אומרו

(וועגן מוישע ליטוואַקאָוס ליטעראַריש־קריטישער ירושע)

## אין איינקלאַנג מיט אונדזער צייַט


ייַן ערשטער לערער פון ייִדישער ליטע־ראַטור אין אָדעסער פּעדאַגאָגישן אינ־סטיטוט א. ראָזנצווייַג (א. ר. צווייַג), אַליין א מענטש מיט וויסן און טאַלאַנט, איז געווען א הייסער פאַרערער פון ליטוואַקאָוון, כאָטש ניט איין מאָל פלעגט ער זיך אַרייַנ־לאָזן מיט אים אין א וויקועך.

אין זייַנע לעקציעס פלעגט ער ניט נאָר פאַרופן זיך אָף ליטוואַקאָוון, ער פלעגט זיך לאָזן פירן פון זייַנע געדאַנקען באַם באַטראַכטן שרייַבער און ווערק.

„דער ניסטער איז איינער פון די טיפסטע דערשייַ־נונגען אין אונדזער נייַער ליטעראַטור" — אַזוי פלעגט, לעמאָשל, א. ר. צווייַג אָנהייבן א לעקציע מיט ליטוואַ־קאָווס ווערטער און זיך אַוועקלאָזן אין די טיפעניש פונעם ניסטערס שאַפן. ס'איז געווען סאָף צוואַנציקער יאָרן. ליטוואַקאָווס טאַלאַנט האָט זיך געפונען אין סאַמע בלי, און דער אינטערעס צו זייַן וואָרט מיצאַד דעם ייִדישן לייענער, שרייַבער און געלערנטן איז געווען גרויס. און ניט נאָר אין יענע יאָרן.

„מיר איז די טעג, — דערציילט יאַנקעוו שטערנ־בערג, — אַ דאַנק א געבענטשטן צופאַל, וואָלט איך גע־זאָגט, אַרייַנגעפאַלן אין די הענט מ. ליטוואַקאָווס אַר־טיקלען־זאַמלונג „אין אומרו", הייַנט שוין א יעקאַר־האַמציִעס. איך האָב באַוווּנדערט באַ אָט דעם קריטיקער ניט נאָר דעם באָקי און כאַריף צוזאַמען, זייַן גרויסע טיף־ייִדישע און אייראָפּעיִשע קולטור, זייַן אַנאַליטישע צעגלידערונגס־קראַפט, דיִאַלעקטיש דענקען און קעמפע־רישן טעמפּעראַמענט, נאָר אויך זייַן הויך קינסטלערישן סטיל, זייַן אין טאָך פאַרשטיין דעם סאַמע עצעם פון ליטעראַטור. וואָס פאַר א שעפע פון געדאַנקען, האָב איך מיר געזאָגט, גינסטיקע נאָך הייַנט פאַר אונדז"[1]. אין ליטוואַקאָווס געדאַנקען־שעפע, וואָס איז גינסטיק נאָך הייַנט פאַר אונדז, איז פאַראַן דער געדאַנק פון געדאַנ־קען: די ליטעראַטור דאַרף זייַן ענג פאַרבונדן מיטן לעבן. נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן האָט ליטוואַקאָוו געשריבן:

„מיר פאָדערן פון די שרייַבער און פון זייערע ווערק אַן אַקטיווע באַציִונג צום לעבן, וואָס ווערט געשאַפן אַרום. באַ אונדז דאַרף די ליטעראַטור זייַן א מיטאַרבע־טערן און מיטקעמפערן"...

און נאָך:

„וואָס איז די אויפגאַבע פון א ליטעראַריש ווערק? ס'זאָל באַפליגלען, ס'זאָל וועקן, ס'זאָל הייבן, ס'זאָל רירן — ס'זאָל באַהערשן אַלע אייַערע כושים". א קריגערישער און אומבעשאָלעמדיקער מאַטעריאַליסט, דערקלערט ער: „אין געביט פון אידעאָלאָגיע פירן מיר ניט קיין פּאָליטיק פון צוזאַמענשלוס" (מייַן קורסיוו.—מ.נ.). זייער כאַראַק־טעריסטיש איז דער נאָמען פון זייַנע צוויי קלאַסישע בי־כער: „אין אומרו". עמעס, צווישן ערשטן און צווייטן בוך איז, ווי ליטוואַקאָוו פלעגט אַליין ליב האָבן זיך אויס־דריקן, „פאָלג מיך א גאַנג". אין ערשטן בוך גייען אַרייַן אַרטיקלען, געשריבענע זינט 1906 ביז אָנהייב 1918, אינעם צווייטן בוך — אַרטיקלען פון 1918 ביז 1926. פאַר דער צייַט זייַנען פאָרגעקומען וועלט־היסטאָרישע געשעענישן און אויך גרויסע ענדערונגען אין ליטוואַ־קאָווס אייגענעם לעבן: איך האָב „געהאַט דאָס גליק און די ערע — האָט ער געשריבן אינעם פאָרוואָרט צום צווייטן באַנד „אין אומרו" — צו ווערן א מיטגליד און טוער פון דער רוסלענדישער (איצט אַלפאַרבאַנדישער) קאָמוניסטישער פּאַרטיי (באָלשעוויקעס)".

דער נאָמען „אין אומרו" איז געווען פאַר ליטוואַקאָוון סימבאָליש. גייַסט־אומרו איז געווען דער איקער־שטריך פון זייַן כאַראַקטער. די אַרטיקלען האָט ער געשריבן אין היץ און אין אומרו פון שלאַכטן, אין שעפערישן אומרו, וואָס האַלט די ליטעראַטור אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד, דערלאָזט ניט, זי זאָל פאַרקילט ווערן, זיך שטויסן אָף אַן אָרט אָדער אידיליש שטראָמען אָפן באַלעבאַטישן „מאַכטייסע"־שטייגער: „דער שרייַבער שרייַבט זיך, דער לייענער לייענט זיך, דער קריטיקער קריטיקירט זיך"... ווי פרעמד איז אים געווען יענער מין קריטיק, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט גוטמוטיקן טיילן האַסקאָמעס שרייַבער און ווערק, און פון צייַט צו צייַט מיט „לייַטישן" מו־סער־זאָגן. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז „קינסטלער טאָר מען אין פאַראַנטוואָרטלעכע עפּאָכעס אַליין ניט לאָזן".

לויט זאַלמען רייזינען איז ליטוואַקאָוו דער „אידעאָלאָג און טעאָרעטיקער פון דער אַקטיאַבריזירונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד". אין „לעקסי־קאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור" שרייַבט רייזין וועגן ליטוואַקאָוון: „אַליין אַרויסגעוואַקסן פון דער ייִדישער טראַדיציִאָנעלער סוויווע, האָט ער מיט אַקשאָנעס און האַס פון אַן אַסקעטיש(?)־רעוואָליוציִאָנערן טעמפּעראַ־מענט באַקעמפט די פאַרגליווערטע קנעסעס־ייִסראָעל־אידעאָלאָגיע, דעם העברעיִסטישן און אַסימילאַטאָרישן מאַסקיליזם, דעם קלייַנבירגערלעכן ציִעניזם, דעם ניט גענוג ראַדיקאַלן אַווטאָנאָמיזם"...

אַז ליטוואַקאָוו האָט אויך און דעריקער באַקעמפט די ייִדישיסטישע ליטעראַטור־קריטיק — דאָס האָט ז. רייזין פאַרשוויגן. ס'האָט זיך אים דאָ אָפּאָנעם ניט געוואָלט אָפּנעמען די בכוירע באַ ש. ניגערן...

ליטוואַקאָווס שאַפן רעדט אַן און פאַר זיך. איינס פון זייַנע ערשטע מאַרקסיסטישע אַרטיקלען פון 1918 „א. ווייַטער" האָט ניט צופעליק אַרויסגערופן א צאָרנ־

[1] — יאַנקעוו שטערנבערג. אַן אָנהייב פון א שמועס וועגן ליטעראַטור־קריטיק. „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 3 פון 1961, ז. 116.

שטורעם אין דער אויסלענדישער ייִדישיסטישער פּרעסע. א. ווײַטערס פֿאַרדינסט באַשטייט, לויט ליטוואַקאָװס מיינונג, דערין, וואָס ער האָט דער ערשטער אויפֿגעכאַפּט דאָס נײַע אין דער ייִדישער ליטעראַטור און קונסט. „וועגן ש. ניגער, — שרײַבט ליטוואַקאָװ, — האָט אָנגעהויבן פֿון א רעוואָליוציאָנער־פּובליציסטישן רעזאָניאָר פֿאַרוואַנדלט צו ווערן אין א ליטעראַריש־קריטישן כאַקרען, האָט ער ווײַטערס „פֿאַרטאָג“ באַגעגנט מיט א מיסנאַגדישן „מאַי קאַ משמע לן“[1]. פֿאַקטיש האָט ווײַטער גויווער געווען ניגערן“.

ליטוואַקאָװ קאָן מען זאָגן, איז געגאַנגען ווײַטער פֿון ווײַטערן — ער האָט גויווער געווען ניט בלויז ניגערן, נאָר דעם גאַנצן גאַנג פֿון דער בירגערלעך־עסטעטישער קריטיק. דעם קינסטלערישן ליטוואַקאָװ־נוסעך אין דער קריטיק איז פֿרעמד דער באַלעבעסלדיקער קאָרעקט־אַקאַדעמישער טאָן, די פּוסטע מעליצע פֿון דער ייִדישיסטישער ליטעראַטור־ליבהאָבערײַ, די באַטלאָנישע ליטעראַטור־כקירע, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט סינע צו יעטווידער אידיי פֿון קלאַסנקאַמף. אָף די אייביקע ציִעניסטיש־באַלעבעסלדיקע טײַנעס צו די, וואָס היטן „פֿרעמדע ווײַנגערטענער“ און „פֿאַרשוועריקן די לאַגע פֿון דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור“ מיט קלוימערשט „געליִענע“ פֿון דער פֿרעמד אידעאָלאָגיעס, האָט ליטוואַקאָװ געענטפֿערט נאָך אין יאָר 1924:

„יאָ, מיר האָבן גענומען אונדזערע אידעאָלאָגיעס „פֿון דער פֿרעמד“, מיר האָבן זיך געלערנט בא מאַרקסן און ענגעלסן, בא פּלעכאַנאָװן און לענינען און פֿירן דורך זייערע געדאַנקען און פֿאָדערונגען אין אַלע געביטן פֿון ייִדישן לעבן און שאַפֿן, אויך בענעגייע דער ליטעראַטור“.

נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז ליטוואַקאָװ געווען צווישן די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן שטעלן די גרונט־פֿראַגן פֿון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־פֿאָרשונג. נאָך אָנהייב 1923 טרעט ער אַרויס אינעם זשורנאַל «Печать и революция» קעגן וואָראָנסקיס פֿעלערן. ער שפּירט נאָך נאָכן ליטעראַרישן לעבן ניט נאָר אין דער ייִדישער סוויווע. ער שרײַבט אין ייִדיש און אין רוסיש, קעמפֿט פֿאַר א נײַער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, שטיצט אירע ערשטע שפּער, שאַצט אָפּ זייערע ווערק.

„צוטרעטנדיק צום מאַרקסיסטיש־קריטישן אַנאַליז פֿון יעדן קינסטלערישן ווערק, — האָט ער געשריבן, — שטעל איך שטענדיק פֿאַר מײַן ערשטער אויפֿגאַבע איבערצוזעצן דאָס ווערק פֿון דער קונסט־שפּראַך אָף דער שפּראַך פֿון סאָציאָלאָגיע, צו געפֿינען דעם געזעלשאַפֿטלעכן עקוויוואַלענט פֿונעם ווערק. אָבער איך געדענק שטענדיק, אַז דערמיט לייז איך נאָר איין טייל פֿון דער אויפֿגאַבע, אַז דער צווייטער אַקט — אויפֿדעקן און פֿעסטשטעלן די „קינסטלערישע מײַלעס“, דעם קינסטלערישן ווערט פֿונעם געגעבענעם ווערק — איז א ניט ווייניקער וויכטיקער פֿאַר דער מאַרקסיסטישער קריטיק“. דער סינטעז באַם אַנאַליזירן דעם געזעלשאַפֿטלעכן עקוויוואַלענט און די קינסטלערישע מײַלעס — דאָס איז איינע פֿון די שטאַרקסטע מעטאָדאָלאָגישע שטריכן פֿון ליטוואַקאָװס קריטיק. אָט דער סינטעז האָט אים פֿאַרהיט סײַ פֿון פֿאָרמאַליזם, סײַ פֿון וווּלגאַרער סאָציאָלאָגיע.

אין דער ליטעראַטור האָט ער געלעבט מיט שלאַכטן.

[1] — מײַ־קאָ־מאַשמע־לאָן (וואָס זשע לאָזט עס מיך צו הערן?).

דאָס זײַנען געווען שלאַכטן פֿאַר א פֿעסטן אידייִשן גאַנג אין אונדזער ליטעראַטור, פֿאַר מאַרקסיסטישער מעטאָדאָלאָגיע אין דער ליטעראַטור־קריטיק, הייסע דיסקוסיע־שטרײַטן. עמעס, ניט אָן דיסקוסיע־שוים און איבעריקע בײַהויצאָעס.

בא א צווייטן קריטיקער האָט ער מיט דער גרעסטער לײַדנשאַפֿט געפּרוווט אַמאָל באַווײַזן, ווי דער מעטאָדאָלאָגישער „פּלאָנטער פּלאָנטערט זיך“, נאָר ווי דאָס זאָל ניט אויסזען פּאַראַדאָקסאַל, — אָפּט האָט דער „פּלאָנטער“ גענומען זײַן אָנהייב... טאַקע פֿון ליטוואַקאָװס אייניקע ניט ריכטיקע האַנאָכעס.

א ריי פּראַט־פֿעלערן האָט ער מיט דער צײַט אַליין אָנערקענט. קאָנצענטרירנדיק די אויפֿמערקזאַמקײַט אָף א באַשטימטער זײַט פֿון א באַהאַנדלטער פֿראַגע, פֿלעגט ער אַמאָל פֿאַרשווײַגן אַנדערע וויכטיקע זײַטן אירע; אָפּט געגעבן קאַטעגאָרישע פֿאָרמולירונגען, וואָס האָבן געקאָנט אויסגעטײַטשט ווערן ווי „אַבסאָליוטן“, האַגאַם זיי זײַנען אַראָפּגענומען געוואָרן אין די ווײַטערדיקע פּעריִאָדן; געווען בא אים אויך פֿראַזעאָלאָגישע „רודימענטן“, וואָס האָבן אַרײַנגעבראַכט אין טאָעס.

דאָס אַלץ איז ריכטיק. ניט דאָס אָבער געהערט צום טאָך פֿון זײַן וועלט־אָנשויונג. ווײַל וועגן זײַן וועלט־אָנשויונג קאָן מען זאָגן דאָס זעלבע, וואָס ניקאָלײַטיכאָנאָװ האָט דאָ ניט לאַנג אַזוי טרעפֿלעך געזאָגט וועגן דער וועלט־אָנשויונג פֿון א פּאָעט: „זי איז זײַן אינערלעכע זון“.

ליטוואַקאָװ איז געווען א פּאָעט אין זײַן קריטיק, און זײַן וועלט־אָנשויונג איז די „אינערלעכע זון“, וואָס האָט באַלויכטן דעם געשיכטלעכן וועג פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

## „אפֿן ראַנד פֿון אָנהייב“

ס'איז א שיין בלעטל אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור — די פֿרײַנטלעכע פּאָלעמיק, וואָס מ. ליטוואַקאָװ פֿירט מיט ה. לייוויקן אינעם אָנהייב־פּעריִאָד פֿון אונדזער ליטעראַטור־אַנטוויקלונג, אָדער, לויט לייוויקס אויסדרוק, „אפֿן ראַנד פֿון אָנהייב“.

אין 1925 איז לייוויק אַראָפּגעקומען פֿון אַמעריקע קיין מאָסקווע. פֿאַר לייוויקן איז מאָסקווע געווען סײַ א דערמאָנונג אין ווײַטע פֿאַרשנייטע סיבירער וועגן, אָף וועלכע ס'זײַנען פֿאַרבליבן „בלוט־טראָפּנס העלע און ריינע“, סײַ אַן „אָקטיאַבערדיק־זומערדיק לאַנד“ מיט „ווײַסע בליִונגען“:

בלי, אָקטיאַבער, שיט מיט ווײַסע בליִונגען איבער<br>אַלעמענס אַקסלען, איבער די ברעמען פֿון אַלעמענס<br>אויגן.<br>און אויך איבער מײַנע!

לייוויק האָט זיך געצויגן צו באַהעפֿטונג מיט דער באַנײַסער וועלט.

עפּעס הייב איך אָן פֿאַרשטיין אַזוינס,<br>וואָס פֿריִער האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען...

און עפּעס האָבן אים נאָך גענאָגט ספּייקעס. אָט וואָס ער האָט דעמלט געשריבן אין „אפֿן ראַנד פֿון אָנהייב“:

„ליטעראַרישעס.

גוטער, ווילער איזי כאַריק, ליבער פּאָעט פֿון „מינסקער בלאָטעס“. אָף זײַנע נאָיִווע, נאָך ייִנגלשע

פלייצעס נעמט מען און מע לייגט ארויף אזא גרויסע, אזא שרעקלעכע מאסע: אָן אָנהייב פון א ליטעראַטור.

פּערעצן דאַרף מען ניט.

שאָלעם־אַליכעמען אויך שוין ניט.

אשן אוואדע ניט.

די וואַרשעווער — אָפּגעמעקט.

די ניו־יאָרקער — אָפּגעשניטן.

די ייִדישע ליטעראַטור אין רוסלאַנד דאַרף זיך אָנהייבן פון 1923 אָן ערעך.

אַן אייגענע ליטעראַטור, א נײַע.

א פּראָלעטאַרישע.

דעם פריִערדיקן „כלאם“ דאַרף מען ניט האָבן, אָפּטרייסלען זיך פון אים.

ירושה־שימל.

א ווײַסע זילבערנע לעוואָנע הענגט איבערן הימל פון דער נײַער ייִדישער פּאָעזיע אין ראַטן־רוסלאַנד.

א ווינטערדיקער הימל. קאַלט“.

עס זעט אויס אזוי, פּונקט ווי לייוויק וואָלט מיט דער לאַפּידאַרישער פאָרם און ספּעציפישער לעקסיק („דעם פריִערדיקן „כלאם“... ירושה־שימל“...) פון זײַן „ליטעראַרישעס“ געפּרוּווט סטיליזירן פאַר אונדז א מין „ליטעראַרישן מאַניפעסט“, פון די פוטוריסטן לעמאַשל, וואָס האָבן געהאַט געשריבן: „פּושקינען, דאָסטאָיעווסקין, טאָלסטאָיען און אַנד. און אַנד. — דאַרף מען אַראָפּוואַרפן פון דער הײַנטצײַטיקײַט־שיף...“; פּונקט ווי לייוויק וואָלט אָט דעם ניהיליזם, אָט די ביטל־באַציִונג צו דער ירושה פון דער פאַרגאַנגענהײַט צוגעשריבן אויף דער נײַער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

נאָר צי איז טאַקע אזא אונדזער באַציִונג צו דער ליטעראַרישער ירושה? דערויף האָט לייוויקן פּרײַנטלעך געענטפערט מוישע ליטוואַקאָוו:

„מיר אין ראַטנפאַרבאַנד באַציִען זיך ניט מיט ביטל צו אונדזער ליטעראַרישער ירושה. קאָמוניסטן באַציִען זיך איבערהויפּט ניט מיט ביטל צו קולטור־ירושה, אַף וויפל עס ליגן טאַקע אין איר אָנגעזאַמלט ווירקלעכע קולטור־ווערטן. צוגיין צו א קולטור־ירושה מיט א מאַרקסיסטישן אַנאַליז און אויפדעקן איר סאָציִאַלע אָפּשטאַמונג און באַטײַט הייסט ניט אָפּלייקענען זי, נאָר אַדרבא פאַרפעסטיקן פאַר איר א באַשטימט אָרט אינעם קולטור־באַוווסטזײַן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. אזוי האַנדלען אויך מיר, ייִדישע קאָמוניסטן, לעגאַבע געיאַרשנטע ייִדישע קולטור־ווערטן“.

באַשטרײַטנדיק לייוויקן, פּרוּווט אָבער צומאָל ליטוואַקאָוו אַרונטערוואַרפן די ירושה פון דער ייִדישער קלאַסישער ליטעראַטור אונטער אזא קריטישער אָפּשאַצונג, אַז עס קאָן זיך דוכטן, אַז לייוויק האָט אָנגעטאַפּט א ווירקלעכן פאַקט.

געווען בא ליטוואַקאָוון, בא זײַן גאַנצער אַכטונג צו אונדזער ליטעראַרישער ירושה, אָפט צופיל אָפּלייקענערישער פּאַטאָס, איבעריקער ריגאָריזם. דאָס האָט זײַנע סיבעס. די ייִדישע ליטעראַטור האָט גענדאַרפט ווערן א סאָוועטישע. זי האָט געדאַרפט שאַפן נײַס סײַ אין אינהאַלט, סײַ אין פאָרם. זי האָט געדאַרפט געפינען איר אינערלעכן צענטער. האָט ליטוואַקאָוו געוואָרנט, מע זאָל איבעריקס זיך ניט לאָזן „פאַרפּלייצט ווערן פון דער ירושה פון דער ייִדישער קלאַסישער ליטעראַטור“. דערבײַ האָט ער פאַרשטאַנען: „עס וועט נאָך קומען א צײַט, ווען די נײַע ליטעראַטור וועט האָבן דורכגעפירט איר פּיאָנערישע אַרבעט, דאַן וועט זי קאָנען האָבן א מער רויִקע און פּרוכטבאַרע שײַכעס צו דער ליטעראַרישער ירושה“.

און ווי דאַרף זײַן אונדזער באַציִונג צו דער ייִדישער ליטעראַטור פון אויסלאַנד? סאַקע אזוי — „די וואַרשעווער אָפּגעמעקט; די ניו־יאָרקער — אָפּגעשניטן“?

ליטוואַקאָוו האָט דער ערשטער אין אונדזער קריטיק פאַרשאַרפט די פראַגע וועגן דער קלאַסן־דינאַמיק אין דער ייִדישער ליטעראַטור, דער ערשטער דערקלערט: די ייִדישע ליטעראַטור איז ניט קיין ליטעראַטור פון קיין אײַנהײַטלעכן שטראָם.

אינעם שטרײַט „מיר און אויסלאַנד“ איז ליטוואַקאָוון, ווי אַלע אונדזערע סאָוועטישע שרײַבער, פרעמד געווען „סנאָביזם“ (אזוי האָט לייוויק באַצייכנט דאָס קלוימערשטע קוקן פון אויבן אַראָפּ אַף דער ייִדישער ליטעראַטור אין אויסלאַנד). ליטוואַקאָוו האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געוואָרפן אַלץ מיטאַנאַנדער אין איין בינטל. צווישן די „ניו־יאָרקער“ זײַנען געווען אויך אונדזערע פרײַנט, פּראָגרעסיווע שרײַבער, וואָס האָבן פאַרבונדן זייער ליטעראַרישן גורל מיט דער קאָמוניסטישער „פרײַהײַט“. און „די קאָמוניסטישע באַוועגונג, — האָט געשריבן ליטוואַקאָוו, — ברענגט מיט זיך אויך גאָר נײַע, אומבאַגרענעצטע מעגלעכקײַטן פאַר קונסט־שאַפונג“.

נאָר צווישן די „ניו־יאָרקער“ זײַנען געווען אָפּגאַנגשרײַבער, וואָס האָבן פאַרבונדן זייער „שיקזאַל“ מיטן גענלך „פאָרווערטס“. עס האָבן ניט געקאָנט אויסרעכענען אַף אונדזער אַנערקענונג יענע שרײַבער, וואָס האָבן זיך געפּרוּווט פאַרפעסטיקן אין „שוצגראָבנס פון הוילער עסטעטיק“, פאַרוואַנדלענדיק זיך אין א „קאַסטע“, אין א „באַגרענעצטן פאַך“. דעם ייִדישן סאָוועטישן שרײַבער איז אָרגאַניש פרעמד געווען סײַ זייער ווערסיפיקאַטאָרישע „יוּוועליר־אַרבעטס“, סײַ זייער אינדיווידואַליסטישע „איך“־גריבלערײַ.

דאָס זעלבע וועגן די „וואַרשעווער“. ליטוואַקאָוו האָט געהערט, ווי „דאָס אונטערערדישע קנאַלן פון דער קינפטיקער רעוואָליוציע אין פּוילן דערגייט אָפּט דורך געשלענגלטע וועגן אויך צו דער ייִדישער ליטעראַטור“. זײַן אויפמערקזאַמקײַט האָבן צוגעצויגן יענע שרײַבער, וואָס האָבן זיך געווענדט צום „דעק“ פון דער געזעלשאַפט, ווי, לעמאָשל, אויזער וואַרשאַווסקי („שמוגליאַרעס“), א. מ. פוקס („אונטערן בריק“) אאַוו. נאָר אין פּוילן איז שוין געשטאַנען „א טשאַד פון ייִדישיסטישן בוימל“, פון „באַטלאָניש־ראָמאַנטישן מיסיִאָניזם“ און „באַלעבאַטישער צערטלערײַ“. דאָס דאָזיקע אין די „וואַרשעווער“ האָט די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור אוודאי באַקעמפט, ווײַל שוין „אָפּן ראַנד פון אָנהייב“ איז זי געווען א ליטעראַטור פון גאָר א נײַעם שניט.

„מיר זאַמלען נאָך ציגל צו ציגל, „א שטיין צו א שטיין“, — האָט געשריבן ליטוואַקאָוו, — מיר מאַכן נאָך „פּראָסטע טריט“. מוז די ליטעראַטור שאַפן און אָפּוואַרפן, זיך גרופּירן און איבערגרופּירן זיך. פון דעם שטאַנדפּונקט קאָנען מיר פאַר זיך נאָך ניט זאָגן, אַז מיר האָבן שוין א ליטעראַטור. אָבער פאַר אײַך, כ' לייוויק, פאַרן ייִדישן אויסלאַנד, האָבן מיר שוין א סאַך, זייער א סאַך. מיט אזעלכע דיכטער, ווי ליפע רעזניק און איציק פעפער, ווי פינינבערג און קושניראָוו, ווי האַלקין און כאַריק, אַדער פון אַן אַנדער פלאַסט, ווי ראַבין, טייף און כאַיִם לעווין (ניט איבערעכענענדיק די אַנדערע), מיט אזעלכע עקספּערימענטירנדיקע בעלעטריסטן, ווי גאָדינער און מייעראָוויטש... קאָנען מיר שוין לעגאַבע אויסלאַנד אַרויסטרעטן און זיי דעמאָנסטרירן“.

כאָטש „ניט איבערעכענענדיק די אנדערע“, דערונטער אפילע גרונטלייגער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, ברענגט ליטוואקאָוו א פילפארביק צעטל נעמען, — פאָרשטייער פון פארשיידענע ליטערארישע דוירעס און פון פארשיידענע פלאסטן, — אף וועלכן ער האָט אמבעסטן געקאָנט באווייַזן די ליטעראטור, „וואָס אָריִענטירט זיך צום ערשטן מאָל אקטיוו אף יעדן טראָט פון לעבעדיקן לעבן“.

צו דעם דארף מען נאָך צוגעבן דאָס, וואָס ליטוואקאָוו האָט בא אן אנדער געלעגנהייַט שוין געזאָגט וועגן אונדזער ערשטן דאָר אָקטיאבער־דיכטער:

„אַשער שווארצמאן און קוויטקאָ, האָפשטיין און מארקיש, — דאָס זייַנען אלץ קינדער פון דער אופגערודערטער מאסע, פון נייַע שיכטן, וועלכע פארמאָגן גאָר א נייַע און אייגענע שפראך, נייַע און גאָר אייגענע אויסדרוק־מיטלען... וועגן אזא שעפע קלאנגען, אזא פארבן־שפיגל, אזא שלאל ריטמען, וועגן אזא רייַכער אינסטרומענטירונג, ווי בא ניסטערן, אַשער שווארצמאנען, קוויטקאָן, האָפשטיינען און מארקישן, האָבן מיר, אָקאָרשט האלטנדיק בא דאָוויד איינהאָרנס „שטילע געזאנגען“, אפילע ניט געטרוימט“.

לייוויק האָט געהאט א שוואכקייַט צו „פראָסטיקער ווייַסקייַט“... „די טעג פון מייַן לעבן — מייַנע ווינטערס“, „שנייען, מייַנע לידער“... עפשער דערפאר האָט ער אויך דערזען איבערן „ראנד פון אָנהייב“ פון דער סאָוועטישער ליטעראטור א „ווינטערדיקן הימל“. נאָר ליטוואקאָוו האָט אים געוואָלט פארהיטן פון א טאָעס... אינעם וועטער. איבערן „ראנד פון אָנהייב“ איז געהאנגען ניט קיין „ווינטערדיקער הימל“ — עס האָבן זיך געטראָגן „פרילינגדיקע שטראָמען“...

## ווּהין שטראָמט דער שטראָם?

„שטראָם“ איז געווען דער נאָמען פונעם ליטעראריש־קינסטלערישן זשורנאל, וואָס האָט דער ערשטער אָנגעהויבן זאמלען די קויכעס פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

ביז הייַנט האָט זיך פארגעדענקט: זייַן הילע — פינף גראפיק־אויסיִעס פון מארק שאגאלן, ווּ דער שין אין געשטאלט פון א באלאגאן־מענטשעלע שטייַגט אין דער הייך צו פורימשפּילערישע פענצטערלעך; אַשער שווארצמאנס ווערטער אלס מאָטאָ צום זשורנאל: „נאָר אונטער פעלדזן הער איך רינט און ריזלט פריש א שטראָם“...

אָבער ווי נאָר ער האָט ארויסגעשלאָגן פון „אונטער פעלדזן“, האָט דער שטראָם ניט געשטראָמט מיט קיין גלייַכן וועג. אנדערש גערעדט, דער פּראָצעס פון אידייִיש־קינסטלערישער זעלבסטבאשטימונג פון די שרייַבער, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „שטראָם“, איז געווען א גאנץ קאָמפליצירטער. ווען די רעוואָליוציע האָט אָפגעשטורעמט מיט אירע פייַערן און בליצן און ס׳זייַנען אָנגעקומען די ערשטע טעג פון בויונגס־אינדערוואָכן, האָבן זיך באוויזן געמיטער פונעם „זיידנס יערושע“. פון „אָקטאָבער“־עקסטאז קומט האָפשטיין צו דער „ליד פון מייַן גלייַכגילט“. נאָך רעוואָליוציאָנערע ברויז־לידער פאלט קושנירָאָוו אריין אין „האזקאָרע“־עלעגיע. מע האָט געדארפט זיך פאנאנדערקלייַבן: באטייַט דער זשורנאל „שטראָם“ אן ערעוו פון רעוואָליוציאָנערן אופברויז אין אונדזער ליטעראטור אָדער אן איסרעכאג פון א געוועזענעם אופשטייַג?

אָט די פראגע איז אנטשטאנען פאר מ. ליטוואקאָוון נאָכן ערשטן נומער. דעם ענטפער אף איר האָט ער געזוכט אין די ווייַטערדיקע נומערן.

און ווייַטער האָט זיך ארויסגעוויזן: אין „שטראָם“ צאפּלט דער „נייַ־גייַסט“. דער זשורנאל האָט אָפּט דורכגעפאלן, נאָר דאָס נעמט זיך פון זייַנע זוכענישן. אלנפאלס, איז שוין דער „שטראָם“ געגאנגען פאָרויס, און ניט אף צוריק. „ווּהין שטראָמט דער „שטראָם“? — האָט ליטוואקאָוו געפרעגט און אליין געענטפערט: — ווּהין ער וויל יאָ — איז שווער צו זאָגן, דערפאר איז קלאָר, ווּהין ער וויל ניט. ער וויל ניט צוריק, ער זוכט וועגן, ווי צו אנטלויפן פונעם אלטווארג, פונעם אלטן בארג שיימעס. ניט שטענדיק גיט זיך אים איין דער ווּנטש — אָבער דער שטרעבן איז פאראן“.

סיארא כילעק איז שוין דעמלט געווען צווישן דעם מאָסקווער ייִדישן ליטעראריש־קינסטלערישן זשורנאל „שטראָם“ און דער בערלינער ייִדישער ליטעראריש־קינסטלערישער צייַטשריפט „מילגרוים“, ווּ ס׳האָט געהערשט זעלבסטצופרידענע באלעבעסלדיקייַט, ייִדישלעכער שעמענזאִיס און אומבאגרענעצטע באנאלישקייַט, איבער וועלכער ליטוואקאָוו איראָניזירט אזוי, שפאסנדיק פון דער „סימבאָלישער“ הילע פונעם פראָפעסאָר ע. בעם: „אינמיטן א מילגרוים, וואָס פון איין זייַט שטייט בא אים א טייַבעלע (און עפשער א נאכטיגאל?) און פיקט זייַנע טאריאג[1] קערלעך (די ייִדישע נאציע, וועלכע איז געגליכן צו א טויב, געניסט פון די טאריאג מיצוועס), און פון דער צווייטער זייַט שטייט אף אים א נאכטיגאל (און עפשער א טויב?) און האלט אין מויל א שאָלעםבלעטל (מיר זייַנען דאָך אלע פון איין פאָלק, — פארוואָס זאָלן מיר פעלשן איינער אינעם צווייטן?)“...

וואָס ווייַטער, אלץ מער האָט זיך אויסגעקלאָרט די צילגעוווּנדטקייַט פונעם „שטראָם“, — ניט בלויז זייַן „ווּהין ער וויל ניט“, נאָר אויך זייַן „ווּהין ער וויל יאָ“. דער זשורנאל איז לויט ליטוואקאָווס טרעפלעכן אויסדרוק געווען א מין „עוואקויִר־פונקט פאר שרייַבערישער אידעאָלאָגישער זעלבסטבאשטימונג“. ווען די „עוואקויִרצייַט“ האָט זיך פאר דער נייַער ליטעראטור פארענדיקט, האָט פארענדיקט זייַן עקזיסטענץ דער „שטראָם“. דעמלט זייַנען אופגעקומען נייַע טריבונעס מיט בוילעטערע אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע פיזיאָנאָמיעס — „אָקטיאבער“ און „נייַערד“.

מ. ליטוואקאָוו האָט פאָרגעזעצט נאָכפאָרשן דעם אנטוויקלונגס־וועג פון דער ליטעראטור. די פראגע „ווּהין שטראָמט דער שטראָם?“ ווערט ניט אראָפּגענומען — איצט האנדלט זיך שוין וועגן א שטראָם פון א פארצווייַגטער ליטעראטור.

ער שטעלט פעסט די געזעצמעסיקייַט אין דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור אלס באשטאנדטייל פון דער פילנאציִאָנאלער סאָוועטישער ליטעראטור, — זי איז פארבונדן מיט די געשיכטלעכע אנטוויקלונגס־עטאפּן פונעם לאנד. נאָר דער ליטעראטור־פראָצעס גייט לויט דער „ליניע פון דיפערענצירונג“, אנטפלעקט זיך אין פארשיידענע וואריִאציעס, אין וועלכע ס׳איז צו זען ניט בלויז די פירנדיקע טענדענצן, נאָר אויך די „אמפליטודע פון וואקלונגען“.

מיר וועלן דערמאָנען, אז עס גייט דאָ א רייד וועגן די צוואנציקער יאָרן. אין יענע יאָרן, וואָס זייַנען פאר פיל שעפער געווען א פרווּשטיין פון אידייִישער זעלבסט־

---

[1] — טאריאג (תרי״ג) באטייַט די צאָל 613.

באשטימונג, האָט ליטוואקאָוו געצייכנט די „ליניע פון דיפערענצירונג“. דאָס איז געווען זייער וויכטיק. ס׳האָט נישט בלויז ניט געלאָזט ניוועלירן אין די אויגן פונעם לייענער דאָס אלגעמיינע בילד פון דער ליטעראטור, נאָר אויך אָריִענטירט דעם שרײַבער, געצוווּנגען אים זיך ערנסט פארטראכטן אף זײַן שעפערישן גאנג, געמאָרנט פון געפארן, אָנגעוויזן וועגן. ליטוואקאָווס קריטיק האָט געדינט אלס מעכטיקע שטויס־קראפט פאר בערגעלסאָנס אידייִש־קינסטלערישער איבעראָריִענטירונג — פון אימפרעסיאָניזם צו רעאליזם, פאר דעם ניסטערס נײַע קינסטלערישע אנטפלעקונגען — פון סימבאָליזם צו רעאליסטישער מאָלערײַ. דעם יונגן דאַניִעלן האָט ליטוואקאָוו מיטגעהאָלפן זיך באפרײַען פון דער „פילניאקישער טיראנישער אופווירקונג“, גאָדיִערן — זיך אָפרייניקן פון די „אָפטע ביז לאנגווײַליק שווערע וואָרט־פארקריפלונגען“, קומען צו אויסגעלײַטערטן סטיל „באהעפט מיט קלאָרער אידעאָלאָגיע“.

אינעם באוווּסטזײַן פון אייניקע שרײַבער האָט נאָך דעמלט געלעבט די פאָרשטעלונג, אז דער נײַער אינהאלט קאָן זיך אנטפלעקן אין יעטווידער פאָרם. ליטוואקאָוו האָט אופגעקלערט: „נײַער אינהאלט אין קונסט פאָדערט אומבאדינגט נײַע פאָרם“. די נײַע פאָרם אין אונדזער ליטעראטור איז „געבוירן געוואָרן, ווי א צווילינג־קינד, אָרגאַניש באהעפט מיט א נײַעם אינהאלט“. פאָרמאליזם איז א „בראָכיקע זאך“. בלויזע פאָרם באטײַט, „אז דער קינסטלער פילט באוווּסטזיניק אָדער אומבאוווּסטזיניק אינסטינקטיווע שרעק פאר יעדן אינהאלט, אז ער שטעלט מיט זיך פאָר אן אויסגעליידיקטן „איך“, אז ער ציט זײַן יעניקע פון סאָציִאַל־פארמישפּעטע גרופּן“.

אין דער ערשטער העלפט צוואנציקער יאָרן דערזעט ליטוואקאָוו דעם אָנהייב פון אן „איבערבראָך־מאָמענט“ אין אונדזער ליטעראטור. א. קושניראָוו פארעפנטלעכט נאָך „האזקאָרע“ דאָס ווערק „קינדער פון איין פאָלק“, וואָס איז פול מיט „שטראָמענדיקער פרייד“, מיט „אימפּעט פון אָקטיאבער“. אין כאריקס „מינסקער בלאָטעס“ שפירט ליטוואקאָוו, „ווי א גרויסע רעוואָליוציע קוואליפיצירט און פארטיפט אָרגאנישע עלעמענטן אין א נאַציִאָנאלער ליטעראטור“. איציק פעפערן שיקט ער א „באוועגלעכן גרוס“ פארן אָנהייב פון א נײַעם טאָן, פאר די „פּראָסטע און ווארעמע רייד“, פארן „פרישן גאנג אף שווערן וועג“. דערבײַ, האָט ער באטאָנט, „קומט איציק פעפער אין דער ליטעראטור ניט ארויס פון זיך אליין“ — אָשער שווארצמאן, לייב קוויטקאָ און פּערעץ מארקיש האָבן צוגעגרייט פאר אים דעם באָדן.

אין דער צווייטער העלפט צוואנציקער יאָרן קומט פאָר א גרויסער אופבלי אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. די פּראָזע נעמט שפּילן א פירנדיקע ראָליע. ליטוואקאָוו רופט צו „פארברייטערן די טעמאטיק“, אָפּשפּיגלען „די פּראָצעסן פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג“ — דאָס „רינגעלע, פאר וועלכן מיר דארפן זיך אָנכאפּן, קעדיי צו גיין ווײַטער“.

ער באקעמפט די טרויעריק בארימטע „טעאָריע פון דיסטאנץ“, די טעמפּע כקירעס וועגן דעם, אז דעם קינסטלער גיט זיך ניט אײַן גלײַך צו שילדערן די בויונגס־פּראָצעסן, ווײַל זיי האָבן זיך ניט „אָפּגעזעצט, ניט אָפּגעשטעלט, ניט אויסקריסטאליזירט“. ער ווײַזט, ווי אָט די „עסטעטיק“ ווערט אָפּגעלייקנט דורך די שרײַבער גופע. אלבערטאָן „גייט אין טראָט מיט דער רעוואָליוציע“, אין אָרלאנדס „הרעבליעס“ פילט זיך דער „אָטעם פון בויונג“, עליע גאָרדאָן באווײַזט זיך מיט זײַן „אינטערעסאנט ווערק „ווילדגראָז“, מיט פויערשער טעמאטיק „געגעבן אין א פּראָלעטארישער אופּפאסונג“. פּערעץ מארקיש גלידערט זיך אײַן „אין רעוואָליוציִאָנערן קאָנקרעט“ און הייבט אָן אָנצילעווען זײַן „ברויזנדיקן טאלאנט צו געבן גרויסע רעוואָליוציִאָנערע לײַוונטן“...

זייער באלערנעוודיק, באזונדערס אין שײַן פון די פּראָבלעמען פון דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער ליטעראטור, איז זײַן באציִונג צו דער ליטעראַרישער יוגנט.

ליטוואקאָוו האָט איינער פון די ערשטע דערפילט דעם נײַעם צאפּל פונעם ליטעראַרישן יונגוואלד, וואָס איז דורשטיק, זוכעריש, דרייסט. אונדזערע איצטיקע שוין באיאָרטע שרײַבער יוסף ראבין און כאָנע ווײַנערמאן קאָנען אויסלייענען בא ליטוואקאָוון וועגן זייער יוגנט פאָלגנדיקס: „אָט איז, לעמאָשל, דער יונגער זעצער ראבין, וועלכער האָט אָנגעהויבן מיט „שטראָם“־שווערמוט און מיט יעדן טאָג אָטעמט ער פרײַ און פריש אָפּ, ארויסווײַזנדיק אלץ מער סימאָנים פון אן עכטן שרײַבער“. „אָט איז ווײַנערמאן, א פרישער „ארבעטער־פויערשער“ יוגנט־דיכטער, וואָס דערווײַל „פעפערט“ ער און „כאריקט“ נאָך, אָבער שוין מיט אייגענע פּערספּעקטיוון“...

אין מוישע טייפס ליד „זאָל אומעט פאר עמעצן שפּינען פון קרעפּ און פון זאנגען א קראנץ, — פאר מיר איז מײַן לאנד א באגינען און ברייט ווי א דאָרפישער טאנץ“ — הערט ליטוואקאָוו א „יונג און מונטער געזאנג.

עכטן יוגנט־ברויז האָט ליטוואקאָוו געקענט אָפּטיילן פון ליטעראַרישע „קונדייסים־שטיק“, ווען רייץ פון יוירונג ווערט פארביטן אף איבערגעטריבענעם דראנג צו אויסערלעכקײַט, אף א „נעטיִע באלד צו מאכן פון אלץ א קלישע“. „ווילט זיך מיר דעם יונגוואלד ווינטשן און... וואָרענען: — האָט געשריבן ליטוואקאָוו, — היט אײַך, כעוורע, פאר קלישע! זעצט ווײַטער פאָר אומבאצווּנגען אײַער שפּילעוודיקע יוגנט־שאפונג! פארהיט אײַער קאָמוניסטישע פרישקײַט, אָבער פארפעסטיקט און דערגאנצט זי דורך טעאָרעטישן שטודירן דעם לעניניזם“.

ניט יאָגן זיך נאָך „בעקיוונדיקער אויסטערלישקײַט“, „ניט מאנירעווען“, ניט „קאָקעטירן מיטן שרײַבער־באַרוף“ און ניט זוכן פאר אים „עפּעס אזוינס, וואָס זאָל לאָפּטשען“, — אזעלכע זײַנען געווען ליטוואקאָווס וואָרענונגען צו א יונגן שרײַבער. און וואָס דערמאָנט עס אונדז? אין די וואָרענונגען, וואָס אונדזער סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקײַט האָט איצט געמוזט מאכן יענע יונגע שרײַבער, וואָס האָבן זיך ארויסגעשלאָגן פון גלײַכן וועג.

שטעלנדיק די פראגע וועגן דער שעפערישער צוזאמענארבעט פון די „עלטערע“ און „יונגע“, שרײַבט ליטוואקאָוו: „און וויל זי (די „עלטערע“ ליטעראטור — מ.נ.) האָבן א ווירדיקן יוירעש און פאָרזעצער, דארף זי ארבעטן איבער דער אייגענער אינטעלעקטועלער קולטור — אין דער ערשטער ריי און פריִער פאר אלץ איבער דער אייגענער מארקסיסטיש־לענינישער דערציִונג“. די דאָזיקע ווערטער רופן זיך איבער מיט איינער פון די פּארטייִשע גרונט־אײַנשטעלונגען אין ליטעראטור־געביט אפן איצטיקן עטאפּ פון אידעאָלאָגישער ארבעט.

# די קלאסישע מעסוירע

ליטוואקאָוו האָט געהאט א באזונדערן כוש פאר דעם נייַעם אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראטור. „די נייַע מעסוירע: מענדעלע מויכער־ספאָרים, שאָלעם־אלייכעם, י.־ל. פערעץ“ — אזוי הייסן זייַנע ליטעראריש־קריטישע פראגמענטן, וועלכע ער שרייַבט אין די יאָרן 1910—1917. „א נייַער אָנהייב“ — אונטער אזא נאָמען פארעפנטלעכט ער מיט פופציק יאָר צוריק זייַן ארטיקל וועגן א. וויַיטערן, ש. אשן, ד. בערגעלסאָנען און ד. קאסעלן.

אָט די ארטיקלען שטעלן מיט זיך פאָר דעם ערעוו פון דער מארקסיסטישער ייִדישער ליטעראטור־קריטיק.

ליטוואקאָוו איז ניט געווען קיין ליטעראטור־פאָרשער, ער איז געווען א צו אומרויִקע נאטור פאר ליטעראַרישער אנאטאָמיע. נאָר מערקווירדיק, ווי ער האָט געקענט די ליטעראטור, אירע שרייַבער און ווערק. ווי „לייַכט“ און באהאוונט מאכט ער זייַנע שפאציר־גענג אין די טיפע לאבירינטן פון קינסטלערישן שאפן, אָנגעהויבן פון זייַנע פארבאָרגענע וועגן און געענדיקט מיט זייַנע ברייטע מאגיסטראלן.

וואָס זשע האָט ליטוואקאָוו אנטדעקט אין דער מעסוירע פון אונדזערע קלאסיקער?

מענדעלע איז ניט אראָפּגעפאלן פון הימל. ער איז דער „געניִאלער מעסאדער און ליטעראריש־קינסטלערישער סאכאקל־מאכער“ פון א פארגאנגענער ליטעראַרישער עפּאָכע און אָן „אויסגאנג־פונקט פאר א נייַער אנטוויקלונג“. אָט דער טעזיס איז געוואָרן איינער פון די גרונט־טעזיסן אין דער וויַיטערדיקער מארקסיסטישער מענדעלע־פאָרשונג, שטויסנדיק צו באטראכטן מענדעלעס שאפן אין שייַן פון ליטעראַרישע טראדיציעס.

אָן אויסגאנג־פונקט פאר א נייַער אנטוויקלונג זייַנען אין מענדעלעס שאפן געוואָרן די סינטעטישע פאראלגעמיינערונגען, וואָס דערהייבן זיך צו עכט־קינסטלערישע סאָציִאלע קאטעגאָריעס, דער ברייטער פארנעם פון רעאַליזם, די שילדערונג פון אויסגעשטאנענעם לעבנסשטייגער און פון דער פאָלקסמאסע — מענדעלעס הויפּט־פערסאָנאַזש, אין וועלכן ער האָט „געכאפּט זייַן פארבאָרגענעם ציטער, אונטערגעהערט זייַן צאר און האָט דערפילט זייַן באגרענעצטקייַט“.

צו די אויצרעס פון שאָלעם־אלייכעמס שאפן האָט די קריטיק ניט מיטאמאָל געפונען דעם שליסל. ליטוואקאָוו איז אויך ניט געווען קיין אויסנאם, קאָלזמאן ער האָט זיך געהאלטן באם טעזיס, אז „שאָלעם־אלייכעם איז א גאוניִשער טאלאנט אָן א גאוניִשער אידיי“. נאָר ווער עס האָט בא ליטוואקאָוון ניט געקאָנט נעמען דאָס פּאראַדאָקסאלע וועגן שאָלעם־אלייכעמען, האָט דאָך ניט געקאָנט אָפּזאָגן זיך פון יענע כאראקטעריסטיקעס, וואָס ליטוואקאָוו גיט נאָך אין זייַן יוגנט־פעריִאָד דעם גרויסן פאָלקס־שרייַבער, כאראקטעריסטיקעס, וואָס פירן אין דער טיף, אין דער וויַיטער טיף פון דער מערקווירדיקער שאָלעם־אלייכעם־דערשייַנונג, „ווען ליטעראטור ווערט דירעקט מעגוּלגל אין לעבן“ און בלייַבט דאָך — „ליטעראטור, און גרויסע ליטעראטור“.

„די גרונט־שטריכן פון שאָלעם־אלייכעמס דיכטונג זייַנען טרוימערייַ און סקעפּסיס, וואָס פון זייער אייגנארטיקער באהעפטונג קומט ארויס די לירישע איראָניע, דער ליריש־ייִדישער הומאָר. די טרוימערייַ גיט צו דעם סקעפּסיס א האָפענונגספולן כאראקטער, זי לאָזט אָפן די טיר פאר דעם אייביקן: „טאָמער יאָ?“ דער סקעפּסיס פירט אראָפּ דעם „אפן הימל א יאריד“ אף דער ערד און פארוואנדלט דאָס מאמאָשעסדיקע לעבן אליין אין א טרוים, אין א פראגע־צייכן. אָט דאָס כאָלעמען, וואָס באפליגלט מיט האָפענונגען דעם צווייפל, אָט דער צווייפל, וואָס איז גרייט צו לייקענען בייסמייַסע אין די כאלוימעס, גיבן אין זייער זיווּג די טיפסטע איינפאכקייַט, דאָס עלעמענטארע, וואָס ווערט אָפט גאוניִש“.

גלייבט מען דען נאָך אזא כאראקטעריסטיק אין דעם, אז שאָלעם־אלייכעם איז א „גאוניִשער טאלאנט אָן א גאוניִשער אידיי“?

דאָס ארטיקל וועגן י.־ל. פערעצן האָט ליטוואקאָוו געשריבן מיט גרויס קאוואָנע. ער זעט פערעצן א פארגאפטן באם אלטן ביכער־שראנק פון דער פילדוירעסדיקער נאציִאָנאלער קולטור. אָבער ניט דאָס שטילע גערויש פון הייליקע שיימעס, נאָר דער רוישיקער שטראָם פון פאָלקס־שעפערישקייַט דערטראָגט זיך צו זייַן שארפן געהער, און ער פילט דעם לעבעדיקן ציטער פון די מאסן.

כאראקטעריסטיש, וואָס ליטוואקאָוו באטאָנט דעמלט גראָד די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין פערעצעס שאפן: זייַנע „טיפע און באצויבערנדיקע פרווון צו געפינען דעם סאָציִאל־פסיכאָלאָגישן סאָד פון אונדזער היסטאָרישער „גאָלדענער קייט“, די „קעלער־דראמעס“ און „קעלער־קאָנפליקטן“, וואָס זייַנען אויסגעדריקט אין א „שיינער און טיפער פאָרם“, זייַן „סאָציִאלן פאטאָס“, וואָס פירט „צו די קוואלן פונעם דעמאָקראטישן פאָלקס־ראמאנטיזם מיט זייַנע סאָציִאלע באפרייַונגס־מאָטיוון“, זייַן אומגעהייערן באטייַט אלס „אָנזאָגער פון דער נייַער נאציִאָנאלער וועלטלעכער קולטור“. דאָס, וואָס מע קאָן אין פערעצעס ווערק געפינען „די טיפסטע פאראלגעמיינערונג פון אונדזער נאציִאָנאל־היסטאָרישער דערפארונג“ און אין דער זעלבער צייַט „קיינמאָל זיך ניט דערפילן איזאָלירט און אָפּגעטיילט פונעם אלמענטשלעכן קוואל“, — אין דער דאָזיקער „קינסטלערישער און קולטורעלער צוויי־איינייקייַט“, האָט ליטוואקאָוו געהאלטן, „ליגט פערעצעס צויבער־קראפט“.

ליטוואקאָווס ארטיקלען וועגן אונדזער קלאסיק זייַנען געוואָרן א מין טראמפּלין פאר וויַיטערדיקע פאנאנדערארבעטונגען. אינעם שאפן פון נ. שטיף, מ. עריק, מ. ווינער, י. דאָברושין, א. גורשטיין, י. נוסינאָוו, נ. אויסלענדער ווערן אנטוויקלט א סאך ארויסזאָגונגען און טעזיסן ליטוואקאָווס, לעמאָשל: וועגן „אינווייניקסטן ריטם“ און „הויכן גאנג“ פון דער אלטער ייִדישער ליטעראטור, וועגן איר פּאָעזיע און פּראָזע, דיִאלאָגן, מורסער־זאָגן און אָנקלאָגן, מיסטישע לעגענדעס און נאיִווע כקירעס, אָריִענטאלישן עמונע־גאנג, דורך וועלכן ס׳רייַסן זיך דורך וועלטלעכע מאָטיוון; וועגן מענדעלעס אינהאלט און סטיל, ווו עס באהעפט זיך אייגנארטיק „דאָן־קיכאָטערייַ“ מיט „סאנטשאָ־פאנטשערייַ“, נאיִווקייַט און פיקכעס, פארגליווערטקייַט און פארבאָרגענער ציטער; וועגן שאָלעם־אלייכעמס טרוימערייַ און סקעפּסיס, וועגן זייַן לירישן הומאָר, קינסטלערישע אנטדעקונגען אאוו.

אונדזער קריטיק האָט גענומען בא ליטוואקאָוון א סאך, אויסער די פאראדאָקסן. אף איינעם פון זיי — אז „שאָלעם־אלייכעם איז א גאוניִשער טאלאנט אָן א גאוניִשער אידיי“ — האָבן מיר שוין אָנגעוויזן, אין יאָרן ארום האָט ליטוואקאָוו צוליב עפּעס א מיספארשטייעניש ווידער איבערגעכאזערט, אז שאָלעם־אלייכעם „האָט אידעאלאָגיש אינערגעץ ניט געפירט. שאָלעם־אלייכעם

פלעגט באַקומען זײַן אידעאָלאָגישן טיקן שוין פונעם לעזער".

אינעם אַרטיקל „יערושע און העגעמאָניע" פון יאָר 1926 שטעלט ליטוואַקאָוו פעסט דעם ווערטפולן סאָציאָלאָגישן עקוויוואַלענט פון מאָריס ווינטשעווסקיס, עדעלשטאַטס און באָוושאָווערס דיכטונג און טוט פלוצעם א זאָג, אז זי איז „גיכער א געמאַכטע, איידער אַן אָרגאַנישע דיכטונג".

שפּעטער האָט ער אַנערקענט, אז דער אויסדרוק איז ניט קיין ריכטיקער. אָבער אומזיסט האָט ער געפּרוּווט אײַנזען אינעם פּראָטעסט קעגן אָט דעם אויסדרוק א לינקן קנייטש"... ס׳איז געגאַנגען אין גורל פון דער רעוואָלוציאָנערער מעסוירע אין אונדזער דיכטונג. ניין, ניט קיין געמאַכטע, נאָר אַן אָרגאַנישע, נאַטירלעכע און זייער אינטערעסאַנטע — א שיינער רינג אין דער „גאָלדענער קייט" פון אונדזער יערושע!

מע קאָן אָנווײַזן נאָך אף א ריי פּאַראַדאָקסן בא ליטוואַקאָוו, וואָס דערמאָנען אָן די שוואַכקײַטן און קאַפּריזן פון זײַן נאַטור, וואָס פלעגט אָפט מיטאַמאָל יוגנטלעך אויפלאַמען, און אין אַזעלכע מינוטן האָט ער שוין געקאָנט א זאָג טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס איז ניט פרײַ פון רוגזע, ריזיקע, פון גוזמעס און עקסטרעמקײַטן...

פון זײַן אַרטיקל „י.־ל. פּערעץ", וואָס איז געשריבן געוואָרן צו פּערעצעס צענטן יאָרצײַט, אין מאַרט 1925, קאָן מען זיך ניט אָפּרײַסן באַם לייענען, נאָר ס׳איז שווער מאַסקים צו זײַן מיט דער קאָנצעפּציע. לויטן סטיל איז דאָס איינס פון זײַנע שענסטע אַרטיקלען. נאָר צוגלײַך מיט די גלענצנדע סינטעטישע פּאַראַלגעמיינערונגען, אַפאָריסטישער אָפּגעשליפנקײַט, טרעפן מיר דאָ אויך ליטוואַקאָווס פּאַראַדאָקסן.

דער נײַער לייענער פאַרשטייט, שרײַבט ליטוואַקאָוו, אז „אָן פּערעצן דאַרף מען זיך ניט באַגיין, אָבער אין דער זעלבער צײַט פילט ער, אז אָן פּערעצן קאָן ער זיך באַגיין"...

מיר לייענען און שטוינען: איז פּערעצעס אײַנפלוס טאַקע בעעמעס „אַזוי גיך און אַזוי אומבאַמערקט צעפלאָסן געוואָרן, ניט איבערלאָזנדיק נאָך זיך קיין באַשטימטן אָפּזאַץ ניט פאַרן נײַעם שרײַבער און ניט פאַרן נײַעם לעזער"? איז ער פאַרבליבן אין דער ליטעראַטור בלויז „ווי א בליץ־דערינערונג"? איז ער טאַקע ניט מער, ווי „א זייכער פון דעם, אז „אַמאָל איז געווען א מיילעך"?.. ניין, פאַרשטייט זיך! מעג מען דען פּערעצן אַזוי אָפּגעבן דער געשיכטע?..

„פּערעץ איז א האַרבע פּראָבלעם אין אונדזער ליטעראַטור". א האַרבע פּראָבלעם איז פּערעץ געווען ניט אַזוי פאַר דער ליטעראַטור, ווי פאַר ליטוואַקאָוון, וואָס האָט איבער א סכעמע זיך ניט געקאָנט דערקלײַבן צום „אויב ניט נאָך העכער" פון פּערעצעס שאַפן... ווײַל אין דער סכעמע האָט ער געפּרוּווט צונויפפּאָרן זײַן גרויסן יִראַס־האַקאָוועד צו פּערעצן מיט אײַנגעזאַקשנטער אינערלעכער נעטיִע פון אים זיך „אָפּשטויסן". נאָר ווי ער זאָל דאָ ניט וועלן זיך אָפּשטויסן פון פּערעצן, פילן מיר גראָד זײַן נאָענטקײַט צו אים.

עפּשער דערפאַר, לייענענדיק זײַן באַרימט אַרטיקל וועגן פּערעצן, דוכט זיך מיר אַלץ, אז דאָס וויכטיקסטע, וואָס ליטוואַקאָוו האָט געזאָגט וועגן פּערעצן, קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן אים אַליין:

„א סטיל־לערער, אַן אידייען־שרײַבער, אַן אינטעלעקט, א פּערזענלעכקײַט, א פאַרקערפּערטער גײַסט־אומרו, — אָט וועמען מיר ערן שטענדיק".

## „אַף צוויי פראָנטן"

איך געדענק א שטורמישע שרײַבער־פאַרזאַמלונג אין די דרײַסיקער יאָרן, אַף וועלכער ליטוואַקאָוו איז אַרויסגעטראָטן. ווי אַלע מאָל האָט ער גערעדט ניט פאַרשטעלט, אָן דריידלעך און באַוואָרענישן, א ביסל היציק, צעשאָטן בליץ־געדאַנקען, געשפּרודלט מיט שאַרפזין.

זײַן אַרויסטרעטונג האָט געמאַכט א שטאַרקן אײַנדרוק, און בלויז עטלעכע געטראָפענע פון זײַן טעמפּעראַמענט, וועמען ס׳האָט זיך א גאַנץ לעבן געדוכט, אז איבער ליטוואַקאָווס שולד איז פאַר זיי פאַרמאַכט דער וועג אין פּאַנטעאָן אַרײַן, האָבן קרענקלעך רעאַגירט אַף זײַן קריטיק.

דער געוויסנהאַפטער אַרן גורשטיין, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען אַף דער זײַט פון גערעכטיקײַט, האָט אויך דאָס מאָל ניט געקאָנט פאַרלײַדן די אַוולע.

— קאָן דען דער וועטער האָבן טײַנעס צום באַראָמעטער? — האָט ער געטײַנעט אַף זײַן בילדערישן און דורכדרינגלעכן שטייגער. — ליטוואַקאָוו איז דער פּילבאַרסטער באַראָמעטער אין אונדזער ליטעראַטור.

אַוודע איז דאָס געווען טרעפלעך געזאָגט, נאָר ליטוואַקאָוו האָט ניט בלויז פיקסירט דעם ליטעראַרישן פּראָצעס, — ער האָט זיך אין אים אַקטיוו אַרײַנגעמישט. א סאַך יאָרן האָט ער געקאָנט ניט מיד ווערן צו נאָכפאָרשן דעם וועג פון א שרײַבער. עס דערמאָנט זיך, ווי אָנגעשטרענגט ער איז נאָכגעגאַנגען דעם ניסטער, האָפנדיק „מיט האַרץ־קלאַפּעניש, אז אָט־אָט וועט דער ניסטער ווערן א ניגלע"... הײַנט זײַן באַציִונג צו האַלקינען, וואָס „איז שיר ניט געוואָרן א קאָרבן פון קרײַזלדיקער פּאָליטיק־טרײַבערײַ"? אין די יאָרן פון סטאַלין־קולט האָבן אייניקע קריטיקער האַלקינען דערקלערט ניט מער און ניט ווייניקער ווי פאַר דער „שטים פון צעיושעטן קליינבירגערטום". ליטוואַקאָוו האָט קעגן דעם שטאַרק דערווידערט, אַרויסטרעטנדיק קעגן וווּלגאַר־סאָציאָלאָגישן מעטאָד פון „אַרויספּליקן ציטאַטן" און דער „שעדלעכער טאַקטיק" פון פאַלסיפיצירן די שאַפונג פונעם שרײַבער.

אין פּרינציפּיִעלע פראַגן פון דער מאַרקסיסטישער קריטיק איז ליטוואַקאָוו קיינמאָל ניט געווען נאָכגיביק. ער האָט ניט דערלאָזט אונטערוקן צום צענטער בײַליטעראַרישע דערשײַנונגען. קימאַט יעדעס אַרטיקל זײַנס איז געווען א געשעעניש אין ליטעראַרישן לעבן. ס׳האָט געווירקט ניט נאָר ווען ס׳האָט זיך באַוויזן, ס׳האָט געווירקט א צײַט לאַנג שפּעטער, איבערלאָזנדיק נאָך זיך נײַע באַגריפן, שלאָג־ווערטער, געפליגלטע אויסדרוקן, וואָס זײַנען אַרײַן אינעם באַוווּסטזײַן און שפּראַך־פאַרקער פון ייִדישן לייענער.

„אלכעט אף א פרעמדער ברוסט".
„א פארשפילטער זעקס־און־זעכציק".
„דער פלאָנטער פלאָנטערט זיך".
„א קלאַפּ אין טיש און א לעק דעם שטיוול".
„ליטקאָמאַנדע און ליטרעכילעס".

אונטער יעדן פון אָט די נעמען פון זײַנע אַרטיקלען אין בוך „אַף צוויי פראָנטן" לעבן אויף געשעענישן, דערשײַנונגען, אינצידענטן, ליטעראַרישע שטרײַטן. אינגאַנצן גענומען איז דאָס בוך „אַף צוויי פראָנטן" א שאַרפער דאָקומענט פון פאַרגאַנגענע אידעאָלאָגישע שלאַכטן אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור אין די דרײַסיקער יאָרן.

א גלענצנדער פּאָלעמיקער, פאַרטיליקט ער די אָנפאַלן פון די „לינקע קוויטשערס“, וואָס זײַנען פריִער באגאנגען פעלערן און נאָכדעם זיך געפּרוּווט שלאָגן „אלכעט אף א פרעמדער ברוסט“.

פון זײַנע פּאמפלעטן האָבן די קעגנער ניט אויסגעהאלטן. איינער א בורזשואזער זשורנאליסט האָט נאָך א באזוך אין מאָסקווע זייער אויסגענומען בא דער רעאקציִאָנערער וועלט מיט זײַן רעכילעס אף די „קליינע צימערלעך“ פון „עמעס“־פארלאג און מיט זײַנע אנדערע באָבע־מײַסעס. נאָר מיר ווייסן, וואָס פאר א פּאָנעם דער זשורנאליסטישער רעכילעס־טרײַבער האָט געהאט נאָך ליטוואקאָווס פּאמפלעט־ארטיקל „ניט געשטויגענע און ניט געפלויגענע אעראָפּלאנען“...

ליטוואקאָוו איז געווען א גלענצנדער סטיליסט. אין דער ייִדישער קריטיק איז ער דער גרעסטער מײַסטער פון אויסדריקן דעם גדאנק טיף און קלאָר, קאָנדענסירט און דורכזיכטיק, קאָנקרעט און בילדעריש, שארפזיניק און מיט גרעסטן קולטור־טאקט.

ניט אלע מאָל מאָטיווירט ער זײַנע גדאנקען, און דאָך איז ער קיינמאָל ניט אבסטראקט, שטענדיק רייצנד, צוציִענד, אפילע ווען איר זײַט מיט אים ניט אינגאנצן מאסקים.

איינער פון ליטוואקאָווס גרעסטע פארדינסטן באשטייט דערין, וואָס ער האָט געהאָלפן אײַנשטעלן דעם שטרענגן געשמאק און די הויכע קריטעריען אין אונדזער ליטעראטור.

מיר האָבן א שטארקע ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור. נאָר לייענען מיר אן אנדערשמאָל א ליד, א דערציילונג אָדער א „קריטיקע“ פון א „צווייטן סאָרט“, דערמאָנען מיר זיך אומבאדינגט אין דעם, אז ליטוואקאָוו האָט ניט אנערקענט קיין ליטעראטור פון „צווייטער מאדרייגע“, פײַנט געהאט „געמאכטע אויסטראכטענישן“, „ורעהוי־בענעם מעליצע־טאָן“, „גוטמוטיקע צעקראָכנקײַט“, „פּרעטענציִעזע פלוידערײַ“, שאפונג מיט „נײַמאָדישע פלעקן“.

דרייט זיך ארום א „שרײַבער“ און קלאפּט יאָרנלאנג אָפּ די טירן פון רעדאקציע, קעדיי אָפּזעצן זײַן ביסל גראפאָמאניע, מוז ער באקומען אן ענטפער מיט ליטוואקאָווס ווערטער: קיינע „פּריווילעגיעס פאר טאלאנטלאָזיקײַט“ פאר שרײַבער, וואָס „לעבן אף קעסט און האָבן ניט קיין אייגן לאָשן“. פארשווענדט א שרײַבער זײַן שעפערישע ענערגיע אף קליינלעכער ליטעראַרישער רײַסערײַ און ליטרעכילעס, הערן מיר ליטוואקאָווס וואָרענונג: „ליטרעכילעס — א פּאסקודנע מידע, וואָס דארף טייקעף אויסגעראָטן ווערן, קעדיי זי זאָל ניט פארוואנדלט ווערן אין א ליטעראַרישער קרענק בא אונדז“. זעען מיר א שרײַבער, וואָס איז פארליבט נאָר אין זיך, אנערקענט ניט קיין אנדערע, דערמאָנען מיר זיך, ווי ליטוואקאָוון איז געווען דערווידער „גאדלעס־מעשוגאס“...

ליטוואקאָוו האָט געשאפן א קריטיק־שול, געשאפן א טראדיציע סײַ אין דער ליטעראטור, סײַ אין טעאטער. דאָס האָט דאָך ער, מוישע ליטוואקאָוו, געהאָלפן מיכאָעלסן זיך אנטפלעקן אין זײַן גאנצער גײַסט־רײַכקײַט! נאָכדעם איז מיכאָעלס געוואָרן פאר דער בינע דאָס, וואָס ליטוואקאָוו איז געווען פאר דער ליטעראטור. צווישן זיי איז געווען אזויפיל אלגעמיינס, אז איינער וואָלט וועגן אנדערן געקאָנט זאָגן: „מײַן צווייטער איך“.

ביידע האָבן געלעבט וווּנדערלעך שיין און בא ביידן האָט זיך אויך דאָס לעבן איבערגעריסן אף א טראגישן אויפן.

ווער עס האָט זיך מיט מוישע ליטוואקאָוון כאָטש א ווײַלע געטראָפן, האָט איבערגעלעבט א געפיל, פונקט ווי ער וואָלט מיטאמאָל ארײַנגעפאלן אין א גרויסער, הויכער, זוניקער וועלט.

---

# א ווערטפולע קולטור־יערושע


ײַך זײַנען די מוזיקאלע אויצרעס פון די סאָוועטישע פעלקער. ווען מע זאָל אף דער מאפּע פון אונדזער לאנד אָפּמערקן אלע צענטרען פון דער מוזיקאַלער פאָלקס־קונסט, אלע נאציִאָנאלע מוזיק־קולטורן, וואָלט מען באדארפט פאנאנדערשטעלן אף איר צענדליקער און הונדערטער צייכנס.

אין דער גאָר ניט ווײַטער פארגאנגענהײַט אָבער זײַנען אף אָט דער מאפּע געווען א סאך ווײַסע פלעקן. אפילע די מוזיקער־פאכלײַט האָבן קימאט גאָרנישט ניט געוווּסט וועגן דעם מוזיקאלן שטייגער פון די פעלקער פון מיטל־אזיע, בײַוואָלגע, סיביר און אנד. די דאָזיקע ווײַסע פלעקן האָבן אָנגעהויבן אָפּגעמעקט ווערן ערשט נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. אין די סאָוועטישע באדינגונגען האָבן די מוזיק־קענער און פאָלקלאָריסטן ענערגיש זיך גענומען זאמלען, פארשרײַבן און פארעפנטלעכן די ווערטפולע מוסטערן פון אינסטרומענטאלע און וואָקאלע שאפונגען פון די פעלקער פונעם סאָוועטנפארבאנד. קעדיי האָבן א באגריף, אין וואָס פאר א מאסשטאב אָט די ארבעט האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט, איז גענוג צו דערמאָנען זיך די פילצאָליקע זאמלונגען פון רוסישע, אוקראיִנישע, קאזאכישע, ווײַסרוסישע, גרוזינישע, ליטווישע, לעטישע און אנדערע פאָלקלאָריסטן, די נײַנבענדיקע אויסגאבע פון דער אוזבעקישער פאָלקסקונסט, די פירבענדיקע פון דער טאדזשיקישער אאוו.

ווען אלעקסיי מאקסימאָוויטש גאָרקי האָט בעשײַטע זיך באקאנט מיט איינער אזא פאָלקלאָר־זאמלונג, האָט ער געשריבן: „די אויסערסט אָריגינעלע מעלאָדיעס זײַנען א רײַכער מאטעריאל פאר די קינפטיקע מאָצארטן, בעטהאָווענס, שאָפּענס, מוסאָרגסקיס, גריגס. פון אומעטום — פון די זיריאנער, בוריאטן, טשוואשן, מאריִער אאוו. — פליסן פאר די געניִאלע מוזיקער פון דער צוקונפט טײַכן וווּנדערלעך שיינע מעלאָדיעס“.

צווישן די סאָוועטישע פאָלקלאָריסטן האָט פארנומען אן אָנגעזען אָרט דער זאמלער און פאָרשער פון דער ייִדישער פאָלקסמוזיק מוישע בערעגאָווסקי (1892—1960). לאָמיר דאָ דערמאָנען, אז אינעם פאררעוואָליוציאָנערן רוסלאנד האָט די ארבעט אף דער ייִדישער פאָלקלאָריסטיק ניט געטראָגן קיין וויסנשאפטלעכן כאראקטער. אין די סאָוועטישע יאָרן האָט זי באקומען אזא פארנעם, אז וועגן דעם האָט מען פריִער אפילע טרוימען ניט געקאָנט. מ. בערעגאָווסקי, א מיטארבעטער פון מעלוכישע פאָלקלאָר־אָרגאניזאציעס, האָט אין מעשעך פון זײַן פיליאָריקער אומדערמידלעכער טעטיקײַט צונויפגע־

זאמלט ארום 7—8 טויזנט מוסטערן פון דער ייִדישער פאָלקסמוזיק. ער האָט פארעפנטלעכט צענדליקער פאָלקלאָריסטישע ווערק, דערונטער אזעלכע קאפּיטאלע, ווי „ייִדישער מוזיקאלער פאָלקלאָר“, מאָסקווע, 1934 (140 לידער אין ייִדיש און רוסיש; א העלפט פון זיי באשטייען פון ארבעטער־לידער און רעוואָליוציאָנערע געזאנגען); „ייִדישע פאָלקסלידער“, קיִעוו, 1938, צונויפגעשטעלט צוזאמען מיט אי. פעפערן; „ייִדישע סאָוועטישע פאָלקסלידער“, קיִעוו, 1940 (ארום 50 מוסטערן) און „ייִדישע פאָלקסלידער“, מאָסקווע, 1962. כוצדעם זײַנען פארבליבן נאָך אים אין מאנוסקריפּט פולשטענדיק צוגעגרייטע צום דרוק פאָלגנדיקע אויספאָרשונגען: „ייִדישער פאָלקסטעאטער — פורימשפּיל“ (אָנגענומען צום דרוק דורכן פארלאג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר“), „ייִדישע אינסטרומענטאלע פאָלקסמוזיק (קלעזמער־קונסט)“ און א זאמלונג פון וואָקאלע מעלאָדיעס אָן ווערטער.

אויסער דער ארבעט פון זאמלען, פארשרײַבן און פארעפנטלעכן די פאָלקלאָר־מאטעריאלן, האָט מוישע בערעגאָווסקי פיל אויפגעטאָן אף צו פאנאנדערארבעטן די וויסנשאפטלעכע מעטאָדן און די ריכט־ליניעס פון דער זאמלערישער און פאָרשערישער טעטיקײַט אין געביט פון ייִדישן פאָלקלאָר. בערעגאָווסקין האָבן אינטערעסירט דעריקער די דעמאָקראטישע מאסן־זשאנרען, וועלכע פּיקסירן די פּראָגרעסיווע שטרעבונגען פונעם פאָלק. ער איז מיט דער גאנצער שארפקײַט ארויסגעטראָטן קעגן די בורזשואז־נאציאָנאליסטישע, קלעריקאל־ציִעניסטישע ריכטונגען אין דער ייִדישער פאָלקלאָריסטיק, קעגן יענע, וואָס שטעלן פאר זיך די אויפגאבע צו „געפינען די העכסטע „אלייִדישע“ אורמוזיק, און אין העסקעם מיט דער דאָזיקער, זיי אליין באוווסטער „אורמוזיק“ בויען די נײַע ייִדישע מוזיק־קונסט. מיט דער איינהײַט און געמיינזאמקײַט פון די „עמעסע“ נאציאָנאל־קולטורעלע ווערטן ווילן זיי דערווײַזן די קלוימערשטע איינהײַט און געמיינזאמקײַט פון דער אלוועלטלעכער ייִדישער (קלאסנלאָזער, פארשטייט זיך) נאציע“ („ייִדישער מוזיקאלישער פאָלקלאָר“, ז. 10).

אין קעגנזאץ צו דער שטרעבונג פון די נאציאָנאליסטן צו שאפן א שייד־וואנט צווישן דעם ייִדישן פאָלקלאָר און די געזאנג־לידער פון אנדערע פעלקער, אין דער ערשטער ריי די רוסישע און אוקראַיִנישע געזאנג־לידער, האָט מוישע בערעגאָווסקי איבערצײַגנדיק דערוויזן, אז אזעלכע קעגנזײַטיקע פארבינדונגען זײַנען נאטירלעך און געזעצלעך. „די נאציאָנאלע ספּעציפישקײַט אינעם מוזיקאלן פאָלקלאָר, ווי אלע דערשײַנונגען פון דער נאציאָנאלער קולטור ביכלאל, — האָט ער געשריבן, — שטעלט מיט זיך פאָר בלויז א היסטאָריש געגעבענע אויסדרוק־פאָרם פאר א באשטימטן סאָציאלן אינהאלט. ווען עס ענדערט זיך דער אינהאלט, ענדערט זיך סאָפּקאָלסאָף אויך די אויסדרוק־פאָרם. פון די אלטע אויסדרוק־מיטלען „בלײַבן לעבן“ און ווערן אויסגענוצט יענע, וועלכע טויגן אמערסטן פאר די נײַע אויסדרוק־באדערפענישן און אנטשפּרעכן דער נײַער אידעאָלאָגיע. פאראלעל מיטן שאפן אייגענע נײַע אויסדרוק־מיטלען, טראָגט מען ארײַבער די געהעריקע אויסדרוק־מיטלען אויך פון דער „קלאנגלעכער“ ארומרינגלונג פון אנדערע פעלקער“ (דאָרט, ז. 11).

אין דער פּראקטיק איז דאָס געזאָגטע באשטעטיקט געוואָרן, צווישן אנדערס, דורך דעם, וואָס אין דער צײַט, ווען מוישע בערעגאָווסקי פלעגט פארשרײַבן בא די ייִדישע מוזיקאנטן פאָלקס־מעלאָדיעס לויט די מאָטיוון פון „קאזאטשקע“, האָבן אנדערע פאָלקלאָריסטן פארשריבן בא דער אוקראַיִנישער באפעלקערונג פון קאמענעץ־פּאָדאָלסקער געגנט געזאנגען אונטערן נאָמען „פריילִיקעס“, וועלכע זײַנען געבוירן געוואָרן אונטערן אײַנפלוס פונעם ייִדישן טאנץ „פריילעכס“. אזעלכע קעגנזײַטיקע ווירקונגען קאָן מען בולעט זען אויך אין די מאסנהאפטע שטייגער־לידער, וועלכע האָבן אײַנגעזאפּט אין זיך די אינטאָנאציעס פונעם רוסישן, אוקראַיִנישן, מאָלדאווישן פאָלקלאָר, פונעם שטאָטישן ראָמאנס. באזונדערס שטארק פילן זיך די דאָזיקע קעגנזײַטיקע ווירקונגען אין די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער־לידער, וועלכע מ. בערעגאָווסקי האָט פארעפנטלעכט. אין זיי הערן זיך מיט דער גאנצער קראפט די אָפּקלאנגען פון די גוט באקאנטע פּראָלעטארישע לידער און הימנען אף פארשיידענע שפּראכן. און דאָס איז ביז גאָר געזעצמעסיק: די ייִדישע ארבעטער האָבן דאָך צוזאמען מיט זייערע ברידער פון אנדערע פעלקער גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. מ. בערעגאָווסקי האָט מיט גרויס פלײַס געזאמלט אזעלכע מוסטערן פון פאָלקסשאפונג, אין וועלכע עס ווערט אף א מוזיקאלער שפּראך פארפיקסירט די פרײַנטשאפט צווישן די פעלקער.

די לעצטע זאמלונג פון מ. בערעגאָווסקי „ייִדישע פאָלקסלידער“, ארויסגעגעבן אין 1962, איז געווידמעט די מאסעווע פאָלקלאָר־זשאנרען. אין איר גייען ארײַן: ליבע־לידער, מישפּאָכעדיק־שטייגערישע (וויגלידער, כאסענע־לידער, הומאָריסטישע אאא.), אינסטרומענטאלע לידער און ניגונים אָן ווערטער — סאכאקל 150 טראדיציאָנעלע פאָלקסווערק, וועלכע זײַנען אין דער גרעסטער מערהײַט ארויסגעשריבן פון פאָנאָגראמעס אָדער געהערט און פארשריבן דורכן צונויפשטעלער גופע.

דאָס אלגעמיינע עמאָציאָנעלע געבוי פון די לידער איז — ליריק, דערלאנגט דעריקער אין טרויעריקע טענער. איינע פון זיי זײַנען געגעבן אין א מיניאטור־פאָרם (סאכאקל אין 8 טאקטן). זייער כיין באשטייט אין דער לאקאָנישקײַט, שיינקײַט און אופריכטיקײַט פונעם מוזיקאלן אויסדרוק. אנדערע זײַנען אנטוויקלטער, רעטשיטאטיוו, אימפּראָוויזאציאָנעל. די זינגלידער דערמאָנען אָפט אין דיאלאָגן צווישן א טאָכטער און איר מאמען, צווישן א טאָכטער און איר טאטן, צווישן א געליבטער פּאָר אדג. ניט זעלטן ווערט דער דערציילונגס־גאנג געפירט אין דער ערשטער פּערזאָן, אין דער פאָרם פון א ווענדונג, באטראכטונג, אָנקלאָגע.

זייער אייגנארטיק זײַנען די כאסענע־לידער. דאָס זײַנען ניט קיין ריטועלע געזאנגען, ווײַל „קיין ייִדישע ריטועלע כאסענע־לידער זײַנען קיינמאָל ניט געווען. דאָס, וואָס מיר רופן אָן נאציאָנאלע כאסענע־לידער, — דאָס זײַנען ניגונים צו טענץ אָדער לירישע און הומאָריסטישע לידער, אין וועלכע עס ווערט דערציילט וועגן אייניקע מאָמענטן פונעם כאסענע־ריטואל“ (דאָרט, ז. 11—12).

גאנץ אָפט באשטייט אזא ליד פון אויסרופן, טראפּן, וועלכע אימיטירן די קלאנגען פון אן אינסטרומענט, אשטייגער: לא־לא־לא, אָדער טא־רא־טי־רי־די־דאם אאוו. בלויז זעלטן הערן זיך אין זיי קורצע לידער־רעפּליקעס פון בעערעך אזא אינהאלט: „שפּילט זשע, שפּילט זשע, קלעזמערלעך, סיאיז שוין טאקע א פּלאן. איך האָב שוין אויכעט כאסענע, כיהאָב שוין אויך א מאן“ (ליד נומ. 45). באוועגלעכע, פריילעכע, ריטמיש־פארשארפטע, פארשײַטע, זײַנען די כאסענע־לידער זייער נאָענט צו אינסטרומענטאלע ניגונים און דערמאָנען רוסישע געזאנגען

פאר טענץ, וועלכע מע שפּילט צו מיט דער צונג, ווען די טענץ ווערן ניט באגלייט דורך אינסטרומענטן.

פּרעכטיק זײַנען די ייִדישע וויגלידער, זיי פאַרמאָגן אַ שיר ווארעמקײַט און צערטלעכקײַט! מיט שפּאָרזאמע קינסטלערישע מיטלען, מיט קארגע, נאָר אויסדרוקפולע אינטאָנאציעס גיבן זיי איבער די טיפע ליבע־געפילן פון א מוטער. ווי פּאָעטיש, אינהאלטלעך און עמאָציאָנעל עס קלינגט, לעמאָשל, אזא ליד: „דעם קייסערס אויצרעס מיט דער גאנצער מעלוכע וואָלט בא מיר אויך ניט געווען אזוי ניכע, ווי דו ביסט בא מיר טײַער, מײַן וועלט, מײַן שײַן. איך גיב אף דיר א קוק, מיין איך, די וועלט איז מײַן“ (ליד נומ. 60).

א גרויס אָרט אינעם אלטן ייִדישן פאָלקלאָר פארנעמען די מאָטיוון פון אומעט, איינזאמקײַט, אָרעמקײַט, ביטער מאזל. אין דער זעלבער צײַט פילט זיך אין די לידער אָפּטימיזם און פאָלקס־הומאָר. דורך דער פּריזמע פון הומאָר קומען צום אויסדרוק שארפע סאָציאַלע טעמעס. אָט לייענען מיר אין דער ליד נומ. 67 וועגן אן אָרעמאן, וואָס גייט קרוע־בלוע. ער טרוימט וועגן א „פּידזשעקעלע פון נײַעם געוואנט“. נאָר דאָס פּידזשעקעלע, „איר מעגט מיר גלייבן, מע קאָן עס ניט נעמען אין דער האנט“, דעריבער האָט ער פון אים „א קאַפּאָטקעלע געמאכט“. פון דעם קאַפּאָטקעלע האָט ער „הייזעלעך געמאכט“, פון די הייזעלעך „א קאמזוילעכל“, פון קאמזוילעכל — „א זשילעטקעלע“. דאָס זשילעטקעלע קאָן מען שוין ניט איבערמאכן, מע קאָן עס נאָר ארײַנלייגן אין א קעסטעלע און באגראָבן אין דער ערד. דערמיט ענדיקט זיך די ליד וועגן דעם טרוים פונעם אָרעמאן.

ברייט פארשפּרייט איז געווען די ייִדישע קלעזמערקונסט. אין א קאפּעלע קלעזמער זײַנען אָפּט געווען 2—3 פידלען, א וויאָלאָנטשעל אָדער קאָנטראבאס, א פלייט, קלארנעט, טראָמפּייט, א קליינער פּויק. די קלעזמער־קאפּעלע פלעגט ארויסטרעטן דעריקער אף כאסענעס. „זי האָט זיך געהאלטן אף אינסטרומענטאלער מוזיק, וועלכע האָט אויסגעפילט די ראָליע פון א מין אָרגאניזאַטאָר פון דעם גאנצן פּראָצעס... דער קלעזמער־רעפּערטואר האָט פארמאָגט הונדערטער ווערק, צווישן וועלכע מע קאָן טרעפן גלענצנדיקע מוסטערן“ (דאָרט, ז. 22).

די טאנץ־ניגונים „פריילעכס“, „שער“, „סקאָטשנע“ (טענץ מיטן נאָמען „סקאָטשנע“ זײַנען באוווּסט אויך צווישן אייניקע סלאווישע פעלקער) זײַנען כאראקטעריסטיש מיט זייערע שנעלע באוועגונגען (דער טעמפּעראַמענט וואקסט אָן אופהער ביזן סאמע סאָף פון דער ליד), בוילעטער ריטמיק, איבערכאזערונג פון די מעלאָדישע טיילן, סימעטרישקײַט פון דער סכעמע אאוו. אנדערע אינסטרומענטאלע ווערק פון א גרויסן מאסשטאב, אשטייגער „דאָינא“, „מאזלטאָוו“, „דאָברידיען“, טיש־מעלאָדיעס, זײַנען פארשיידנארטיק לויט דער עמאָציאָנעלער באפארבונג און אימפּראָוויזאציאָנעל לויט דער סטרוקטור, ווי די ניגונים, וועלכע מיר באגעגענען בא די מאָלדאוואנער און בא די טראנסקאווקאזער פעלקער.

די ניגונים אָן ווערטער, וואָס לויט זייער אלגעמיינעם כאראקטער, זייערע אויסדרוק־מיטלען, מעלאָדישער צייכענונג שטייען זיי נאָענט צו אינסטרומענטאלע פּיעסן, ווערן געוויינלעך אויסגעפילט מיט דער הילף פון די קלאנגען „נא“, „באם“, „רא“, „לא“. אין גרעסטן טייל זײַנען זיי באוועגלעך, טאנצפּייִק. עס זײַנען אָבער פאראן אויך אנדערע ניגונים — לירישע, פײַערלעכע, דראמאַטישע. די ברייטע פארשפּרייטונג פון אָט דעם פאָלקלאָרזשאנער דערקלערט מ. בערעגאָווסקי דערמיט, וואָס לויט די רעליגיעזע פאָרשריפטן טאָר מען שאבעס און יאָמטעוו ניט שפּילן אף מוזיקאלע אינסטרומענטן. פלעגט מען דעם פידל, דעם קלארנעט, טראָמפּייט פארבײַטן אף ניגונים אָן ווערטער, צוגעבנדיק די ניגונים די שטריכן פון אינסטרומענטאליזם. א היימישע ליאמע, טענץ, א שמועס באם עסטיש — אין אלע אזעלכע פאלן פלעגט מען זיך ניט באגיין אָן די דאָזיקע ניגונים. אמאָל פלעגן זיי אימפּראָוויזירט ווערן דורך א סאָליסט, אמאָל אונטערגעכאפּט ווערן דורך א כאָר (בלויז פון מענער), שטענדיק האָבן זיי געדינט אלס מוסטער פון היימישער געמיטלעכקײַט, עמעסער פרייד, הארציקן הומאָר און ראיוינעס, צומאָל אויך פון אומרו.

ריידנדיק וועגן די גוטע זײַטן פונעם באהאנדלטן בוך, דארף מען זיך אָפּשטעלן אויך אף איינעם א פעלער, וואָס איז כאראקטעריסטיש סײַ פאר אָט דעם בוך, סײַ פאר אייניקע אנדערע ווערק פון זעלבן אווטאָר. בא מ. בערעגאָווסקין פעלט צומאָל די געהעריקע אופמערקזאמקײַט צום אָפּקלײַב פון מאטעריאל, דאָס געפיל פון קריטיק און זעלבסטקריטיק. ער פארנעמט א פולשטענדיק ריכטיקע פּאָזיציע, ווען ער רעדט וועגן פאָלקלאָר ביכלאל, וועגן דעם, אז פאָלקלאָר פארמאָגט אין זיך ניט בלויז קלאָסאלע קינסטלערישע ווערטן, רעוואָליוציאָנערע, פּראָגרעסיווע, דעמאָקראטישע טענדענצן, נאָר אויך אנטיקינסטלערישע מאָמענטן, עלעמענטן פון רוטינע, אָפּגעשטאנענע אָנשויונגען און באגריפן, נאציאָנאליסטישן שימל. אין גרונט איז בערעגאָווסקי שטענדיק געווען טרײַ די דאָזיקע פּאָזיציעס זײַנע, ווען ער פלעגט קלײַבן און פארשרײַבן די פאָלקס־שאפונג. אין איינצלנע פאלן אָבער איז ער געווען ניט קאָנסעקווענט, פלעגט פּראָפּאגאנדירן ווײַט ניט די בעסטע מוסטערן פון פאָלקלאָר. דערוף איז אים אָנגעוויזן געוואָרן באם באהאנדלען זײַנע ווערק אינעם קאָמפּאָזיטאָרן־פארבאנד פון פססר אין 1960.

לאָמיר נעמען די ליד נומ. 40 „אין האָבער, אין קאָרן“ פון דער זאמלונג פון 1962 יאָר. זי איז ברייט באקאנט אינעם פּרעכטיקן וואריאַנט, וואָס איז באארבעט געוואָרן דורך עטלעכע קאָמפּאָזיטאָרן. צוליב וואָס האָט בערעגאָווסקי געדארפט דרוקן די לידער אין א פארקריפּלטער מעלאָדיע, ווו עס טרעפן זיך בעפיירעש צופעליקע, ניט אויסדרוקפולע אינטאָנאציעס? אנאלאָגישע פּרעטענזיעס קאָן מען אויך ארויסשטעלן בענעגייע אנדערע פּאָפּולערע לידער („אוי, שאט זשע, מעכוטאָנים אלע“, „איר פאָרט זיך שוין אוועק“, „האָב איך מיר א פּידזשעקעלע“). עס זײַנען פאראן בא בערעגאָווסקין אויך אזעלכע לידער, וועלכע מע האָט געמעגט אינגאנצן ניט דרוקן (די ניגונים, וואָס זײַנען אין דער זאמלונג געבראכט אונטער די נומערן 101 און 138), ווײַל קינסטלעריש שטעלן זיי מיט זיך פאָר א קנאפּן ווערט.

ניט געקוקט אָבער אף אייניקע כעסרוינעס, איז די זאמלונג „ייִדישע פאָלקס־לידער“ איינע פון די באדײַטנדיקסטע דערשײַנונגען אין אונדזער פאָלקלאָריסטיק. מוישע בערעגאָווסקיס ווערק באַרײַכערן די פאָרשטעלונג וועגן דער מוזיקאלער קולטור פונעם סאָוועטנפארבאנד, וועגן דער רײַכקײַט פונעם ייִדישן פאָלקלאָר.

וויקטאָר ווינאָגראדאָוו,

פארדינסטפולער קונסט־טוער פון דער קירגיזישער סאָוועטן־רעפּובליק.

# כראָניק

צום 60־טן געבורטסטאָג פונעם גענעראל־סעקרעטאר פון דער קאָמפארטיי פון ייִסראָעל שמועל מיקוניס האָט די רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד" צוגעשיקט דעם יובילאר פאָלגנדע באגריסונגס־טעלעגראם:

„טײַערער כאווער שמועל מיקוניס!

אין נאָמען פון די לייענער פון „סאָוועטיש־היימלאנד" **און פון די** ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער באַגריסן מיר אײַך צו אײַער 60־טן געבורטסטאָג. מיר ווינטשן אײַך פון גאנצן הארצן געזונט, אריכאס־יאָמים און גרויסע דערפאָלגן אין אײַער נאָבעלן קאמף פאר דער ליכטיקער צוקונפט פון דעם ארבעטנדיקן פאָלק פון ייִסראָעל".

ש. מיקוניס און דער מיטגליד פון פאָליטביוראָ פונעם צק פון דער קאָמפארטיי פון ייִסראָעל מ. ווילנער, וועלכע זײַנען לויט דער אײַנלאדונג פונעם צענטראל־קאָמיטעט פון קפּספּ געווען צוגאסט אין סאָוועטנפארבאנד, האָבן באזוכט די רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד" און געהאט א לענגערן שמועס מיט די מיטגלידער פון רעדקאָלעגיע און מיטארבעטער פונעם זשורנאל.

●

די פּראָגרעסיווע געזעלשאפטלעכקײַט פון קאנאדע האָט אָפּגעמערקט דעם 60־טן געבורטסטאָג פונעם הויפּט־רעדאקטאָר פון דער „וואָכנבלאט" יעשוע גערשמאן.

כ׳ גערשמאן, אן אָנגעזעענער סוער פון דער ארבעטער־באוועגונג אין קאנאדע, דינט שוין לאנגע יאָרן געטרײַ די אינטערעסן פון די פאָלקס־מאסן אלס שרײַבער, רעדאקטאָר און קולטור־בויער.

●

אין פוילן איז ברייט באצייכנט געוואָרן דער 20־טער יאָרטאָג פונעם העלדישן אופשטאנד אין ביאליסטאָקער געטאָ, וואָס האָט געדויערט פון 16־טן ביזן 30־טן אווגוסט 1943.

דער דאָזיקער אופשטאנד, שרײַבט אין זײַן ארטיקל דער הויפּט־רעדאקטאָר פון דער ווארשעווער „פאָלקס־שטימע" ה. סמאָליאר, וועט „אף אייביקע צײַטן ארויסשײַנען פון די בלעטער פון אונדזער געשיכטע, פון דער געשיכטע פון ווידערשטאנד קעגן די ברוינע קאניבאלן".

●

די פּראָגרעסיווע וואָכנשריפט „פרײַ ייִסראָעל" פײַערט האיאָר דעם 15־טן יאָרטאָג פון איר גרינדונג.

די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד" האָט צוגעשיקט א ווארעמע באגריסונג דער צײַטונג צו איר יובילײ.

●

איין און צוואנציק סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער זײַנען פאָרגעשטעלט מיט דערציילונגען, לידער און ארטיקלען אין צוויי נומערן (5 און 6 פון 1963) פונעם ניו־יאָרקער ליטערארישן כוידעש־זשורנאל „ייִדישע קולטור" (אָרגאן פונעם ייִדישן קולטור־פארבאנד „איקוף").

„ברוכים האבאָים!" — אזוי הייסט דאָס לייטארטיקל פון דער „ייִדישער קולטור", וואָס באגריסט די איניציאטיוו פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" וועלכער האָט אָרגאניזירט דעם דאָזיקן איבערוף צווישן די סאָוועטישע שרײַבער און די פּראָגרעסיווע ייִדישע שרײַבער פון אמעריקע.

●

סאָף אווגוסט האָט די ראדיאָ טראנסלירט איבערן גאנצן סאָוועטנפארבאנד א פּראָגראם אונטערן נאָמען „דער ליטערארישער ביראָבידזשאן".

אין אָנהייב פון דער טראנסליאציע איז באערט געוואָרן דער אָנדענק פון עמאנויל קאזאקעוויטש, וועלכער האָט אין זײַנע יוגנט־יאָרן געלעבט און געשאפן אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

עס זײַנען פאָרגעלייענט געוואָרן בוזי מילערס א נײַע דערציילונג „דער פאָנטאן און די שטערן" און איציק בראָנפמאנס א ציקל לידער. פאר די צוהערער זײַנען פאָרגעשטעלט געוואָרן די ביראָבידזשאנער שרײַבער העשל ראבינקאָוו, ליובע וואסערמאן, מיכאיל שעוועליעוו, עלא וואלערינא און אנד.

●

אין דער ליטערארישער וואָכנשריפט „ליטעראטורנאיא ראָסיא" נום. 34 איז אָפּגעדרוקט אן אויסצוג פון פּערעץ מארקישעס ראָמאן „טראָט פון דורעס" — „מארטשעלא די גאָלדהאָריקע" אין דער איבערזעצונג פון ע. לאזעבניקאָווא.

דער אויסצוג ווערט באגלייט מיט א באגײַסטערטן ארײַנפיר־ארטיקל פונעם גרויסן רוסישן שרײַבער וסעוואָלאָד איוואנאָוו, וואָס איז געשטאָרבן אין אווגוסט ד.י.

●

אינעם מעלוכע־פארלאג פאר קינסטלערישער ליטעראטור איז דערשינען הערש רעמעניקס בוך „שאָלעם־אלייכעם" — א גרעסערע קריטיש־ביִאָגראפישע אָפּהאנדלונג וועגן באליבטן פאָלקס־שרײַבער. דער פארלאג „דעטגיז" האָט ארויסגעגעבן אין א רוסישער איבערזעצונג ש. דריזס בוך „דאָס נײַגעריקע ייִנגל". „דאָס הארץ זאָל ניט ווייטאָן" — אזוי הייסט מארק ראזומניס נײַ בוך, וואָס איז דערשינען אין לעטלענדישן מעלוכע־פארלאג. דער שרײַבער הירש רעלעס האָט אין מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד פארעפנטלעכט א בוך דערציילונגען אין רוסיש „פרײַנט און באקאנטע".

●

אין מאָסקוער פארלאג פון מיזרעך־ליטעראטור איז דערשינען א זאמלונג ארטיקלען „סעמיטישע שפראכן". צווישן אנדערע גייט ארײַן אין בוך אן ארטיקל פונעם פארשטאָרבענעם פ. ל. שאפּיראָ „אייניקע וועגן און קוואלן אף צו דערגאנצן די אויצרעס פונעם ווערטער־פאָנד אין מאָדערנעם איווריט".

●

אין דער פאריזשער קונסט־גאַלעריי „דיו פאסעוד" איז פאנאנדערגעוויקלט א בילדער־אויסשטעלונג פונעם באקאנטן קינסטלער פון פאָלקס־פוילן רעפאָעל כוואָלעס.

ר. כוואָלעסעס שאפונג איז געווידמעט דעריקער די אכזאָריעסן פון די פאשיסטישע הענקער בענעגייע דעם ייִדישן פאָלק. א דערשיטערנדיקן אײַנדרוק מאכן זײַנע בילדער, וועלכע שילדערן די כאָרעווע ווילנע, ריגע, לובלין.

●

אין טעל־אוויוו איז דערשינען א נײַע לידער־זאמלונג פונעם באדײַטנדיקן דיכטער־קאָמוניסט פּייסעך בינעצקי — „אויסדויער". דאָס איז דאָס ערשטע בוך לידער פון פּ. בינעצקי, וואָס ווערט ארויסגעגעבן אין ייִסראָעל.



„דער זיבניאָר אין גאַנג“ — אַזוי האָט געהייסן די אַלפאַרבאַנדישע קינסטלערישע פאָטאָ־אויסשטעלונג פון 1963 יאָר, וואָס איז דעמאָנסטרירט געוואָרן אין מאָסקווער מאַנעזש. אויף די פּילצאָליקע פאָטאָ־בילדער האָבן די צושויער געזען דעם אופבלי פון אונדזער לאַנד, די מענטשן, וואָס שמעלצן שטאָל, בויען גיגאַנטישע עלעקטראָ־סטאַנציעס, באַקומען אַרויס נאַפט פון די טיפענישן פון דער ערד, פלאַנצן פרוכט־סעדער און ווייַנגערטנער.

מיר ברענגען דאָ דרייַ פאָטאָ־בילדער, וועלכע זייַנען פּרעמירט געוואָרן דורך דער זשורי פון דער אויסשטעלונג.

אויף דער בויונג פון דער קראַסנאָיאַרסקער הידראָעלעקטראָסטאַנציע. די עלעקטרישע פייַערן באַלייַכטן די וואַסערן פונעם באַצוווּנגענעם יעניסיי.

פאָטאָ — דמ. באַלטערמאַנץ.



די בריגאַדע פון כאַוועַרטעס.

פאָטאָ — י. סקוראַטאָוו.



עלעקטריפיקאַציע פון די אײַזנבאַנען.

פאָטאָ — ס. קאַסירעוו.

# שרײַבער און ווערק




דעם 2 סענטיאבער 1788 איז אין קרעמענעץ (פּאָדאָליע) געבוירן יִיצחאָק־בער לעווינזאָן (ריב״ל) — דער גײַסטיקער פירער פון דער האסקאָלע־באַוועגונג אין רוסלאַנד. י.־ב. לעווינזאָן האָט געפירט א קאמף פאַר שולן, וווּ מע זאָל די ייִדישע קינדער געבן וועלטלעכע בילדונג און אויסלערנען א מלאָכע. ער האָט גערופן די ייִדישע באַפעלקערונג, זי זאָל זיך אָפּזאָגן פון האנדל און לופט־פּאַרנאַסעס און אריבערגיין אף ערד־אַרבעט.



אין זײַן קאָמעדיע „די העפקער־וועלט" דעמאַסקירט י.־ב. לעווינזאָן די קאָהאָל־לײַט און באַלטאַקסעס. צום ערשטן מאָל איז די קאָמעדיע אָפּגעדרוקט געוואָרן אין שאָלעם־אַלייכעמס זאמלבוך „די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" אין 1888. י.־ב. לעווינזאָן איז געשטאָרבן אין 1860.

דעם 3 אָקטיאַבער ווערט 90 יאָר זינט עס איז געבוירן דער רוסישער סאָוועטישער שרײַבער וויאַטשעסלאַוו יאַקאָוולעוויטש שישקאָוו (1873—1945). פון זײַנע פּילצאָליקע ווערק זײַנען באַזונדערס באַוווּסט „די פּייפּוס־אָזערע", „אוגריום דער טײַך" און דער היסטאָרישער ראָמאַן „יעמעליאַן פּוגאַטשאָוו".



וויאַטשעסלאַוו שישקאָוו האָט אין זײַן עפּישן ווערק „יעמעליאַן פּוגאַטשאָוו" געגעבן א ברייט סאָציאַל בילד פונעם לעבן אין אונדזער לאַנד אין XVIII יה. דאָס אופגעשטאַנענע פאָלק איז באַוויזן אלס מעכטיקע היסטאָרישע קראַפט, וועמען עס געהערט די צוקונפט.

דעם 30 סענטיאַבער ווערט 90 יאָר זינט עס איז געבוירן יויסעף באָװשאָװער. צוזאמען מיט מאָריס ווינטשעווסקין און דאָוויד עדעלשטאַטן איז ער איינער פון די גרונטלייגער פון דער יידישער רעוואָליוציאָנערער דיכטונג.



באָוושאָוועס ווערק זײַנען דורכגעדרונגען מיט גלויבן אין סאָציאַליזם, מיט האס צו דער וועלט פון סאָציאַלן אומרעכט. באָוושאָװער איז געווען א ליריקער פון גרויסער מײַסטערשאַפט, א באַדײַטנדיקער נאָוואַטאָר פון פּאָעטישן וואָרט און בילד. זײַנע לידער „רעוואָליוציאָן", „צו מײַנע ברידער", „הייב אוף דײַנע אויגן", „צו מײַן מוזע" אא. זײַנען קלאַסישע מוסטערן פון קאַמפּעריישער פּראָלעטאַרישער דיכטונג.

באָוושאָוועס שאַפונג האָט איבערגעלאָזט א טיפן שפּור אף דער אנטוויקלונג פון דער יידישער סאָוועטישער דיכטונג.

געשטאָרבן איז יויסעף באָוושאָװער אין עלטער פון 42 יאָר אין ניו־יאָרק.

מיט 85 יאָר צוריק איז אין רזשישטשעוו (אוקראַינע) געבוירן דער פּראָזאַיקער און קריטיקער לאַמעד שאַפּיראָ (1878—1948). אָנהייב XX יה. איז שאַפּיראָ געקומען קיין וואַרשע, וווּ ער האָט זיך באַקענט מיט יִיצחאָק־לייבוש פּערעצן און אווראָם רייזינען. אונטער זייער האַשפּאָע הייבט ער אָן דרוקן זײַנע ערשטע סקיצן און דערציילונגען.



אין 1906 עמיגרירט שאַפּיראָ קיין אמעריקע, וווּ ער ווערט אינגיכן באַרימט מיט זײַנע דערציילונגען וועגן די צאַרישע פּאָגראָמען („דער צײלעם", „אין א טויטער שטאָט", שפּויך כאַמאָסכאָ" אא.).

אין 1883 איז געבוירן דער ליטעראַטור־קריטיקער שמועל ניגער, איינער פון די הויפּט־פאַרשטייער פון דער בורזשואַז־עסטעטישער קריטיק אין יִדיש. ש. ניגער האָט געזוכט אין דער קונסט ניט דאָס סאָציאַלע און אַלמענטשלעכע, נאָר דאָס נאַציאָנאַל־אָפּגעשיידטע. ער האָט געשאַפן א טעאָריע פון „ספּעציפישער" יידישער קונסט.



ניגערס נייגונג צום ריינעם עסטעטיזם האָט אים געשטערט צו באַנעמען דעם געזעלשאַפטלעכן און קינסטלערישן באַטײַט פון דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור. זײַן בוך: „יידישע שרײַבער אין ראַטנפאַרבאַנד" (דערשינען אין 1958) איז אן אויסדרוק פון פולער נעגאַציע פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור און אירע רעוואָליוציאָנערע טראַדיציעס.

ש. ניגער איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1955.

עס איז אלט געוואָרן 75 יאָר דער שרײַבער שמועל־יויסעף אגנאָן. ש.־י. אגנאָן וווינט אין ייִסראָעל, שרײַבט אין העברעיִש. זײַנע ראָמאַנען „האַכנאָסעס־קאַלע", „א גאַסט אף א ווײַל", ווי אויך פיל גרעסערע און קלענערע דערציילונגען שילדערן דאָס יידישע לעבן אין גאַליציע.



אייניקע פון אגנאָנס ווערק זײַנען געווידמעט אויך דער ייִסראָעל־טעמאַטיק.

אין זײַנע ראָמאַנען און דערציילונגען אנטפּלעקט זיך אגנאָן אלס טיפער פּסיכאָלאָג און גרויסער סטיליסט.

ש.־י. אגנאָן איז פאַר זײַן ליטעראַרישן שאַפן באַלוינט געוואָרן מיטן „ביאַליק־פּריז" און מיטן „ייִסראָעל־פּריז". א ריי זײַנע ווערק זײַנען איבערזעצט אין אייראָפּעיִשע שפּראַכן.

◆ אין 1903 יאָר איז אין טשערניכאָוו (אוקראַינע) געבוירן דער ייִדישער דראַמאַטורג מוישע גערשענזאָן.



אין זײַנע פּיעסן „הערשעלע אָסטראָפּאָליער" און „כעלמער נאַראָנים" האָט זיך גערשענזאָן אַנטפּלעקט אַלס אַ באַדײַטנדיקער קאָמעדיאָגראַף, מײַסטער פון שאַרפע הומאָרפולע סיטואַציעס.

אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע איז גערשענזאָן אַרויסגעטראָטן אויך אין די זשאַנרען פון פּאָליטישער אַלעגאָריע און פאַרצייכענונג.

אַלס אָפיצער פון דער סאָוועטישער אַרמיי איז גערשענזאָן געפאַלן אין שלאַכט קעגן פאַשיזם דעם 16 אַפּרעל 1943.

◆ דעם 5 אָקטיאַבער ווערט 60 יאָר זינט עס איז געבוירן דער ייִדישער סאָוועטישער שרײַבער לייזער קאַצאָוויטש (1953—1903).



ל. קאַצאָוויטש איז געווען טעטיק אין פאַרשיידענע ליטעראַרישע זשאַנרען: ער האָט געשריבן דערציילונגען, לידער, מעשאָלים, ליטעראַרישע פּאַראָדיעס. אַ וויכטיק אָרט אין זײַן שאַפן פאַרנעמט די טעמע פעלקערפרײַנטשאַפט און סאָוועטישער פּאַטריאָטיזם. אין זײַן לעצטן ראָמאַן „פון היים צו היים" האָט ל. קאַצאָוויטש איינער פון די ערשטע אין אונדזער ליטעראַטור געגעבן אַ בילד פונעם לעבן אין הינטערלאַנד בײַס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

◆ דעם 21 אָקטיאַבער איז דער 50־טער געבורטסטאָג פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטערן דאָרע כײַקין.



דער טעמאַטישער קרײַז פון כײַקינעס שאַפן איז ברייט און פאַרשיידנאַרטיק. אין אירע אינטים לירישע לידער ברענגט זי צום אויסדרוק די געפילן־וועלט פון אַ סאָוועטישער פרוי אין די אויספּרוּוון פון מילכאָמע און אין קאַמף פאַר איבערגעשטאַלטיקן די וועלט.

אין 1938 דערשײַנט דאָרע כײַקינעס זאַמלונג „לידער", אין 1941 — „לידער און פּאָעמעס". פאַראַיאָרן איז אין קיִעווער פאַרלאַג „ראַדיאַנסקי פּיסמעניק" דערשינען כײַקינעס אַ לידער־זאַמלונג אין דער איבערזעצונג אויף אוקראַיִניש.

◆ ס'איז אַלט געוואָרן 70 יאָר די קאָמפּאָזיטאָרן ריווע באָיאַרסקאַיאַ.



אין 1925 איז דערשינען איר ערשטע זאַמלונג פאַר קינדער פון פּאָרשול־עלטער „קלינגען העמערלעך". שפּעטער דערשײַנען אירע זאַמלונגען „אַרבעט, שפּיל, געזאַנג", „קליינע בויער", „לאָמיר זינגען" אאַ. באָיאַרסקאַיאַ האָט געשאַפן מוזיק צו די לידער פון פיל ייִדישע דיכטער. אירע מעלאָדיעס צייכענען זיך אויס מיט אַ באַזונדערער האַרציקײַט און מיט דער נאָענטקײַט צו די אורקוואַלן פונעם ייִדישן פאָלקלאָר.

---


**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Двухмесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*(на еврейском языке)*

**Год издания третий**

**Издательство «Советский писатель»**

**Главный редактор А. Вергелис.**

**Редколлегия: И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев** (ответственный секретарь), **Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.**

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отдел прозы — Б 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-12.
Художественный и технический редактор И. Шустер.

---

Подписано к печати 10/IX 1963 г. Формат 70×108[1]/[16]. Печ. л. 8(11,04). Бум. л. 4+вкладка.
Уч.-изд. л. 13,75. Цена 50 коп. Зак. 2311

---

Московская типография № 3 «Искра революции» Мосгорсовнархоза

Индекс
71393

Цена 50 коп.

# советиш ГЕЙМЛАНД

·СОВЕТСКАЯ РОДИНА·

**В НОМЕРЕ**

Нотэ Лурье. Небо и земля. Роман. (Конец первой части).

**Рассказы и повести** Р. Баумволь, И. Гордона, Х. Меламуда.

**Стихи** Р. Балясной, М. Голбштейна, Г. Ошеровича, М. Тейфа, З. Телесина.

**ЛИТЕРАТУРА И ИСКУССТВО**

Г. Марков. Современность и литература.

М. Нотович. О литературном наследии М. Литвакова.

В.. Виноградов. О книге М. Береговского «Еврейские народные песни».

Хроника, заметки на календаре.